אברהם זאַק

# געוועזן אַ יידיש פּוילן

(עסייען און דערמאָנונגען)



אַרויסגעגעבן פון פאַרבאַנד פון שארית־הפליטה
אין אַרגענטינע
בוענאָס־איירעס — 1968

# אינהאַלט:

# פון מחבר

דאָס איצטיקע בוך — „געווען אַ ייִדיש פוילן" — איז דער צווייטער באַנד פון זעלביקן זשאַנער וואָס „אין קיניגרייך פון ייִדישן וואָרט" (דער־שינען אין 1966) און נעמט אויך אַריין אַ צאָל גרעסערע און קלענערע עסייען און דערמאָנונגען.

דאָס איצטיקע בוך דערשיינט אין שייכות מיט מיינע עטלעכע שרייבערישע יובל־דאַטעס, וואָס פאַלן אויס אין 1968:

1. היי־יאָר איז געוואָרן 60 יאָר זינט איך האָב פאַרעפנטלעכט מיין ערשט ליד „וואָס ציט מיך אַזוי צו די וויסטע מקדשים" (אין ווילנער וואָכן־זשורנאַל „דער טאָג אויף שבת", אין 1908);

2. היי־יאָר איז געוואָרן 50 יאָר זינט עס איז דערשינען מיין ערשט בוך לידער „אַקאָרדן" (אין גראָדנע, 1918);

3. דאָס איצטיקע בוך איז דאָס 25סטע.

**באַמערקונג:** די ציפער 25 קאָן מען אפשר אָפּפרעגן, ווייל צווישן די 25 ביכער זיינען פאַראַן צוויי ווערק, וועלכע זיינען דערשינען אין צוויי בענד יעדעס: „קנעכט זיינען מיר געווען" און „אויף שליאַכן פון הפקר". לויטן חשבון פון ביכער־איינסן וואָלט זיך באַקומען די ציפער 27.

און ווייל אַ גאַר היפּשער טייל פונעם איצטיקן בוך איז געווידמעט דער שארית־הפליטה — די „נישט־דערקוילעטע" בעת דער טאָטאַלער היטלע־ריסטישער שחיטה אויף דער פוילישער ערד — און נעמט אויך אַרום דעם עקזאָדוס, דעם „יציאת פוילן" פון די רעשטלעך ייִדן, — איז דעריבער פאַרשטענדלעך די איניציאַטיוו מצד דעם פאַרבאַנד פון דער „שארית־הפליטה" אין אַרגענטינע, צו דערמעגלעכן, אַז מיין בוך „געווען אַ ייִדיש פוילן" זאָל קאָנען דערשיינען און פאַרשפּרייט ווערן.

האַלט דער מחבר פאַר זיין חוב דאָס צו דערמאָנען דאָ מיט פיל דאַנק־שאַפט פאַר די מענטשן פון גוטן ווילן.

א. ז.

# געוועז אַ יידיש פוילן...

## 1

ווען מיר מאַכן אַ געשיכטלעכן סך־הכל, האָט טויזנט יאָר לערך גע־
ציילט דער יידישער ישוב אין לאַנד פון דער ווײַסל. אין משך פון עטלע־
כע צענדליק דורות האָט ער טיפע וואָרצלען געשלאָגן אין דער פוילישער
ערד, ברייט זיך פונאַנדערגעוואָקסן, זיך צעצווײַגט און צעבליט.

פון די אַלע גלות־לענדער איז פוילן דאָס לאַנד, ווו יידן האָבן זיך
צום לענגסטן אײַנגעוואָרצלט און אויפגעהאַלטן. קיין שום גלות־ישוב
(אַחוץ בבל) האָט נישט געשפּילט אַזאַ ראָלע פאַרן וועלט־יידנטום ווי דער
ישוב אין פוילן. דער גרעסטער טייל יידן פון דער גאָרער וועלט ציען
זייער יחוס פון אַלטן פוילן. פון „אַלטן פוילן" מיינט — דאָס פוילן אין
זײַנע אַמאָליקע אויסגעברייטערטע גרענעצן, מיט ווײַסרוסלאַנד, אוקראַינע,
פּאָדאָליע, גאַליציע אײַנגעשלאָסן.

אין אַלע געביטן פונעם לעבן אין מדינת פוילן איז אויפגעשוווּמען
דער יידישער זשעני. אין דעם באַגינען פון דער יידישער געשיכטע אין
דאָזיקן לאַנד האָט דער ייד גענומען אויף זיך די מיסיע אויפצולעבן דעם
האַנדל און מלאכה, אין וואָס דאָס אָפּגעשטאַנענע לאַנד — דאָס אַגראַר־
לאַנד אין זײַנע אַלטע פעאָדאַלע פאָרמען — האָט זיך אַזוי שטאַרק גענויי־
טיקט. צו דעם טאַקע האָבן אים זײַנע ערשטע גאַסטגעבערס — די פּוילי־
שע מלכים און פירשטן — פאַרבעטן אין זייער מדינה. אָבער מיט דער
צייט, אין משך פון דורות, האָבן די יידן אין פוילן אַרויסגעוויזן זייערע
כשרונות, זייער „עספּרי" אין אַלע אַנדערע געביטן — סיי אין דער עקאָ־
נאָמיק, סיי אין דער פּאָליטיק, סיי אין קונסט און ליטעראַטור, סיי אין
דער וויסנשאַפט.

מיט טויזנטער פעדעם האָט זיך דער ייד אײַנגעוועבט אין דער פּוי־

לישערווירקלעכקייט. מיט לייב־און־לעבן האָט ער זיך צוגעבונדן און ליב באַקומען די פּוילישע ערד.

מיט אַ באַזונדער ספּעציפישן חן האָט אין משך פון דורות אויף דער פּוילישער ערד זיך צעצווייגט דאָס טראַדיציאָנעלע ייִדישקייט, דאָס אַלט־ייִדישקייט פון די פאָלקסטימלעכע ייִדן, פון די רעליגיעזע שיכטן. נאָכן אונטערגאַנג פונעם ייִדישן לעבן אין אַ ריי גלות־לענדער — אין שפּאַניע, אין פּאָרטוגאַל, אין דייטשלאַנד — איז פּוילן געוואָרן די לאַנג־דויערנדיקע היים פאַרן אַלטן טראַדיציאָנעלן ייִדנטום. אַ גאַנצע נעץ פון ישיבות האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער אַ ריי פּוילישע שטעט און שטעטלעך. דער קול־תורה האָט אַרויסגעקלונגען פון די ייִדישע פענצטערס. עס איז געווען אַ ייִדישע גאַס, אַ ייִדישע אַטמאָספער, אַ ייִדיש שטייגער־לעבן.

אינעם ייִדישן לעבן פון אַלטן פּוילן האָבן געגלאַנצט די נעמען פון אַזעלכע ייִדישע גייסטער פון דער רבנישער וועלט, ווי: מהרש״ל, דער ש״ך, רמ״א, טורי זהב, דער ווילנער גאון, ר׳ יהונתן אייבעשיץ, ר׳ עקיבא אייגער און פיל, פיל אַנדערע; די גאונים פון דער חסידישער וועלט מיטן בעש״ט בראש; די חסידישע „הייפן״ פון גער, קאָצק, אַלעקסאַנדער, פּשיסכע און אַ סך אַנדערע „הייפן״. די דאָזיקע „הייפן״ האָבן אַפילו באַקומען אויך אַ קינסטלערישן תיקון אין דער ייִדישער ליטעראַטור: אין די ווערק פון י. ל. פּרץ, שלום אַש, יוסף אָפּאַטאָשו און אַנדערע.

געלויכטן האָבן אין פּוילן אַזעלכע ייִדישע קהילות, ווי: ווילנע — ירושלים דליטא, וואַרשע, לובלין, קראָקע, לעמבערג, ביאַליסטאָק, גראָדנע אאַ״וו. זייער צאָל איז געווען גרויס, סיי אין די גרענעצן פון קרוין־פּוילן, סיי אין ליטע, רייסן און אוקראַינע — די אַלטע ממשלה פון פּוילן.

אומעטום האָט זיך געשפּרייט תורה, פון אומעטום האָט געקלונגען דער קול־יעקב. פון אומעטום האָט אַרויסגערעדט צו דער וועלט די ייִדישע עטיק, דאָס וואָרט פון אונדזערע נביאים. עס זיינען געווען ייִדישע מאַסן, וואָס האָבן די דאָזיקע רייד פאַרנומען און אַריינגעטראָגן זיי אין זייערע שטיבער.

אין משך פון דורות האָט זיך אין פּוילן אַ ייִדיש לעבן געוועבט; אַ לעבן פון גרויער וואָך און פון הייליקן שבת, פון גרויע וואָכעדיקע און חדווהדיקע יום־טובים. עס איז במשך פון יאָרן באַשאַפן געוואָרן דער ייִדישער שטייגער, דער ייִדישער נוסח, סיי אין זיין וואָכעדיקייט, סיי אין זיין דערהויבנקייט. ס׳איז געבוירן געוואָרן די ייִדישע סקאַרבאָווע נגינה,

דאָס ייִדישע פֿאָלקסליד, דער ייִדישער איכה־אַקאָרד און די ייִדישע רקידה, די ייִדישע שמחה און התלהבות.

נאָר דאָס קאָמפּאַקטע פּוילישע ייִדנטום האָט געקאָנט געבוירן אַזאַ ברייטע באַוועגונג ווי ס'איז געווען דער חסידיזם, וואָס האָט באַהערשט די געמיטער און הערצער פֿון פֿיל הונדערטער טויזנטער ייִדן; אַ באַוועגונג, וואָס איר גייסטיקער פֿאָטער איז געווען אַזאַ לויטערע פּערזענלעכקייט ווי דער בעש"ט.

און ווי פֿאָלקסטימלעך שיין און ריין, ווי צניעותדיק האָט זיך געוועבט דאָס שטייגערישע לעבן אין די אַלטע פּוילישע ייִדישע שטעט און שטעט־לעך:

מיט כּלי־זמרים און מצווה־טענצלעך האָט מען חתונות געפּראַוועט; חופּות ביי שולן געשטעלט; מיט פֿאַרביקע הבדלות חתן־כּלה איבער די געסלעך צו־און־פֿון דער חופּה באַגלייט.

מיט פּסוקים פֿון תהילים, מיט „צדק לפניו יהלך" און מיט „צדקה תציל ממות" איז מען צו לוויות געגאַנגען. אין בתי־מדרשים האָבן פֿאַרן עמוד תּמיד יאָרצייט־ליכט געברענט. די נשמות פֿון די ייִדן אויפֿן עולם־האמת האָבן נישט איבערגעריסן דעם קשר מיט דער פֿאַרלאָזענער עדה. ווער רעדט נאָך אין די טעג פֿון הזכּרת־נשמות — דעמאָלט האָבן דאָך די דאַוונערס ממש געפֿילט בחוש, ווי די לופֿט איז אָנגעפֿילט מיט די נשמות פֿון די ייִדן, וואָס האָבן פֿאַרלאָזט דעם פּרוזדור — די זינדיקע וועלט...

אַזוי יאָר־איין, יאָר־אויס, דור־איין, דור־אויס.

אויף אַלץ איז געווען אויסגעגאָסן ייִדישער חן, ייִדישער חותם, ייִדי־שער נוסח.

און ווייל די ליבע פּונעם ייִד צו דער פּוילישער ערד איז כּסדר גע־שטיגן, איז אויך געוואַקסן זיין מסירת־נפש פֿאַר איר, זיין גרייטקייט זיך מקריב צו זיין פֿאַר פּוילן, ווי פֿאַר אַ פֿאָטערלאַנד. און דערפֿאַר טאַקע זעען מיר ייִדישע העראָיִק ביי כלערליי געשיכטלעכע געלעגנהייטן — ווען פּוילן האָט דעם ייִד גערופֿן ער זאָל זיך שטעלן אין די רייען פֿון אַלע זיינע טרייע זין:

— „פֿאַר אונדזער און פֿאַר אייער פֿרייהייט!" („זאַ נאַשאָן אי וואַשאָן וואָלנאָשטש").

און ייִדן האָבן זיך קיין מאָל נישט געוואַקלט; תּמיד געווען פֿון די ערשטע אין קאַמף פֿאַר פּוילן קעגן געמיינזאַמען שונא. צי דער שונא איז

געקומען פון מזרח — פון צאַרישן רוסלאַנד, צי פון מערב — פון פּרייסנ־טום. פון דעם דאָזיקן מקור שטאַמען טאַקע דער לעגענדאַרער מיליטערישער העלד בערעק יאָסעלעוויטש, דער גרויסער פּאַטריאָט הרב מייזעלעס פון קראָקע און די פיל, פיל אַנדערע יידישע העלדן, — איינשליסלעך די טויזנ־טער אָפענע און אַנאָנימע יידישע קעמפערס, וועלכע זיינען געפאַלן פאַר פּוילן אין וואַרשעווער פּוילישן אויפשטאַנד קעגן נאַצישן אָקופּאַנט אין יאָר 1944, אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל באָר־קאָמאַראָווסקי; און אַזוי אויך די פרייוויליקע יידישע קעמפערס אין די פּוילישע דיוויזיעס, וואָס האָבן זיך פאַרמירט בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה אויף דער סאָ־וויעטישער טעריטאָריע — סיי פריִער אין דער אַנדערס־ אַרמיי, סיי שפּעטער אין די פּראָ־סאָוויעטישע „קאָסציושקאָ"־ און „דאָמבראָווסקי"־דיוויזיעס.

און ווען אין אונטערגעדריקטן פּוילן, אין די צאַרישע צייטן, האָבן גע־נומען בלאָזן פרייהייט־ווינטן, איז פּאַראַלעל אויך אויסגעוואַקסן אַ פּילפּאַך פאַרצווייגטע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע האָט אַריינגעשריבן אַ הערלעך קאַפּיטל אינעם קאַמף קעגן צאַרישן יאָך. פון איין זייט די אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און פון דער צווייטער זייט די ציוניסטישע פּאַרטייען פון אַלע שאַטירונגען, סאָציאַליסטישע און בירגערלעכע, האָבן באַהערשט די יידישע גאַס מיט נייע אידעען, מיט נייע חלומות... פון איין זייט איז דער קאַמף דערגאַנגען צום אַפּאָטעאָז פון העלדישקייט, וואָס האָט געהייסן „הירש לעקערט" און „ברוך שולמאַן"; פון דער אַנדערער זייט האָבן פאַרקלונגען צווישן די יידישע מאַסן די דערמוטיקנדיקע טענער פון משיחישן „עוד לא אבדה"... דאָס ליד וועגן נאַציאָנאַלער אויסלייזונג פון פאָלק און לאַנד...

זינט די דאָזיקע מאָדערנע יידישע באַוועגונגען איז דאָס יידישע לעבן אַריינגעטראָטן אין אַן אַנדער פאַזע. דער יידישער נאַציאָנאַלער געדאַנק האָט זיך געקרעפטיקט און צעמענטירט און האָט געגעבן זיינע אויסשטראַ־לונגען מחוץ די גרענעצן פון פּוילן, באַווירקנדיק די יידישע ישובים אין דער ברייטער וועלט, אין אַלע לענדער פון דער יידישער צעשפּרייטקייט.

אין פּוילן איז אין משך פון דורות באַשאַפן געוואָרן אַ יידיש שריפטום — די יידישע ליטעראַטור, די יידישע שפּראַך. דאָס יידישע מאַמע־לשון אין מויל פון מיליאָנען יידן האָט דערגרייכט צו דער מדרגה פון אַן איי־ראָפּעיִשער שפּראַך. צִיִענדיק איר געגעזע, איר יניקה פון דייטש, האָט די

יידישע שפּראַך אויפן נייעם באָדן, אין מדינת פוילן, וואָס ווייטער אַלץ מער זיך אָפּגעפרעמדט פון איר אָפּשטאַם, האָט געשאַפן בהדרגה אייגענע פאָרמען, אייגענעם כאַראַקטער, אייגענע פאַרבן און ניואַנסן, אייגענעם אינהאַלט, אַן אייגענע אידיאָמאַטיק, אייגענעם פשט פון ווערטער. אַזוי, לדוגמא, איז פון דייטשן וואָרט „אַבשוי" (עקל) געוואָרן דאָס קעגנזעצלעכע „אָפּשיי" (דרך־ארץ, פיעטעט). אַזוי איז געשען מיט אַ סך אַנדערע באַגריפן און פאַרטייטשונגען. אַסימילירנדיק אין זיך אַ גרויסן פּראָצענט העברעיִשע ווערטער; אַריינגעמענדיק אין זיך אַ געוויסן סכום סלאַווישע עלעמענטן, איז יידיש מיט דער צייט געוואָרן אין גאַנצן זעלבשטענדיק און געוואָרן סיי די שפּראַך פון די מאַסן, סיי די שפּראַך פון דער ליטעראַטור.

פּאַראַלעל מיט יידיש האָבן יידן אויך נישט פאַרגעסן די שפּראַך פון אונדזער חומש, די שפּראַך פון אונדזערע נביאים. אין משך פון אַלע יידי־שע דורות איז דאָך לשון־קודש געווען די שפּראַך פון אונדזערע תפילות; די שפּראַך, וואָס איז באַנוצט געוואָרן פאַר השתפכות הנפש; די שפּראַך פון אַלע גאוני ישראל; די שפּראַך פון דער גאַנצער רבנישער ליטעראַ־טור און ביז דורות ווייטער, ביז דער השכלה־עפּאָכע — ווען עס האָבן שוין געבלאָזן נייע ווינטן, ביז אַברהם מאַפּו און יהודה־לייב גאָרדאָן, ביז חיים־נחמן ביאַליק און שאול טשערניכאָווסקי, ביז אַחד־העם, נחום סאָקאָ־לאָוו, דוד פרישמאַן, זלמן שניאור אאַ״וו.

פּאַראַלעל מיט אונדזער אַלטן יידישן לעבנס־שטייגער האָט זיך אין פוילן ברייט אַנטוויקלט און פונאַנדערגעבליט אַ וועלטלעכע יידישע קול־טור, אַ יידישע ליטעראַטור, אַ יידיש פאַרלאַג־וועזן, אַ רייכע יידישע פּרעסע, אַ נעץ פון יידישע מאָדערנע שולן פון פאַרשיידענע אידעאָלאָגיעס: „צישאָ", „תרבות", „שולקולט" און בתי־ספר פון רעליגיעזער באַפאַרבונג; אַ יידיש טעאַטער פון אַ הויכן ניוואָ. די „ווילנער" מיט זייערע קינסטלע־רישע סצענישע קרעאַציעס וואָלטן געווען אַ כבוד פאַר יעדן פאָלק!

עס האָט פולסירט אויף דער יידישער גאַס אַ ניי וועלטלעך יידיש לעבן.

צום וואָרט איז געקומען דער יידישער שריפטשטעלער.

פרץ, רייזען, אַש, נאָמבערג און בכלל די גאַנצע פּלעיאַדע דיכטערס און שריפטשטעלערס אין פוילן — אַלע זיינען זיי באַהאַפטן געווען מיטן פוילישן פּייזאַזש, מיט די טאָפּאָלן אויף די פוילישע וועגן, מיטן פוילישן הימל. ביי שלום אַשן איז די פוילישע לאַנדשאַפט באַפאַרבט מיט יידישן חן.

די ווייסל רעדט ביי אַשן יידיש... אויפן פּאָן פון די פּוילישע בערג און די פּוילישע וועלדער זעען מיר פּרצעס פערסאָנאַזשן, די העלדן פון „חסידיש" און „פאָלקסטימלעכע געשיכטן"; די לידער פון פיל יידישע דיכטערס קלינגען מיט דינעם, פאַרבאָרגענעם טרויער פון פּוילישן גאָלדענעם האַרבסט...

## 2

און ס'האָט זיך אין פלוג געקאָנט טראַכטן, אַז יידן מיט פּאָליאַקן האָבן אַ געמיינזאַמע שפּראַך; אַ טראַדיציאָנעלע פריינדשאַפט בינדטביידע פעל־קער, וואָס לעבן אונטער איין הימל, וואָס אָטעמען מיט דער זעלביקער לופט. אַזוי האָט עס אויך געפילט פּוילנס גרעסטער דיכטער אַדאַם מיצ־קעוויטש, וואָס האָט דאָס יידישע פאָלק אָנגערופן: „אונדזער עלטערער ברודער"... טאָמער פלעגן אַ מאָל, אין פאַרשיידענע צייטן, אַרויסשווימען פון צווישן פּאָליאַקן יידישע שונאים — דער עיקר פון קאַטוילישן קלער — וואָס פלעגן אונדז רודפן און העצן קעגן יידן דעם רויען המון, פלעגן עס יידן פרוון באַגאַטעליזירן; פלעגן עס פרוון אויסטייטשן ווי אַן „עפּי־זאָד"... באַ! נישט אַלע פּאָליאַקן זיינען דאָך רשעים... נישט אַלע זיינען דאָך צוררי־ישראל... מיר פלעגן זיך נישט צו־שטאַרק איבערנעמען מיט די נאָוואַטשינסקיס פון אַלע צייטן — מיר פלעגן זיך תמיד טרייסטן מיט אַזעלכע הומאַניסטן, ווי: יאָאַכים לעלעוועל, אַדאַם מיצקעוויטש, ציפּריאַן נאָרוויד, מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ, עליזאַ אָזשעשקאָוואַ, סטאַניסלאַוו פּשיבישעוו־סקי, קאַזימיר טעטמייער און סטעפאַן זשעראָמסקי — ביז העט ווייטער, ביז סאָפיאַ נאַלקאָווסקאַ, בראָניסלאַוו בראָניעווסקי, דעם מחבר פונעם ליד „זשידאָם פּאָלסקים", וואָס קלינגט מיט אַזעלכע וואַרעמע טענער פון מיט־געפיל און ליבע צום פיל געפּרוווטן פאָלק ישראל.

און אין דער אמתן, אין פאַרגלייך מיט דעם יידישן מצב אין מיטל־עלטערלעכן מערב־אייראָפּע, ווו יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין פון „קרייצ־צוגן", גירושים און אַנדערע רדיפות און נגישות, איז דער געאָגראַפישער פּונקט פּוילן געווען בדרך־כלל נאָך צו דערליידן. אין אַ ריי מערב־אייראָ־פּעישע לענדער האָט מען אין יענע פינצטערע מיטל־עלטערלעכע צייטן אָנגעטאָן יידן כלערליי מיתות־משונות: געברענט איברים, געשניטן צינ־גער, פאַרברענט אויף אויטאָ־דאַ־פעס לעבעדיקערהייט און דערביי נאָך

יעזויטיש־פרום געשעפטשעט: „באַרעמהאַרציקייט און גערעכטיקייט"... אַזוי איז עס געווען אין שפּאַניע, אין פּאָרטוגאַל, ביי די טייכן פון ריין, סען, מאָלדוי אאַ"וו, ווו ייִדן זיינען געגאַנגען מוטיק צום מאַרטירער־טויט מיט תהילים־געזאַנג און מיט דער ברכה „על קידוש השם"... נישט אומזיסט זיינען פול מיט אַזוי פיל קלאָג־לידער אונדזערע פיוטים און סליחות, וואָס ייִדן זאָגן עד־היום אין די טעג פון חשבון־הנפש...

פון צייט צו צייט פלעגן זיך אויך די גלחים אין פוילן פּאַרמעסטן נאָכצוטאָן דעם ביישפּיל פון די יעזויִטן אין מערב־אייראָפּע. נישט תמיד פלעגט עס זיי געלינגען. און ווען זיי איז עס יאָ געלונגען, זיינען זיי אין זייערע אַכזריותן נישט אָפּגעשטאַנען פון יענע יעזויִטן און האָבן אויך איינגעאָרדנט די אויטאָ־דאַ־פע־ספּעקטאַקלען אויף עפנטלעכע פּלעצער. אַזוי האָט מען געברענט ייִדן לעבעדיקערהייט אין ברעסלוי, קראָקע, לעמ־בערג, צויזמיר, פּויזן און אין אַנדערע פּוילישע שטעט; אין די שטעט, וואָס האָבן געהערט אַמאָל צום אַלטן פּוילן.

אין דער העצע קעגן ייִדן זיינען געלאָזט געוואָרן אין גאַנג די ווילד־סטע בילבולים, אַז ייִדן שעכטן כלומרשט קריסטלעכע קינדער צו מצות; שענדן די „האָסטיע" וכדומה. אַזעלכע „עפּיזאָדן" האָבן זיך אין פּאַרלויף פון די טויזנט יאָר ייִדיש לעבן אין פּוילן נישט אַזוי זעלטן איבערגעחזרט.

אָבער אַנטקעגן די העצעס מצד דעם פּוילישן קלער זיינען די ייִדישע קהילות געווען געגנוג שטאַרק. עס האָט, אמת, געקאָסט ייִדישע קרבנות, אָבער ייִדן האָבן זיך נישט איינגעבראָכן. אויף זייער זייט זיינען אין יענע מיטל־עלטערלעכע צייטן געווען, ווי דערמאָנט, די פּוילישע מלכים און שרים, וועלכע האָבן גראָד געזען אין ייִד אַ נוצלעכן עלעמענט. ביי די קע־ניגלעכע הייפן זיינען, אַגב, אויך געווען ייִדן קרובים־למלכות — שתדלנים, וואָס האָבן געדינט דעם ייִדישן כלל. לויט מסורות, האָבן מיר אַפילו גע־האַט אין פּוילן אַ ייִדישע אסתר־המלכה. די באַקאַנטע אסתרקע פון קאַ־זשמיערזש ביי דער ווייסל, די טאָכטער פון אַ ייִדישן שניידער, אין וועל־כער עס האָט זיך פאַרליבט דער פּוילישער קעניג קאַזימיר דער גרויסער (אין 14טן יאָרהונדערט). צוליב זיין ליבע צום ייִדישן מיידל האָט קאַזימיר געטאָן פיל גוטס צו ייִדן. דערמאָנט עס אונדזער אַלטע פּורימדיקע מגילה, די מעשה פון אסתר המלכה און מלך אַחשוורוש.

אַגב־אורחא: אויף דער דאָזיקער טעמע האָט דער באַקאַנטער ייִדישער דיכטער ש. י. אימבער (דער קדוש פון לעמבערגער געטאָ) ביי זיינע ער־

שטע דיכטערישע טריט אָנגעשריבן אַ גרויסע פּאָעמע א״נ „אסתרקע״ און מיט דער דאָזיקער פּאָעמע איז אימבער אַריין טרזומפאַל אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אַ צווייטער ייִדישער דיכטער — אַהרן צייטלין — האָט אָנגע־שריבן אַ פּיעסע אויף דער טעמע „אסתרקע״. אסתרקע דעם ייִדישן שניי־דערס טאָכטער און דער קעניג קאַזימיר, וואָס האָט זי אַריינגענומען אין זיין הויף פאַר אַ מלכה.

מען קאָן בכן קאָנסטאַטירן, אַז אין משך פון די טויזנט יאָר ייִדישע געשיכטע האָבן ייִדן אין פּוילן געהאַט לפי ערך נישט ווייניק פּעריאָדן פון רעלאַטיווער מנוחה, אין דער צייט ווען אין אַנדערע מיטל־עלטערלעכע מדינות האָבן נאָך עקסיסטירט געטאָס פאַר ייִדן, האָט זיך אין פּוילן גע־וועבט ייִדיש לעבן, פאַרמירט אַ ייִדישע גאַס, ייִדישער שטייגער.

אַ גרויס אומגליק פאַר ייִדן אין פּוילן איז געקומען פון אַן אַנדער זייט — פון אוקראַינע, וואָס האָט דעמאָלט געהערט צו פּוילן. דאָס איז געווען דער בונט פון די רוסישע קאָזאַקן און היידאַמאַקעס אונטער דער אָנפירונג פון אַטאַמאַן באָגדאַן כמיעלניצקי (אַגב: דער זעלביקער פּאָגראָם־העלד טאָקע, וועמען מען האָט אין סאָוויעטישן לעמבערג אויפגעשטעלט אַ דענקמאָל... דאָס איז זייער האַרמאָניש מיט דער סאָוויעטישער אַנטיסע־מיטישער פּאָליטיק — אין סטאַלינס צייטן און אויך נאָך דעם, אין די צייטן פון כרושטשאָוו, קאָסיגין און חברותא...). דער בונט אין דער דע־מאָלטיקער אוקראַינע איז אייגנטלעך געווען קעגן די פּוילישע פּריצים און מאַגנאַטן, אָבער געשאָכטן האָבן די צעיושעטע האָרדעס דער עיקר ייִדן. אין יענע בלוטיקע יאָרן (גזירות ת״ח ות״ט — 1648־1649) זיינען חרוב געוואָרן הונדערטער ייִדישע קהילות און הונדערטער טויזנטער ייִדן זיינען אויסגעשאָכטן געוואָרן דורך די בלוטיקע כמיעלניצקי־רוצחים. די חרובע ייִדישע קהילות נעמיראָוו, טולטשין, האָמעל, סטאַראָדוב, פּאָלאָנע, קאָנס־טאַנטינאָוו און פיל אַנדערע זיינען געבליבן ווי אַ מעמענטא אין דער ייִדי־שער געשיכטע. לערך 700 ייִדישע קהילות זיינען חרוב געוואָרן אין יענע פינצטערע צוויי יאָר. וועגן דעם דערציילט אויספירלעך דער שרייבער און כראָניקער פון יענער צייט נתן־נטע האַנאָווער אין זיין ספר „יון מצולה״.

אוקראַינע איז בכלל תמיד געווען פאַר ייִדן אַ מקום מוכן לפּורעניות.

און דאָ אַ קליינע דיגרעסיע אין צייט: אויך אין אונדזער נייער צייט האָט כמיעלניצקיס פּראָטאָטיפּ, פּעטליורא, איבערגעחזרט די בלוטיקע מע־שים פון זיין רבין כמיעלניצקי. אין די יאָרן 1918—1919 זיינען צענדלי־

קער, צענדליקער יידישע קהילות אין אוקראַינע אויסגעשאָכטן געוואָרן דורך פעטליוראַן און זיינע באַנדעס. הונדערטער טויזנטער יידישע לעבנס זיינען פאַרשניטן געוואָרן אויפן אַכזריותדיקסטן אופן. יידיש האָב־און־גוטס איז געוואָרן רויב פון די פּאָגראָם-העלדן. פאַר יענע טייכן יידיש בלוט איז כאָטש שפּעטער געקומען די האַנט פון נקמה; די האַנט פון יידישן העלד און גואל־הדם, שלום שוואַרצבאַרד. בעת דער בלוטיקער אַטאַמאַן פעטליוראַ האָט אין איינעם אַ טאָג פּאַראַדירט אויף אַ פּאַריזער גאַס, האָט אים אומגעריכט געגרייכט אַ קויל פון שלום שוואַרצבאַרדס רעוואָלווער. דער אַטאַמאַן האָט באַצאָלט מיט זיין קאָפּ פאַר זיינע מעשים־תעתועים און שוואַרצבאַרד איז דורכן פראַנצייזישן געריכט פרייגעשפּראָכן געוואָרן.

נאָך פוילנס צעטיילונג האָבן יידן קיין גרויסע אויפטרייסלונגען נישט איבערגעלעבט אויף דער פוילישער ערד. אונטער דער צאַרישער קנעכט־שאַפט האָבן צוזאַמען געקרעכצט ייד און פּאָלאַק. בלויז פון צייט צו צייט פלעגן די פוילישע יידן־פרעסערס אַ פּרווו טאָן זייערע נעגל... אָבער קיין צו־גרויסן כוח האָבן זיי דאָך שוין נישט געהאַט. אַגב האָבן שוין אין מערב־איירָאָפּע געבלאָזן אַנדערע ווינטן. די פראַנצייזישע רעוואָלוציע מיט אירע הומאַניטאַרע לאָזונגען: „פרייהייט, גלייכקייט, ברודערשאַפט״ האָט גע־וואָרפן שטראַלן איבער דער גאַנצער וועלט און אויך אין פוילן זיינען פאַר־פלויגן פונקען פון יענעם גרויסן פלאַם. דער 19טער יאָרהונדערט איז דעריבער פאַר די יידן אין פוילן געווען אַ רעלאַטיוו רויקערער.

## 3

און גראָד דער פּעריאָד פון פוילנס באַפרייונג, ביים סוף פון דער ער־שטער וועלט־מלחמה, ווען פוילן איז ווידער געוואָרן זעלבשטענדיק — גראָד דער דאָזיקער דערהויבענער באַפרייונג־פּעריאָד איז באַפלעקט געוואָרן מיט יידיש בלוט. אין אונדזער אַלעמענס זכרון זיינען געבליבן די פּאָגראָ־מען איבער יידן אין אַ ריי שטעט זינט 1919: אין לעמבערג, אין קיעלץ, אין כזשאַנאָוו, אין קאַליש, אין טשענסטאָכאָוו, אין גראָדנע (דער באַקאַנ־טער פּאָגראָם דאָרט אין „פערשטאַט״), אין ווילנע, ווו ס׳איז דורך פוילישע מונדירטע דערשאָסן געוואָרן אויף דער גאַס דער יידישער דראַמאַטורג א. וויטער און ווו אויך ש. ניגער און לייב יפה האָבן שיער נישט פאַרלוירן דאָס לעבן דורך די פוילישע צעיושעטע מונדירטע כוליגאַנעס. נאָר דורך

אַ נס זײַנען זײ געראַטעװעט געװאָרן פון אַ זיכערן טױט. דאַן די מאַסן־דערשיסונג פון אַ ציוניסטישער יוגנט־פאַרזאַמלונג אין פּינסק. אַ נבלה, װאָס האָט אַרײַנגעװאָרפן אין אַ פּאַניק די ייִדן אין פּױלן: זײַנען דאָך די שאָסן געקומען נישט פון סתם כוליגאַנעס, נאָר פון מונדירטע, פון אַ לע־גאַלער מאַכט!

די שטימונג בײַ די ייִדן אין פּױלן איז דעמאָלט געװען אַזאַ, גלײַך װי זײ װאָלטן געלעבט צװישן קאַניבאַלן... גלײַך װי זײ װאָלטן אַרײַנגעפאַלן אונטער דער ממשלה פון אַ דזשינגיס־כאַן...

און איז אָנגעקומען די באָלשעװיסטישע אינװאַזיע אױף פּױלן, אין 1920, האָט זיך באַלד אָנגעהײבן אַ װיסטע העצע קעגן ייִדן: אַז ייִדן זײַנען כלו־מרשט באָלשעװיסטישע אַגענטן און שפּיאָנען און נישט אײן ייִד האָט באַ־צאָלט מיטן לעבן. װי אַ „באָלשעװיסטישער שפּיאָן" איז אַזױ אַרום אױך דערשאָסן געװאָרן אין פּלאָצק הרב שפּירא, װאָס האָט אַן אײַנגעהילטער אין טלית און תפילין, אַ דאַװנענדיקער, אַרױסגעקוקט פון זײַן באַלקאָן צו דער גאַס; האָבן די כוליגאַנעס געזאָגט, אַז דאָס האָט ער פון זײַן באַלקאָן געגעבן סיגנאַלן צו די באָלשעװיקעס...

און װער פון די פּױלישע ייִדן געדענקט נישט דעם לאַגער אין יאַב־לאָנע (הינטער װאַרשע)? אַ לאַגער, װוּ מען האָט געהאַלטן פאַרשפּאַרט ייִדישע זעלנערס, אָן אונטערשייד פון ראַנג, צוליבן בילבול, אַז אַלע ייִדן זײַנען באָלשעװיקעס און מען טאָר זײ נישט לאָזן אין די רײען פון דער פּױלישער אַרמײ... דער דערפינדער און שאַפער פון דאָזיקן קאָנצענטראַ־ציע־לאַגער איז געװען דער אַנטיסעמיטישער פּױלישער גענעראַל האַלער. לערך 10 טױזנט ייִדישע מיליטער־לײַט זײַנען געװאָרן אײַנגעשלאָסן אין יענעם מיליטערישן לאַגער. יאַבלאָנע איז אַפילו אַרײַן אין ייִדישן פאָלק־לאָר. פאָלקסזינגערס האָבן װעגן יאַבלאָנע לידלעך פאַרפאַסט, װאָס מ'האָט געזונגען אין די װאַרשעװער הײפן.

זאָל דאָ פאַרצײכנט װערן לזכר עולם אַ גבית־עדות פון אַן עד־ראיה — פון אַ ייִד, װאָס איז אַלײן דעמאָלט געװען אַ קרבן אין לאַגער יאַבלאָ־נע. און דאָס איז העברי רובינליכט, שױן איצט אַ בן־שבעים, װעלכער װױנט איצט אין מאָנטרעאָל. העברי איז אַ ברודער פונעם װאַרשעװער סקולפּטאָר פעליקס רובינליכט (דער קדוש פון װאַרשעװער געטאָ), פון דער באַקאַנטער אַקטריסע בעלאַ בעלערינאַ (פון דער אַמאָליקער „װילנער טרופּע") און אַ שװאָגער פונעם שרײַבער ב. קאַרלינױס ע"ה.

רובינליכט דערציילט אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס“* וועגן יאַבלאָנע, אַז די דיסציפּלין איז דאָרט געווען זייער אַ שטרענגע. די וועכטערס פון לאַגער זיינען געווען ס׳רוב „פּאָזנאַנטשיקעס“, וועלכע האָבן אומאויפהער־לעך באַליידיקט און געשלאָגן די ייִדישע סאָלדאַטן. מען האָט אויך דער־שאָסן ייִדן. געשלאָפן זיינען די ייִדישע סאָלדאַטן אין לאַגער אויף הוילע ברעטער. עסן האָבן זיי באַקומען בלויז איין מאָל אין טאָג און דאָס נאָר אַ ביסל וואַסער־זופּ. דערפאַר איז די אַרבעט פאַר די ייִדישע סאָלדאַטן אין לאַגער געווען אַ זייער שווערע און — לחלוטין אַ נישט־נוצלעכע. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי געמוזט אַריבערטראָגן גרויסע באַן־רעלסן פון איין פּלאַץ אויף אַ צווייטן. פיל ייִדישע סאָלדאַטן זיינען פון דעם לחלוטין אויסגעמאַטערט געוואָרן. זיי זיינען אָפּגעשטאַנען און פאַרלוירן די כוחות. מען איז געפאַלן ווי פליגן...

אין משך פון צוויי חדשים זיינען די ייִדישע סאָלדאַטן געפייניקט גע־וואָרן אין דעם יאַבלאָנע־לאַגער. לסוף איז די גייס וועגן דעם, זומער 1920, דערגאַנגען צום אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס, וואָס האָט באַשלאָסן צו שיקן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע קיין פּוילן, כדי אויסצופאָרשן די האַנד־לונג פון די דעמאָלטיקע מאַכטהאָבערס פון דעם נייעם פּוילן.

ווען די פירערס פון פּוילן האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָבן זיי באַשלאָסן אויף גיך צו ליקווידירן דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר די טויזנטער ייִדישע סאָלדאַטן. דאָס איז געטאָן געוואָרן במשך פון דריי טעג. די ייִדישע סאָלדאַטן זיינען אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין משא־וואַגאָנען וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַר בהמות. מען האָט זיי אַרומגעשלעפּט אָן עסן און ביי אומדערטרעגלעכע היגיענישע באַדינגונגען. אויך אין וועג האָט מען זיך איבער זיי איזדיעקעוועט, באַגלייט מיט זידלערייען און קלעפּ. פיל זיינען אויסגעגאַנגען אין די שמוציקע וואַגאָנען.

עס האָבן דעמאָלט נישט געפעלט — דערציילט העברי רובינליכט — קיין לוויהס פון אונדזערע ברידער; געווען זיינען דאָס פרישע קרבנות פון דעמאָלטיקן נייעם און באַפרייטן פּוילן...

ווען רובינליכט איז, אין 1946, געווען אויף אַ באַזוך אין פּוילן, איז ער אַוועק אויף קבר־אָבות צו זיינע נאָענטע פאַרשטאָרבענע אויף דעם

---

* פאַרצייכנט פון י. שמולעוויטש.

ייִדישן געגשער בית־עולם אין וואַרשע. ער האָט דאָרטן אויך באַזוכט דעם ברודער־קבר פון זיינע צוויי נאָענטע חברים — לעאָן גאָלדהאַר און לעאָן סוויסלאָצקי, וועלכע זיינען אויך געווען אין יענעם יאַבלאָנער קאָנ־צענטראַציע־לאַגער. אויף זייער געמיינזאַמען מצבה־מאָנומענט, וואָס עס האָט מיט קנאַפּע פופציק יאָר צוריק געמאַכט דער קינסטלער קובאַ זיידנ־בייטל, איז פאַראַן אַזאַ אויפשריפט:

„דאָ ליגן צוויי סאָלדאַטן
פון יאַבלאָנער פאָלק.
דאָ ליגן צוויי מאַרטירערס
פון ייִדישן פאָלק".

---

אַזוי איז עס געווען אין יאַבלאָנע — אין ערשטן קאָנצענטראַציע־לאַ־גער פאַר ייִדן אויף דער פוילישער ערד אין 1920.

אויך איבער די גאַסן פון וואַרשע האָבן זיך אין יענער צייט געלאָזט ווילגיין די זעלביקע יאַבלאָנער „פּאָזנאַנטשיקעס" (די זעלנערס פון אַ פּויזנער מיליטערישער פאָרמאַציע) אָדער די „האַלערטשיקעס", וועלכע האָבן זיך געוואָרפן אויף די חסידישע ייִדן, צו צופּן זייערע בערד:

— זשידזיע, דאַי בראָדען!...

דער צעיושעטער אַנטיסעמיטיזם אין פוילן איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער ערשטער מלוכה־פּרעזידענט, גאַבריעל נאַרוטאָוויטש, וואָס איז גע־ווען אַ מער דעמאָקראַטישער מענטש, איז פאַרשריען געוואָרן פאַר אַ „זשי־דאָווסקי פּרעזידענט", ווייל ייִדן האָבן פאַר אים אָפּגעגעבן זייערע שטימען. און דער סוף פון דער העצע איז געווען אַ טראַגישער: ווען נאַרוטאָוויטש האָט איין טאָג באַזוכט די „זאַכענטאַ" (קונסט־מוזיי), איז ער דאָרט דער־שאָסן געוואָרן דורך אַ פאַרביסענעם נאַציאָנאַליסט (ניעוויאַדאָמסקי). דער געכאַפּטער מערדער האָט טאַקע געטענהט, אַז ער האָט אומגעבראַכט אַ „זשידאָווסקי פּרעזידענט"...

דער פּערמאַנענטער זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיטיזם האָט אין פוילן גע־בושעוועט אויך אין די לעצטע צוואַנציקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט — גראָד שוין בעת פּילנס סטאַבילער זעלבשטענדיקייט, אַפילו אין יוזעף פּילסודסקיס צייט. דער פּאָליטישער קורס איז אַוועק מער אויף רעכטס. צום רודער איז געקומען דער האַלב־ אָדער גאַנץ־פאַשיסטישער סאַנאַציע־רעזשים. די פינצטערע אַנטי־ייִדישע העצעס האָבן דעמאָלט אָנגענומען אַן

אומגעהייערן מאַסשטאַב. דאָס וואָרט האָט באַקומען די גאַס, דער המון, די טונקעלע העלדן פון ברוק.

— זשידזי, דאָ פּאַלעסטיני!

— זשידזי, נאַ מאַדאַגאַסקאַר!

דאָס זיינען געווען די לאָזונגען פון דער צעיושעטער גאַס.

און די צעווילדעוועטע גאַס האָט זיך געפילט זיכער. עס האָבן זי אונ־טערגעהאַלטן די רעאַקציאָנערע ענדעקישע צייטונגען, וועלכע האָבן כסדר געגאָסן בוימאייל אויפן אַנטיסעמיטישן פייער. אין דעם כוליגאַנישן כאָר האָט זיך דער עיקר אויסגעצייכנט די עקסטרעם־שאָוויניסטישע גאַסן־צייטונג „דזוואָ גראָשעװ״, וואָס איז יעדן טאָג אַרויסגעקומען מיט אַ נייעם אָנ־גריף, מיט אַ נייער העצע קעגן די ייִדן אין פּוילן. די שטים און די פּראָ־טעסטן פון די ייִדישע דעפּוטאַטן אין פּוילישן סיים, צי אין סענאַט האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף טויבע אויערן. ס׳איז געבליבן ווי אַ קול קורא במדבר. די ייִדישע אינטערפּעלאַציעס האָבן קיין שינויים נישט גורם געווען. אויף דער זייט פון המון איז געווען די מאַכט, די יוסטיץ מיטן דעמאָלטיקן יוס־טיץ־מיניסטער גראַבאָווסקי בראָש — דער אינסצעניזאַטאָר פון די אָפּטע טרויעריק באַרימטע אַנטיסעמיטישע פּראָצעסן; דער פּראָטעקטאָר פון באַ־רימט־געוואָרענעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזאַ... אַ לאַ־גער, ווו די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן זיינען פיזיש געפּייניקט געוואָרן מיט די ראַפינירטסטע טאָרטורן... אַ לאַגער, וואָס האָט דערמאָנט די אינקווי־זיציע־קעלערן פאַר אַנטדעקטע מאַראַנען אין מיטל־עלטערלעכן שפּאַניע בימי איזאַבעלאַ.

אין דער דאָזיקער רעאַקציאָנערער און אַנטיסעמיטישער פאַרבלענדע־ניש איז עס מעגלעך געווען, אַז אין פּוילן זאָלן אין די דרייסיקער יאָרן אויפגענומען ווערן אַזעלכע טרויעריק־באַרימטע געסט פון היטלער־דייטש־לאַנד, ווי: הערמאַן געריגג, מיט וועמען הויכגעשטעלטע פּוילישע מלוכה־לייט זיינען אַרומגעפאָרן אויף „פּאָלאָוואַניע״ (געיעג) אין די ביאַלאָוועזשער וועלדער; דער „אידעאָלאָג״ פון מענטשן־פרעסעריי יוזעף געבעלס; ד״ר לודוויק פראַנק און אַנדערע נאַציישע „גדולים״ — די שפּעטערדיקע איי־בער־תלינים פון ייִדישן פאָלק אויף דער פּוילישער ערד. איבער ייִדיש פּוילן האָט שוין באַצייטנס אַ פלאַטער געטאָן דער האַקנקרייץ — — —

אין די דאָזיקע שווערע מאָמענטן פון דער פּוילישער רעאַקציע האָבן ייִדן דערזען זייער מצב אין גאַנץ שוואַרצע פאַרבן... האָט מען דאָך גע־

לעבט אונטערן צייכן פון פּאָגראָמען, אָדער פון „עקסצעסן״ — ווי מ׳האָט עס איידל אָנגערופן; פון עקאָנאָמישן באָיקאָט... איז דאָך דערויף געווען דער הכשר פון אינערן־מיניסטער סקלאַדקאָווסקי, וועלכער האָט „דיפּלאָ־מאַטיש״ פאָרמולירט זיין „הומאַניסטישע״ טעאָריע אויף אַזאַ מין אופן: „מאָרדן ייִדן — דאָס נישט, עקאָנאָמישער באָיקאָט — אָושעם!״... דאָס הייסט: אַדרבה...

אין שוואַרצן אינדעקס זיינען אַריין די פּאָגראָמען אין פּשיטיק, מינסק־מאַזאָוויעצק, בריסק, טשענסטאָכאָוו און אַנדערע שטעט; די מעסער־שטע־כערייען אין וואַרשעווער זאַקסישן גאָרטן (און נישט דווקא אין זאַקסישן גאָרטן...); די באַזונדערע געטאָ־בענק פאַר ייִדן אין וואַרשעווער אוניווערסי־טעט... די געשלעגן און אָנפאַלן אויף ייִדישע סטודענטן אין די הויכשולן... די העצערייען פון אַ גלח טשעטשאַק... פון אַ „פּאַני פּאָסלאָווא״ פּריסטאָראָוואַ אין סיים... דער אָנגריף אויף דער ייִדישער שחיטה פון דער סיים־טריבו־נע... און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער.

טייל ייִדן האָבן, ווי דורך אַ רוח־נבואה, שוין אַרויסגעפילט דאָס שלעכטס וואָס מ׳קען דערוואַרטן אויף דער פּוילישער ערד, צווישן די פּוי־לישע שכנים. אַזאַ סימפּטאָמאַטישן מינאָרן אַקאָרד פילן מיר צום בולטסטן אינעם פּאָפּולערן ליד „ס׳ברענט!״ פון אונדזער פאָלקס־דיכטער, דעם שפּעטערדיקן קדוש פון קראָקאָווער געטאָ, מרדכי געבירטיק. דאָס דאָזיקע ליד איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1938. שוין דעמאָלט האָט דער דיכטער העלזעעריש געזען און גערופן:

ס׳ברענט, ברידערלעך, ס׳ברענט!
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל, נעבעך, ברענט!
— — — — — — — — — — — — —

נישט אומזיסט איז דאָס דאָזיקע ליד שפּעטער געוואָרן אַזוי פאַר־שפּרייט איבער אַלע געטאָס אין פּוילן און האָט געגאָלטן פאַר אַ געטאָ־שלאַגער.

## 4

איז אָנגעקומען די גרויזאַמסטע צייט:
1טער סעפּטעמבער 1939.
אין זייער גרויסער מעגאַלאָמאַניע האָבן די פּאָליטישע פירערס פון

פּוילן נישט געזען די אמתע גרויסע סכנה, וואָס היטלער האָט געגרייט פאַר זייער פאָטערלאַנד, וואָס האָט קוים לערך צוואַנציק יאָר גענאָסן פון זעלבשטענדיקייט. גרויס „העלדישקייט" האָבן די פּאָליאַקן אַרויסגעוויזן לגבי זייערע קלענערע שכנים — טשעכאָסלאָוואַקיע און ליטע. זיי האָבן געפּאָכעט מיטן שווערדל פאַר זאַאָלזיע און פאַר מעמעל און געגרייט זיך צו אַ מאַרש... זייער גרויסקייט־מאַניע האָט זיי דיקטירט: „אָד מאָזשאַ דאָ מאָזשאַ"... (פון ים ביז ים), ד"ה פון באַלטישן ים ביזן שוואַרצן ים... נאָר דאָס האָבן זיי דערוויל אָפּגעלייגט: דער מזרח־שכן — דאָס באָלשעוויסטי־שע רוסלאַנד — איז צו־שטאַרק געוואָרן, מוז מען אָפּוואַרטן... זיי האָבן אין זייער בלינדקייט נישט געזען די גאָר נאָענטע געפאַר — סיי מצד היטלער־דייטשלאַנד, סיי מצד דעם מזרח־שכן, וואָס האָט געשלאָסן אַ פּאַקט מיטן טייוול אַליין, מיט היטלערן, דעם שפּעטערדיקן אומברענגער פון מיליאָנען יידן... קאָמוניזם און נאַציזם האָבן זיך געגעבן די הענט און אָנגעצייכנט דעם פּלאַן פון פּוילנס נייער צעטיילונג.

די אויסניכטערונג פון די פּוילישע הערשערס איז אָבער געקומען שוין צו־שפּעט.

אין דעם בלויען פרימאָרגן פון 1טן סעפּטעמבער 1939 האָט דעם וואַרשעווער הימל באַדעקט אַ מחנה דייטשישע פאַרניכטלער־אַוויאָנען און פאַרשאָטן די הויפּטשטאָט מיט באָמבעס.

דאָס איז געווען דער אָנהייב פון טרויעריקן פינאַל...

ווי תמיד אין פּוילנס גורל־טעג האָבן זיך אויך דעמאָלט יידן גע־שטעלט אין הונדערטער טויזנטער צום רשות פון דער מיליטערישער מאַכט. ביי דער פאַרטיידיקונג פון וואַרשע האָט מען אומעטום געזען אויך יידן. יידן פון אַלע שיכטן — אַרבעטערס, סוחרים, אינטעליגענטן; מענער און פרויען, גרויס און קליין. אַלע האָבן דאָ און דאָרט געגראָבן אָקאָפּעס פאַר דער זעניט־אַרטילעריע, כדי צו קעמפן קעגן דער היטלער־ישער אַוויאַציע. צווישן די דאָזיקע יידן האָט מען אויך געקאָנט זען הדרת־פּנים־דיקע רבנים, די בכבודיקע יידישע שריפטשטעלערס מיט רידלען אין די הענט, ווי: ז. סעגאַלאָוויטש, ש. י. סטופּניצקי, ד"ר יהושע גאָטליב און פיל, פיל אַנדערע. „טלאָמאַצקע 13" איז אַרויס גראָבן אָקאָפּעס פאַרן פּוילישן מיליטער, די פאַרטיידיקער פון דער הויפּטשטאָט. ייד און פּאָלאַק זיינען דעמאָלט געשטאַנען האַנט ביי האַנט. ביידע האָבן געפילט איין און דעם זעלבן שונא, איין און די זעלבע געפאַר. און די בשותפותדיקע סכנה האָט,

דאַכט זיך, פאַרברידערט. אַזוי האָבן ייִדן געמיינט... ווען נאָך ווי דעמאָלט האָט זיך געפּאַסט די לאָזונג:

„פאַר אונדזער און פאַר אייער פרייהייט"...

אָבער דער גורל איז שוין געווען אַ געחתמעטער. הגם דער פּוילישער אויסערן־מיניסטער יוזעף בעק האָט אויף היטלערס פאָדערונג מ׳זאָל אים אָפּגעבן דאַנציק געענטפערט: „גוזיקאָ ניע דאַמי" (מיר וועלן קיין קנעפּל נישט אָפּגעבן), איז אָבער די ברוינע מיליטערישע לאַווע געווען צו מעכ־טיק. זי האָט פאַרכאַפּט שטאָט נאָך שטאָט, ישוב נאָך ישוב. און אויך וואַר־שע, די עיר הבירה, איז לסוף געפאַלן. כאָטש וואַרשע האָט זיך באמת העלדיש געראַנגלט קעגן אינוואַזאָר גאַנצע פיר וואָכן. פיר וואָכן האָבן גע־דויערט די באָמבאַרדירונגען פון דער הויפּטשטאָט. וואַרשע האָט שוין נישט געהאַט קיין וואַסער, קיין ליכט, קיין ראַדיאָ. מ׳האָט וואַסער געמוזט שלעפּן אין גרויס סכנה פון דער ווייסל. אַלע, אַלע זיינען דעמאָלט גע־גאַנגען צו „תשליך"... פּאַריז האָט קאַפּיטולירט אין געציילטע טעג און וואַרשע — ערשט נאָך פיר וואָכן פון העראָישן געראַנגל. צעלאָפּן געוואָרן די פּירערס. צעפלויגן זיך אין דער וועלט מיט אַ לעצטן אַוויאָן, מיט אַ לעצטן צוג...

הונדערטער, הונדערטער קרבנות — ייִדן און פּאָלאַקן — זיינען גע־פאַלן בעת דער פאַרטיידיקונג פון פּוילנס הויפּטשטאָט.

איבער פּוילן האָט זיך אָנגערוקט די גרויל־נאַכט פון דער היטלעריס־טישער אָקופּאַציע. דאָס איז נוגע געווען די צענטראַלע טיילן פון דער פּוילישער טעריטאָריע. די ראַנד־געביטן — מזרח־גאַליציע, מערב־ווייס־רוסלאַנד און ווילנער קאַנט — זיינען פאַרנומען געוואָרן פון היטלערס שותף: די באָלשעוויקעס... די גרענעץ איז געווען דער בוג, וואָס האָט אָפּ־געטיילט ביידע דיקטאַטורן — די „ברוינע" און „רויטע". די ייִדן אין יענעם ראַיאָן האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון קאָמוניסטישן „גן עדן"... און די פּליטים פון צענטראַל־פּוילן — ביי די פיר הונדערט טויזנט אין צאָל — זיינען דורך דער „נ.ק.וו.ד." על פּי רוב אַרויסגעפירט געוואָרן אין לאַנגע אַרעסטאַנטן־עשאַלאָנען אין די ווייטע מרחקים פון סיביר און אין עקס־טרעמען צפון, נאָענט פון די פּאָלאַר־געגנטן, צו די „ווייסע בערן". לערך אַ העלפט פון די דאָזיקע פאַרשיקטע פּוילישע ייִדן זיינען אומגעקומען אין די פאַרוואָרפענע טייגעס...

און אין די היטלערישע אָקופּאַציע־געביטן זיינען די ייִדן שוין אין

1940 אַריינגעשליידערט געוואָרן אין די געטאָס. ביידע שותפים האָבן געמאַכט אַ תכלית פון די פּוילישע ייִדן...

צום פּוילישן הימל האָבן זיך אויפגעהויבן די קוימענס פון די דייטשישע קרעמאַטאָריעס...

עס זיינען אָנגעקומען פאַרן פּוילישן ייִדנטום די שגעונדיקע, מאַקאַברישע טעג פון חורבן און אומקום — — —

טאָג און נאַכט האָבן געפלאַקערט די טייוול־אויוונס אין מיידאַנעק, טרעבלינקע און אָשוויענטשים. לאַנגע עשאַלאָנען האָבן זיך בסדר געצויגן פון די געטאָס צו די „פאַבריקן פון טויט״... די פּוילישע ערד איז פאַרדעקט געוואָרן מיטן אַש פון ייִדישע לעבנס... דער פּוילישער הימל איז פאַרצויגן געוואָרן מיט שטיקנדיקע וואָלקנס רויך, וואָס האָט זיך בסדר געריסן פון די קרעמאַטאָריע־קוימענס און פאַרפּעסטעט די לופט. דער דאָזיקער רויך האָט פאַרסמט די נשמות פון גאָר אַ גרויסן טייל פּאָליאַקן... דער היטלעריסטישער גיפט האָט אַריינגעדרונגען אומעטום און האָט די מוחות צעמישט. פּאַראַלעל מיט די זייער שיינע און נאָבעלע ביישפּילן פון ברידערלעכקייט און מסירת־נפש מצד איידעלע יחידים־פּאָליאַקן (געווען אַזעלכע!) לגבי די ייִדישע קרבנות איז אויך געקומען מצד גאָר־גאָר אַ גרויסן טייל פּאָליאַקן פאַרראַט און מסירה, מיטהילף און מיטאַרבעט מיט די ברוינע תליונים ביי דער אויסראָטונג פונעם פּוילישן ייִדנטום! און נישט נאָר פונעם פּוילישן ייִדנטום: האָבן דאָך די עשאַלאָנען געבראַכט צו די „פאַבריקן פון טויט״ אויך די ייִדן פון מערב־איראָפּע, וואָס איז פאַריאָכט געוואָרן דורכן היטלעריסטישן אָקופּאַנט: פון בעלגיע, פון פראַנקרייך, פון רומעניע, פון דייטשלאַנד, פון טשעכאָסלאָוואַקיע, פון האָלאַנד, פון גריכנלאַנד. און די דאָזיקע אַלע ייִדן האָבן עס — צוזאַמען מיט די העכער דריי מיליאָן פּוילישע ייִדן — געבילדעט די גרויזאַמע ציפער פון 6.000.000 !...

און בעת דעם העראָיִשן ייִדישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, אין אַפּריל 1943, האָט זיך אַפילו דער פּוילישער אונטערערד נישט אָפּגערופן. די פאַרצווייפלטע קעמפערס האָבן לכתחילה געגלויבט, אַז זייער קאַמפס־רוף צו די „ברידער־פּאָליאַקן״ וועט אויפגענומען ווערן ווי אַ פּאַראָל אינעם פּוילישן אונטערערד און דער ווידערשטאַנד קעגן די היטלערישע רוצחים וועט אויסגעברייטערט ווערן אין איין ריזיקן פראָנט. אָבער די ייִדישע אויפשטענדלערס זיינען געבליבן אַליין, אָן שום עכאָ

אין פוילישן אונטערערד, אָן שום שטיצע פון קיינעם — נישט מצד דער „אַ.ק.״ (אַרמיאַ קראַיאָוואַ, לאַנדס־אַרמיי), נישט מצד „אַ.ל.״ (אַרמיאַ ליודאָוואַ, פאָלקס־אַרמיי פון די פּראָגרעסיווע עלעמענטן, איינשליסלעך די קאָמוניסטן). קיינער האָט די ייִדישע קעמפערס אַפילו קיין איין איינציקן ביקס נישט געשענקט... די גאַנצע פרייע וועלט האָט באַוווּנדערט די געטאָ־העלדן; אָבער מיט עפעקטיווער הילף איז קיינער נישט געקומען — אַפילו נישט די רויטע אַרמיי מיט איר אַוויאַציע, וואָס פלעגט אָפט מאַכן לופט־אַנגריפן אויף וואַרשע. און די סאָוויעטישע אַוויאַציע האָט דאָך יאָ געקאָנט כאָטש אַראָפּוואַרפן אַ ביסל ביקסן אין קעמפנדיקער געטאָ. אָבער זי האָט עס קיין מאָל נישט געטאָן. יאָ, מאָסקווע טוט עס נאָר ווען איר לוינט. אַזוי פאַרוואַרפט איצטער מאָסקווע מיט אַ שפע פון וואָפן נאַסערן און די אַנדערע אַראַבישע מושלים, כדי זיי צו העלפן אומברענגען מדינת ישראל...

און ווי האָט זיך באַצויגן צום געטאָ־אויפשטאַנד די פוילישע גאַס, דער המון?

בעת העלישע שריפות פון די געטאָ־הייזער האָבן איינגעהילט דעם וואַרשעווער הימל זיינען פאָליאַקן געשטאַנען פון דער ווייטנס, אין די שכנישע גאַסן, דער עיקר אויפן שכנותדיקן פּלאַץ פון געטאָ — אויף פּלאַץ קראַשינסקיך — און אָבסערווירט דעם „ספּעקטאַקל״ מיט אַ געמישט געפיל פון פרייד און באַדויערונג: פון פרייד — וואָס די לעצטע ייִדן קומען אום... מיט באַדויערונג — וואָס אויך די „קאָמעניצעס״, די הייזער, קומען אום אינעם בראַנד... אַ שאָד! זיי, די פאָליאַקן, וואָלטן דאָך געקאָנט זיין די יורשים פון די ייִדישע הייזער.

די דאָזיקע שטימונגען צווישן פאָליאַקן, די דאָזיקע „פערלדיקע״ דיאַלאָגן זייערע און זייער שאָדנפרייד האָט געהאַט מוט צו „פאַראייביקן״ און צו פאַרדאַמען דער סובטעלער פוילישער פּראָזאַיִקער פון דער נייערער גענעראַציע, יעזשי אַנדזשייעווסקי אין זיין רירנדיקער נאָוועלע „וויעלקי טידזיען״ („די גרויסע וואָך״). דאָס וועט פאַר יענע פאָליאַקן דינען תמיד ווי אַ שענדלעכער „אַטעסטאַט״ פון מאָראַלישער געפאַלנקייט!

אין דער דאָזיקער נאָוועלע שילדערט אַנדזשייעווסקי דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, אין דער ערשטער סדר־נאַכט, ווען עס איז גראָד אויך אויסגעפאַלן די קריסטלעכע פּאַסכאַ. ער גיט איבער אַ געשפּרעך צווישן צוויי פוילישע אינטעליגענטן, וואָס קוקן זיך צו פון זייער ביוראָ

ווי די געטאָ ברענט; ווי פלאַמען וויקלען זיך איבער די געטאָ־גאַסן. זאָגט איינער פון זיינע העלדן, זאַלעסקי, צו זיין חבר:

— „מיר מעגן זיין דאַנקבאַר היטלערן. ער האָט אָפּגעטאָן פאַר אונדז זייער אַ שווער שטיקל אַרבעט — לאָמיר זיין אויפריכטיק, זייער אַן אומ־אָנגענעם, מיאוס שטיקל אַרבעט. איצט וועט מער נישט זיין קיין ייִדישע פּראָבלעם. אויב היטלער וואָלט דאָס נישט געווען געטאָן פאַר אונדז, וואָלטן מיר נאָך דער מלחמה אַליין געדאַרפט ליקווידירן די לעבן־געבלי־בענע ייִדן"...

די דאָזיקע דערציילונג מיט אירע ביטערע אמתן האָט אַנדזשייעווסקי געשריבן באַלד נאָכן געטאָ־אויפשטאַנד און האָט זי פאַרעפנטלעכט באַלד נאָך דער באַפרייונג אין 1945. שפּעטער, אַז דער קורס אין פּוילן האָט זיך געביטן, איז אויפן מחבר געמאַכט געוואָרן אַ דרוק און אין אַ ווייטער־דיקער אויפלאַגע האָט ער געמוזט געוויסע „דראַסטישע" שטעלן וועגן די פּאָליאַקן אויסבעסערן — ווי עס פירט זיך אין די „פאָלקס־דעמאָקראַ־טיעס"...

צו דער זעלביקער קאַטעגאָריע מוטיקע פּוילישע שריפטשטעלערס דאַרף מען אויך צורעכענען אָטווינאָווסקין, דעם מחבר פון דער דראַמע „וויעלקאַנאָץ" („פּאַסכאַ"). אויך אין דער דאָזיקער דראַמע ווערן פאַר־פיקסירט יענע טראַגישע מאָמענטן, בעת ייִדן זיינען געווען אָנגעוויזן אויפן חסד פון פּאָליאַקן; אָבער זייער וויניק פּאָליאַקן האָבן אַרויסגעוויזן דעם חסד זייערע פאַרפּאָלגטע ייִדישע מיטבירגערס. די יעניקע גאָר וויניקע, וואָס האָבן יאָ אויסבאַהאַלטן ייִדן; וואָס האָבן יאָ אַרויסגעראַטעוועט ייִדן פון די חיהשע היטלעריסטישע נעגל — יענע געדענקען מיר עד־היום צום גוטן און מיר באַערן זיי ביי יעדער געלעגנהייט ווי אַ זעלטענעם אויסנאַם.

אָבער צו אונדזער ווייטאָג און צו זייער שאַנד זיינען גאָר, גאָר אַ סך פּאָליאַקן געוואָרן טרייע באַהעלפערס ביים רוצחישן אָקופּאַנט און האָבן נאָך אַקטיוו צוגעהאָלפן די דייטשן ביי דער אויסראָטונג פון באַהאַלטענע ייִדן. פון די וויניק ניצול געוואָרענע עדי־ראיה ווייסן מיר אַ סך, אַ סך פּרטים וועגן דער ראָל פון די פּוילישע אַזוי־גערופענע „שמאַלצאָווניקעס", — אַזוי האָט מען גערופן די פּאָליאַקן, וואָס פלעגן שאַנטאַזשירן די אויס־באַהאַלטענע ייִדן אויף דער „אַרישער זייט". אַנדערע ווידער כלומרשט „נאָבעלע" פּאָליאַקן פלעגן לכתחילה אויסבאַהאַלטן די ייִדן, פלעגן ביס־

לעכוויַז אויספּרעסן פון זיי דאָס געלט און צירונג און שפּעטער, אַז די קרבנות פלעגן שוין זיין „נקי", אַן אַ גראָשן ביי דער נשמה, — אַרויס־טרייבן זיי אויף דער גאַס, אָדער פּראָסט אַרויסגעבן זיי דער „געשטאַפּאָ". טויזנטער, אַ סך טויזנטער ייִדן וואָלטן זיך געראַטעוועט אויף דער „אַרי־שער זייט", ווען נישט אָט־די פּוילישע היטלערס משרתים! אַזוי באַשטע־טיקן די אויטענטישע עדות, די ווייניקע ניצול־געוואָרענע ייִדן אויף דער „אַרישער זייט". די דאָזיקע שרייענדיקע גרויליקע פאַקטן געפינען מיר אויך אין די טאָגביכער און באַשרייבונגען פון שרייבערס און כראָניקערס, וואָס פּילן אויס די בלעטער פון דער ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע אויף דער פּוילישער ערד.

די דייטשן, הייסט עס, האָבן זיך נישט טועה געווען אין זייער חשבון, בעת זיי האָבן אויסגעקליבן פּוילן פאַר דעם פאַסיקסטן באָדן, ווו צו קאָנ־סטרויִרן די מאָנסטרועזע קרעמאַטאָריעס פאַר די ייִדן פון גאַנץ אייראָפּע... פּוילן איז געווען דער גיַנציקסטער פּלאַץ אין אייראָפּע, ווו צו קאָנען דורכ־פירן די „ענדגילטיקע לייזונג" פון דער ייִדן־פראַגע — — —

אין דעם גייסט האָבן געקלונגען די צינישע רייד פון טייל פּאָליאַקן:

— וואָס היטלער איז — איז ער; אָבער איין גוטע זאַך האָט ער יאָ געטאָן: ער האָט געלייזט די ייִדן־פראַגע אין פּוילן...

כדאי דאָ צו באַקרעפטיקן דאָס אויבן געזאָגטע מיט אַן אויטענטישן עד־ראיה — מיט עמנואל רינגעלבלום, וועלכער איז אומגעבראַכט גע־וואָרן אויף דער „אַרישער זייט".

אין זיינע „כתבים פון געטאָ", וואָס זיינען דערשינען נאָך דער מלחמה אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, פרעגט דער ייִדישער היסטאָריקער עמנואל רינגעלבלום מיט טיפסטן צער און פאַרביטערונג: „וואָס האָבן געטאָן די פּאָליאַקן אין מאָמענט ווען מיליאָנען פּוילישע ייִדן זיינען געפירט געוואָרן אויפן שייטער־הויפן? וואָס האָט געטאָן דער פּויל־שער אונטערערד, דער פאַרטרעטער פון דער פּוילישער רעגירונג (פון לאָנדאָן — אַ. ז.) אין לאַנד און זיינע עקספּאָזיטורן אין דער פּראָווינץ, כדי צו ראַטעווען כאָטש אַ טייל פון זייערע בירגערס פון דער ייִדישער נאַציאָ־נאַליטעט? שוין זשע האָט מען, נישט געקוקט אויפן עקסיסטירנדיקן טעראָר, געגעבן אַן אַזיל די קרבנות פון היטלעריזם, וואָס זיינען געלאָפן פון די געטאָס צו דער אַזוי גערופענער אַרישער זייט? צי דער דאָזיקער אַזיל האָט עקסיסטירט בלויז דעמאָלט, ווען מען האָט פאַר אים גראָב באַצאָלט,

און ער האָט זיך געענדיקט מיטן מאָמענט ווען עס האָט זיך געענדיקט דער מזומן?..." ..."ווען די ,טויט־צוגן' זיינען געלאָפן פון פאַרשיידענע געגנטן פון לאַנד קיין טרעבלינקע אָדער אַנדערע אומקום־ערטער, צי דעמאָלט האָבן זייערע לעצטע בליקן אויף גאָטס וועלט געמוזט פאַלן אויף די גלייכגילטיקע אָדער אַפילו צופרידענע פּנימער פון זייערע שכנים? צי דעמאָלט, ווען דעם פאַראַיאָריקן זומער זיינען איבער די גאַסן פון דער הויפּטשטאָט געפאָרן וועגענער אָנגעלאָדענע מיט געכאַפּטע ייִדישע מענער, פרויען און קינדער, האָט זיך געמוזט אויף יענער זייט פון די געטאָ־מויערן צעהילכן אַ געלעכטער פונעם צעווילדעוועטן המון? אָדער צי האָט געמוזט הערשן אַ טעמפּע גלייכגילטיקייט לגבי דער גרעסטער טראַגעדיע פון אַלע צייטן? פאַר וואָס — פרעגן מיר ווייטער — האָט מען געקענט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס פאַרקלענערן די גאַנגרענע פון מסירות, שפּיצלעריי און קאָלאַבאָראַציע מיט די דייטשן אינערהאַלב דער אייגענער געזעלשאַפט, און מען האָט גאָרנישט געטאָן, כדי צו פאַרקלענערן די ריזיקע כוואַליע פון שאַנטאַזשן און מסירות לגבי דעם הייפל פּוילישע ייִדן, וואָס זיינען פאַרבליבן נאָך דעם פּאָגראָם פון גאַנצן פאָלק?"...

די דאָזיקע ביטערע פראַגן פאַרדעקן מיט חרפּה דאָס פּוילישע פאָלק...

5

אָבער אומרעכט קאָן נישט דויערן אייביק.

עס מוז אויסשלאָגן אַ מאָל די שעה פון דין, פון משפּט!

און אויך פאַר זיי, פאַר די ברוינע דעגענערירטע תּליונים, האָט אויסגעשלאָגן די שעה פון צעצאָלונג!

צעקלאַפּט זיינען געוואָרן די היטלעריסטישע האָרדעס אויף אַלע פראָנטן, אָנהייבנדיק פון סטאַלינגראַד ביז אויף די פראָנטן פון די מערב־אַליאירטע אין איראָפּע און אין אַזיע — אומעטום ווו דער נאַצישער דראַנג האָט זיך געריסן צו באַהערשן און פאַרשקלאַפן די וועלט. די נעכטיקע גאַווהדיקע פאַרריסענע זיגערס האָבן די קעפּ פאַרלוירן. עס זיינען אָנגעקומען פאַר דער "אויבער־ראַסע" די טעג פון ירידה און שאַנד; פאַר די פאַרקנעכטעטע פעלקער — דער טאָג פון נצחון!

אין די אַנטשיידנדיקע רומפולע קאַמפן פון אַלע אַליאירטע אַרמייען קעגן די היטלעריסטישע אינוואַזאָרן און תּליונים האָבן זיך אויך באַטײ־

ליקט פיל טויזנטער ייִדן אין די פּוילישע אַרמייען: סיי אין דער אַנדערס־אַרמיי, סיי אין דער שפּעטערדיקער פּוילישער פּראָ־סאָוויעטישער אַרמיי, וואָס ביידע זיינען זיי געשאַפן געוואָרן אויף דער רוסישער טעריטאָריע. אין דער אַנדערס־אַרמיי, ווי אין די קאָסציושקאָ־ און דאָמבראָווסקי־דיוויזיעס זיינען געווען די פּוילישע ייִדן־פּליטים, וועלכע זיינען נאָך דער אַזוי גערופענער „שיקאָרסקי־אַמנעסטיע״ אַרויס פון די לאַגערן, פון די ווייטע פאַרשיקונגען אין די סיבירער טייגעס. זיי אַלע האָבן גלייך נאָך זייער באַפרייונג זיך פאַרשריבן ווי פרייוויליקע אין דער פּוילישער אַרמיי און געשטראָמט אין די מיליטערישע זאַמל־פּונקטן.

טויזנטער פּוילישע ייִדן זיינען געפאַלן בלויז אין די ביידע דערמאָנטע דיוויזיעס בעת זייער זיגרייכן מאַרש פון לעני נא ביז בערלין! דאָס איז געווען נאָר אַ טייל פונעם ייִדישן בלוט־צושטייער אין די פינאַל־קאַמפן קעגן שונא:

„פאַר אונדזער און פאַר אייער פרייהייט!״ — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זעקס מיליאָן קדושים האָט אונדז געקאָסט דער היטלעריסטישער קאָשמאַר! דערפון העכער 3.000.000 פּוילישע ייִדן.

דער גלענצנדיקער ייִדישער קיבוץ — דאָס האַרץ פון דער ייִדישער אומה — איז אונטערגעגאַנגען. דאָס פּרעכטיקע קאַפּיטל אין דער ייִדישער געשיכטע — די טויזנט־יאָריקע „תקופת פּוילן״ — געענדיקט! אין די הונדערטער, הונדערטער ישובים, וווּ עס האָט אַ מאָל פּולסירט אַ ייִדיש פאָלקסטימלעך לעבן, זיינען געבליבן נאָר ייִדישע בית־עולמס און דאָס — על פּי רוב פאַרשוועכטע, געשענדעטע... מ׳האָט געשענדעט און פאַרשוועכט ייִדישע בית־עולמס סיי אויף דער פּוילישער ערד, סיי אויף דער טעריטאָריע, וואָס איז געבליבן אין דער סאָוויעטישער ממשלה. אומעטום האָט מען געוואָלט אָפּמעקן אַפילו דעם זכר נאָך די ייִדן...

## 6

האָבן זיך באַלד נאָך דער באַפרייונג גענומען אומקערן אין די פּוילישע שטעט רעשטלעך ייִדן. ייִדן פון די בונקערס, ייִדן פון די וועלדער, ייִדן פון די פּאַרטיזאַנישע מחנות. זיינען געקומען ייִדן פון מערב און פון מזרח: די געבליבענע נישט־דערקוילעטע פון די דייטשישע לאַגערן און

פון די רוסישע ווייטע סטעפּעס, פון די כלערליי פאַרשיקונגען און קאַטאָר־געס... ייִדן פאַריותמטע, ייִדן פאַראָבלטע, ייִדן על־פּי־נס ניצול־געוואָרענע פון תליונס האַנט. די דאָזיקע עלנטע מענטשן — ווי קליין געוועזן איז רעלאַטיוו זייער צאָל! — זיינען געקומען אין די פּוסטע געטאָס. זיי האָבן אַרומגעבלאָנקעט צווישן די חורבות, גלייך ווי זיי וואָלטן געזוכט די שאָטנס פון פאַרשניטענעם נעכטן — — —

אָבער די דאָזיקע צעבראָכענע מענטשן האָבן אַפילו נישט געפונען קיין קבר, ווו אַ טרער צו פאַרגיסן: פון אַלע נאָענטע, פון אַלע טייערסטע איז דאָך נאָר אַש געבליבן... און דער דאָזיקער אַש איז צעשפּרייט געוואָרן דורכן ווינט אומעטום, אויף אַלע פּוילישע פעלדער... היינט וווּ־זשע גייט מען אויף קבר־אָבות?...

און אַני הגבר... אויך איך בין געוועזן צווישן אָט די בלאָנקענדיקע שאָטנס, צווישן די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ... צוזאַמען מיט זיי בין איך אומגעקראָכן איבער די איינגעפאַלענע גאַסן... איבער די קופּעס ציגל און ליים... שבעה געזעסן אויף אַ באַרג מיט גרוז אויף מיין שוויענטאָ־יערסקע 28...

און כדי איבערצוגעבן די אויטענטישע שטימונגען פון די בלאָנקענ־דיקע ייִדן אין יענע רגעס, מוז איך פאַרקוקן אויף פאַרשטענדלעכער אומ־באַקוועמקייט און זיך אַליין ציטירן:

ווו איז דאָ געוועזן מיין גאַס און מיין הויז?
די טרעפּ און מיין טיר?
ווו זיינען די מענטשן? די נאָענטע? די פריינד?
ס'וואַרט קיינער אויף מיר.

נאָר קופּעס פון ציגל פאַרנעמט דאָ דער בליק,
נאָר ציגל און שטויב.
אַוועק איז אַ לעבן, אַוועק איז אַ וועלט
דורך מאָרד און דורך רויב.

אָט נאַלעווקעס... גענשע... אָט מוראַנאָוו־פּלאַץ...
אַלץ גלייך מיט דער ערד.
און דזשיקע און פּאַוויע — כ'דערקען קוים דאָס אָרט —
אַלץ וויסט און צעשטערט.

און אָט שוויִענטאָ־יערסקע... פאַרשאָטן מיט בערג,
דאָס שטעגל פאַרשווינדט.
איך קלעטער אויף ציגל. און דאָרטן און דאָ —
ס׳פאַרוואַקסט שוין, עס גרינט.

ווו ייִדן? ווו לעבן? ווו ריטעם פון שטאָט?
גאַס־אויס און גאַס־איין?
אַוועק איז אַ לעבן, אַוועק איז אַ וועלט
און ס׳וועט מער נישט זיין.

און ווילסטו צו קברים אַוועק מיט דיין צער,
מיט בריִענדער טרער —
דאַן גיי אין טרעבלינקע, ווו קופּעס פון אַש,
נאָר אַש און נישט מער — — —

(אַברהם זאַק: „מיט אַש אויפן קאָפּ")

**און בלאָנקעסטו אַוועק מיט דיין טרויער צום גענשער בית־עולם — וואָס זעסטו דאָרט?**

די טהרה־שטוב איז שוין נישטאָ דאָ,
קיין שול און קיין תפילות — קיין ייִד.
נישטאָ דער לוויות־געטומל,
נישטאָ דער בית־עולם־יאַריד.

עס שטאַרבן שוין מער נישט קיין ייִדן:
קיין ייִדן נישטאָ שוין פון לאַנג.
אַ שטומקייט. קיין „אל מלא רחמים".
אַ שטילקייט. קיין כליפּ נישט, קיין קלאַנג.

עס רוען די קברים אין עלנט,
זיי וואַרטן אויף עמעצס אַ טרער.
אומזיסט! עס וועט קיינער נישט קומען,
קיין בלימל נישט ברענגען אַהער.

נישטאָ שוין מער אייערע נאָנטע —
זיי זיינען שוין אַלע דאָרט הויך;
זיי זיינען אַרויף אויפן הימל
דורך גאַזן, דורך פלאַמען, דורך רויך.

טאָ ליגט אייך, איר קבֿרים, אין גרינקייט,
טאָ ליגט אייך אין אייביקער רו.
אַ ווינט נאָר וועט מאַכן אַזכּרה,
אַביימל נאָר שאָקלט זיך צו — — — —

(דאָרט)

**7**

וואָס האָבן געדאַרפט און געקאָנט טראַכטן די ניצול־געוואָרענע פּוילישע ייִדן איידער זיי זײַנען צוריקגעקומען אין זייער היימלאַנד?

ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען, אין הסכּם מיט אַלע לאָגישע, פּסיכאָלאָגישע און עטישע געזעצן, האָט יעדער ייִד אין זיין גלות געקאָנט חלומען פון דער וואַרעמסטער און האַרציקסטער באַציִונג צו אים מצד זיינע מיט־בירגערס־פּאָליאַקן: טויזנט יאָר דאָך געוועזן מיטבויערס פון לאַנד, מיט־קעמפּערס אין יעדן קאַטאַקליזם פאַרן פּאָטערלאַנד — און אויך אין איצ־טיקן! ייִדן האָבן געבראַכט קרבנות פאַר פּוילן צוגלייך מיט אַלע בירגערס, אַריינגעלייגט קאָפּ און האַרץ, פלייס און כּוחות אין משך פון יאָרן, אין משך פון העכער דרייסיק דורות; מיטגעהאָלפן צו פאַרמערן די רייכטי־מער פונעם לאַנד, זיינע מאַטעריעלע און גייסטיקע ווערטן אויף אַלע געביטן. און איצט, אַז מיטן פּוילישן ייִדנטום איז געשען אַזאַ בראָך; אַז פון דריי און אַ האַלבן מיליאָן זיינען געבליבן בלויז יחידים — — — ווי גרויס וואָלט על־פּי שׂכל געדאַרפט זיין דער מיטגעפיל צו איטלעכן געראַטעוועטן ייִד!...

יאָ, אַזוי וואָלט געדאַרפט טראַכטן יעדער געראַטעוועטער ייִד.
אָבער וואָס איז געשען אין דער וואָר?

זינט אויף דער זינדיקער ערד עקסיסטירט שׂנאה איז נאָך אַזאַ שׂנאה, אַזאַ זאָאָלאָגישער האַס נישט געווען, וואָס מיר האָבן געזען ביי די פּאָליאַקן צו די געציילטע ניצול־געוואָרענע ייִדן! און מיט וואָס פאַר אַ טייוו־לאָנישן „ברוך הבא!" האָט מען עס מקבל־פּנים געווען אין פּוילן די אומגליקלעכע יחידים־ייִדן, די שארית־הפּליטה!

אויף עשאַלאָנען מיט ייִדישע רעפּאַטריאַנטן פון סאָוויעט־רוסלאַנד האָט מען שטיינער געוואָרפן. אויף שאָסייען און וועגן האָט מען אַרויס־געשלעפּט ייִדן פון אויטאָבוסן און מען האָט זיי מיט עטלעכע רעוואָלווער־קוילן „פאַרטיק־געמאַכט"... צוגן האָט מען אָפּגעשטעלט אין מיטן וועג און

מען האָט פון צווישן די פּאַסאַזשירן אויסגעגנישטערט די איינצלנע ייִדן און זיי אומגעבראַכט... געטראָפן אויך אַ סך פאַלן, ווען מען האָט אומגעבראַכט ייִדן ביי זיי אין די פּריוואַטע וווינונגען, וווהין די רוצחים האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער שטילקייט פון דער נאַכט...

בעת מיינעם אַ ליטעראַרישן טור מיט נאָך אַ גרופּע שרייבערס איבער די נייע ישובים פון נידערשלעזיע, האָב איך אין וורָאצלאַוו (ברעסלוי) געזען אין ייִדישן וואָיעוואָדישן קאָמיטעט אַ שטענדיקע גרויסע וואַך אין טויער, באַוואָפנט מיט ביקסן און אויטאָמאַטן... די וואַך האָט זיך געטוישט און געהיט ביי טאָג און ביי נאַכט... און מחמת דעם וואָס וורָאצלאַוו איז 70 פּראָצענט לערך געלעגן אין חורבות נאָך די מלחמה־באָמבאַרדירונגען, איז אוממעגלעך געווען צו געפינען אַ פּלאַץ אין די ווייניק געבליבענע האָטעלן. האָבן די קאָמיטעט־מיטגלידער גענומען יעדער איינעם פון די פינף שרייבערס (חיים גראַדע, שמערקע קאַטשערגינסקי, ישראל אַשענדאָרף, לייב אָליצקי און איך) צו זיך אַהיים אויף נאַכטלעגער. מיר איז אויסגעקומען צו נעכטיקן ביים פּאָרזיצער פון וורָאצלאַווער וואָיעוואָדישן קאָמיטעט, יעקב עגיט. (אַגב, אַ מענטש וואָס זינדיקט אויך אַ מאָל מיט דער פּעדער). יעקב עגיט האָט פאַרנומען אַ שטוב מיט אַ גערטל — דאָס געוועזענע אייגנטום פון אַ דייטש, וואָס האָט עוקר געווען קיין דייטשלאַנד. ביים צוקומען ביי נאַכט צום גערטל האָט עגיט אָנגעקלונגען און ס'האָט אונדז געעפנט אַ מענטש מיט אַן אויטאָמאַט... אויך זיין ווילע האָט געמוזט אָפּגעהיט ווערן דורך אַ שמירה, ווייל ס'האָט שוין פּאַסירט אַ פּאָר פאַלן אין דער פּראָווינץ, ווו מ'האָט דערמאָרדעט די פּאָרזיצערס פון די ייִדישע קאָמיטעטן אין זייערע אייגענע וווינונגען.

איך קאָן נישט פאַרגעסן די ריזיקע לוויה פון אַ בונדישן יוגנט־טוער אין לאָדזש, דעם סטודענט ניימאַן, וועמען מען האָט געפונען אין זיין דירה אַ צעפּערטלטן אויף שטיקער אין דער וואַנע... די גאַנצע ייִדישע געזעלשאַפטלעכקייט — אַלע ייִדישע פּאַרטייען אונטער זייערע פענער — האָבן דעם קרבן באַגלייט צום לאָדזשער ייִדישן בית־עולם. ס'האָט אויך נישט געפעלט דער ייִדישער ליטעראַטן־פּאַראיין. און מיטגייענדיק אין די שורות פון שרייבערס, האָב איך איינגעזאַפּט דעם גאַנצן טרויער פון יענע טראַגישע טעג.

באַזונדערס אָפּט פלעגן ייִדן דערמאָרדעט ווערן, ווען זיי פלעגן „וואַגן" צו קומען אין זייערע אייגענע אַמאָליקע פאַרלאָזענע הייזער, אָדער גע־

שעפטן, וועלכע זיינען פאַרנומען געוואָרן פון פּאָליאַקן. די נייע „באַלע־באַטים" האָבן זיך אַזוי אַרום — דורך דערמאָרדן די ייִדישע אייגנטימערס — פאַרזיכערט זייער „ירושה"...

מחמת די דאָזיקע פאַלן פלעגן שוין ייִדן מורא האָבן צו דערנענטערן זיך אַפילו צו זייערע אַמאָליקע ד' אַמות, נאָר פלעגן זיך ווענדן צום גע־ריכט. די געריכט־פּראָצעדור איז אָבער געווען אַ לאַנגע און אַ פאַרשלעפּ־טע. און אין בעסטן פאַל פלעגט דעם ייִדן צוגעפּסקנט ווערן אַ נישטיקע אַנטשעדיקונג פונעם אָרישן „יורש"... דערביי האָט ער זיך נאָך געמוזט טיילן מיטן פּוילישן אַדוואָקאַט...

אַזאַ מין „יורש" פלעגט זיך ביטער באַקלאָגן: באַשערט אים אַן אומ־גליק... זיינע שכנים פּאַוועל, וואַיטעק, צי קאַזיק וויסן נישט פון אַזעלכע צרות; זייערע אייגנטימערס־„זשידעס" זיינען פאַרגאַזט געוואָרן אין מאַי־דאַנעק, און מעשה־שטן זיין „זשיד", דער גודלאַי, האָט זיך אַראָפּגעיאַוועט! ער האָט נישט געקאָנט, גלייך מיט אַלע „זשידעס", גיין אין אויוון אַריין?...

קיין אַנדער נאָמען האָט אַ ייִד נישט געהאַט ביי די פּאָליאַקן, ווי נאָר: „ניעדאָזשניענטי"... (נישט־דערקוילעטער). נו, האָבן די פּוילישע כוליגאַ־נעס געזוכט צו פאַרענדיקן די שחיטה, וואָס די דייטשן האָבן נישט באַ־וויזן אויף הונדערט פּראָצענט.

אַוודאי שטימט עס נישט מיט קיין שום לאָגישע און נישט מיט קיין שום עטישע מענטשלעכע כללים. אָבער אַזוי איז עס געווען! דעם דאָזיקן אמת מוזן מיר זאָגן פאַר דער גאַנצער וועלט:

כמעט דאָס גאַנצע פּוילישע פאָלק איז פול געווען לגבי אונדז מיט שנאה נאָך אונדזער חורבן פיל מער ווי ווען עס איז פריִער. גלייך ווי די ווייניקע ייִדן, די על־פּי־נס ניצול געוואָרענע, זיינען שולדיק געווען, וואָלטן באַגאַנגען אַ פאַרברעכן לגבי די פּאָליאַקן דערמיט, וואָס זיי זיינען ניצול געוואָרן פון די דייטשע גאַז־אויוונס — — —

טייל פּאָליאַקן האָבן עס אויסגעדריקט דורך ווערטער, טייל דורך שטעכיקע בליקן אין גאַס, צי אין טראַמוויי און נאָך אַ טייל — דורכן לאַנגן מעסער... דורך קיעלץ וכדומה.

ווי געזאָגט: געווען אויך אַ טייל ערלעכע פּאָליאַקן; פּאָליאַקן, וועלכע זיינען די טרעגערס פון הומאַניטאַרע אידעען. און געוויסע פון זיי האָבן דאָך ריזיקירט מיט זייערע אייגענע לעבנס און אויסבאַהאַלטן ביי זיך די פאַרפאָלגטע ייִדן אויף דער „אַרישער זייט". אָבער צו־ווייניק זיינען זיי

געווען און צו־שוואַך איז געווען זייער שטים, וואָס איז צו דער מאַסע, צום המון נישט דערגאַנגען. און לאָמיר עס זאָגן אָפן: ווען נישט די מורא פאַרן געזעץ, פאַר דער מאַכט, וואָלט יעדן טאָג געווען אין פוילן אַ מעשה־קיעלץ... און וויפל טעג אַזעלכע וואָלט מען עס בכלל געדאַרפט האָבן, כדי צו ליקווידירן דאָס ביסל ייִדן פון דער שארית־הפליטה?... קיין טויט־פאַבריקן אַ־לאַ מאַידאַנעק זיינען גאָר נישט געווען נייטיק דערצו... און וואָס שייך די מעטאָדן, האָבן מיר געזען, אַז היטלערס פוילישע תלמידים זיינען ווייניק אָפּגעשטאַנען פון זייער ברוינעם רבין... דאָס האָט טאַקע באַוויזן דער שוידערלעכער פּאָגראָם אין קיעלץ, אין יולי 1946.

ס׳אַראַ גרויזאַם, מאַקאַברעיש בילד:

אַ גאַנצער המון פּאָליאַקן — צווישן זיי אַפילו אַ פּאָר איבערגעטוענע פּאָליציאַנטן! — האָבן געלינטשט 42 ייִדן: מיט לאָמען, מיט אייזנס, מיט שטיינער, מיט העק, מיט מעסערס און מיט וואָס נאָר עס האָט זיך געלאָזט! געשניטן ביי שוואַנגערע פרויען די בייכער, צעפּערטלט עופהלעך... אַ האָר נישט ערגער פון אַ האָפּמאַן — דעם סאַדיסט פון מאַידאַנעק...

און בראש פון דעם צעווילדעוועטן המון איז גראָד געווען אַ פרוי. אַ טייוול אין געשטאַלט פון אַ פרוי. אַ מאַמע פון צוויי קליינע קינדער. אויך זי האָט געכאַפּט אַ האַק און אַרויס אַ צעיושעטע פאַרויס פונעם המון.

קעגן וועמען?

קעגן דעם הייפל „נישט־דערקוילעטע" ייִדן; ייִדן געראַטעוועטע פון די לאַגערן, פון די בונקערס און וועלדער; ייִדן צעבראָכענע, דערשלאָגענע, אָן אַ גואל, אָן אַ פריינד, וועלכע האָבן אַלצדינג פאַרלוירן אין לעבן: זייערע נאָענטע און זייער האָב־און־גוטס; וועלכע זיינען געקומען נאָכן חורבן אין זייער היימשטאָט, אין זייער קיעלץ... און דאָס איז עס געווען דער „קבלת־פנים" פון זייערע פוילישע שכנים!

דער ייִדישער דיכטער חיים גראַדע, וואָס איז געווען אויף דער לוויה פון די קדושים אין קיעלץ, שרייבט־אויס דעם שוידער אין זיין פּאָעמע „קיעלץ":

אַרויס איז מיטן האַקמעסער די באַלעבאָסטע,
פון וואַרשטאַט איז אַרויס דער מייסטער מיט אַ פרענט,
און די געזעלן — מיט קאַנאַל־רערן פאַרראָסטע,
און אויך די וואַך געאַרבעט האָט מיט שוואַרצע הענט.
אין פּאָליציי־מונדיר האָט זיך אַ וואָלף פאַרשטעקט,
די קיילער־האַק האָט ער ביים גאַרטל אָנגעהאַנגען,

זי מיטן אָרעם פון גערעכטיקייט פאַרדעקט,
און מיט דער האָרדע דער צערייצטער מיטגעגאַנגען.

דער כומר איז אַרויס מיט צביעותדיקן פּרעפּל,
און זיינע תפילות, ווי פון פוילעניש אַ נעפּל,
האָט איינגעהילט די אָנפאַלערס אין קדושה־שיין.
דער לערער איז אַרויס פון שול מיט די תלמידים,
און אויך דער בעטלער, וואָס געשאָנקען האָט דער ייד אים,
און אויך די דינסט געוואָלט האָט ביי דער שמחה זיין.

ביז פון די פעלדער זיינען אויך אַראָפּ די שניטער,
בראש פון וואַלד־מורדים מיט וואַלדיקע געמיטער...
און זיך אויף אייך אַרויפגעשליידערט, מיינע ברידער,
און ווי פאַר גאָלד, פאַר אייערע פאַרקראַמפּטע גלידער
געקריגט זיך, הונדערט שטיינער פאַר איין שאַרבן,
און הונדערט הענט זיך האָבן צו איין גוף געריסן, —
געוואָלט האָט איטלעכער, אַז דו דורך אים זאָלסט שטאַרבן,
אַז דווקא ער זאָל האָבן דיך אויף זיין געוויסן.

(חיים גראַדע: „שיין פון פאַרלאָשענע שטערן")

אויך פון דעם דאָזיקן ציטאַט זעען מיר קלאָר דאָס טרויעריק־רעאַ־ליסטישע בילד ווער אַלץ עס זיינען געווען די רוצחים.

די אָפיציעלע גערעכטיקייט?

איז וואָס זשע קאָן אונדז אַרויסקומען, אַז מ׳האָט נאָך דעם 9 פוילישע רוצחים — די וויכטיקסטע פאָגראָם־העלדן — פאַרמשפּט צום טויט? אונ־דזערע 42 קדושים זיינען נישט לעבעדיק געוואָרן.

און בכלל: וואָס פאַר אַ זין און וואָס פאַר אַ ווערט האָט שוין געהאַט נאָך דעם דאָס לעבן פונעם קליינעם ביסל יידן אין פוילן צווישן אַזאַ ברו־טאַלער שנאה, צווישן אַזאַ מענטשנפרעסערישן האַס? אויף יעדן וועג האָט דאָך געלויערט אַ קויל אויף אַ ייד. און איז אַ ייד געווען אַ ריזיקאַנט און געפאָרן אין אַ צוג, האָט ער אַ גאַנצן וועג געמוזט טראַכטן אין וואַגאָן: „צי וועט מען דעם צוג נישט אָפּשטעלן? צי וועט מען אים נישט אַרויס־שלעפּן פאַר די פיס פון וואַגאָן אַראָפּ — און געענדיקט?"

די פוילישע מאַכט, וועלכע האָט דעמאָלט, וואָס אַן אמת, באַקעמפט די דאָזיקע מעשים־תעתועים, האָט דאָך נישט געקאָנט מיטגעבן יעדן ייד אין וועג אַריין עטלעכע זעלנערס מיט אויטאָמאַטן.

די גרויסע מערהייט פון פוילישן פאָלק; די מערהייט, וואָס איז אַחוץ איר אייגענעם אַלטן אַנטיסעמיטיזם, נאָך דעמאָראַליזירט געוואָרן דורך די דייטשן, האָט צו ייִדן געהאַט איין און די זעלביקע טענה: פאַר וואָס זיי האָבן זיך געראַטעוועט?... ווען אויך מיר — די שארית־הפליטה, די פאַר הונדערט טויזנט ניצול־געוואָרענע ייִדן — וואָלטן אומגעקומען, וואָלט דאָך די ייִדן־פראַגע אין פוילן אין גאַנצע הונדערט פראָצענט געלייזט געוואָרן!

די וויזיע — און אייגנטלעך: נישט נאָר די וויזיע... — אַזוי איז עס דאָך געווען כמעט דע־פאַקטאָ! — די וויזיע פון אַ פוילן אָן ייִדן האָט די ייִדן־פרעסערישע פאָליאַקן ממש פאַרשיכורט! די דאָזיקע פאָליאַקן האָבן זיך מיט זייער שנאה צו ייִדן גאָר פאַר קיינעם נישט געשעמט. זיי האָבן עס ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסגעוויזן, מאַניפעסטירט. די ייִדן־יחידים, וועלכע האָבן בעת דער אָקופּאַציע געלעבט פאַרשטעלטערהייט, ווי „אַריער" אויף דער „אַרישער זייט" אין וואַרשע, האָבן כסדר זיך צו־געהערט צו די מלא־שמחהדיקע רייד פון די פאָליאַקן:

זאָגט איינער:

— אַ טייערע זאַך איצט אין וואַרשע! אויס מיט די נאַלעווקעס! אויס מיט פראַנציסקאַנער און גענשע! אויס מיט די זשידעס. וואַרשע וועט שוין איצטער זיין נאָר פאַר פאָליאַקן!

זאָגט אַ צווייטער:

— די זשידעס זיינען שוין אַלע פאַרברענט געוואָרן אין מאַידאַנעק... איצט וועלן פאָליאַקן הערשן אין פוילן... היטלער האָט די זשידעס אויס־גערייניקט אַזוי ווי די מייז... דערפאַר אַליין דאַרף מען היטלערן אַ דענק־מאָל שטעלן...

זאָגט אַ דריטער:

— גאָט צו דאַנקען, איצט ווערן מיר אַליין די באַלעבאַטים אין אונ־דזער פוילן... זאָל זיך נאָר די מלחמה ענדיקן, וועלן מיר שוין וויסן ווי צו לעבן „פּאָ פּאָלסקיעמו"...

און די אומגליקלעכע פאַרשטעלטע ייִדן, וואָס הערן־אויס אַזעלכע שמועסן, דערשטיקן דעם וויטיק און צאָרן און מוזן שטאַרק אָנשטרענגען זייערע כוחות, כדי צו קאָנען מאַסקירן זייער פנים, וואָס זאָל ח"ו נישט אויסגעבן זייער אינעווייניקסטע איבערלעבונג...

אַזוי פלעגט עס אָפט פּאַסירן אין דער אָקופּאַציע־צייט, ווען די פּאָ־ליאַקן האָבן זיך עפנטלעך געטרייסט מיט דער געלייזטער ייִדן־פראַגע אין פּוילן.

## 8

דער גורל האָט געוואָלט, אַז פּוילן האָט זיך שפּעטער אויסגעפּאַרמירט נישט אַזוי ווי די דאָזיקע פּאָליאַקן האָבן זיך פאַרגעשטעלט.

דער אויפשטאַנד פון באָר־קאָמאַראָווסקי אין 1944 איז דורכגעפאַלן, נאָך דעם ווי עס האָט זיך אין וואַרשע פיל בלוט געגאָסן — אויך ייִדיש בלוט... בלוט פון די ייִדן אויף „אַרישע פּאַפּירן", די כלומרשטע פּאָליאַקן... די רויטע אַרמיי איז געשטאַנען בשכנות הינטער דער ווייסל און זיך רויִק צוגעקוקט צום דאָזיקן „ספּעקטאַקל"... צוליב פּאָליטישע חשבונות האָט די סאָוויעטן נישט געלוינט צו העלפן די פּאָליאַקן אין זייער אויפשטאַנד; אַז פּאָליאַקן זאָלן זיין די זיגערס, די באַפרייערס... איז וואָס זשע אַרט עס זיי, אַז די פּאָליאַקן מיט די דייטשן שעכטן זיך איינע די אַנדערע?...

און אַז עס איז געקומען די צייט ווען די רויטע אַרמיי האָט אַליין באַפרייט וואַרשע און געיאָגט די דייטשישע דעמאָראַליזירטע אַרמיי אַזש ביז בערלין — דעמאָלט איז באַלעבאָס איבער פּוילן געוואָרן פּאַקטיש מאָסקווע... נישט יענע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן זיך דעלעקטירט מיט אַ פּוילן אָן ייִדן...

מאָסקווע האָט טאַקע יאָ געשאַפן אַ רעגירונג פון פּאָליאַקן, אָבער פון אַזעלכע פּאָליאַקן, וועלכע זי האָט באַשטימט; פון כשרע קאָמוניסטן... ליתר תוקף האָט מאָסקווע, פון איין זייט, אַ כסדרדיק „אויג" פון דער „נ.ק.וו.ד.", וואָס איז איבער דער „אָו. בע." (די פּוילישע „נ.ק.וו.ד."...) און, פון דער צווייטער זייט, אַ צאָל איינהייטן פון דער רויטער אַרמיי אין געוויסע פּונקטן פון דעם נייעם פּוילן. מאָסקווע ווייס גאַנץ גוט, אַז צו פיל פריינד האָט זי נישט אין פּוילישן פאָלק; אַז מ'דאַרף די פּאָליאַקן גוט קוקן אויף די הענט...

די פאַרביטערטע פּאָליאַקן האָבן געפונען אַ שעיר־לעזאזל, אויף וועמען אויסצולאָזן דעם גרימצאָרן: ייִדן, פאַרשטייט זיך... זייער גאַנצע שנאה קעגן די רוסן, קעגן די „מאָסקאַליעס", וועלכע זיי האָבן קיין מאָל נישט ליב געהאַט — אַ שנאה פון דורות! — בפרט נאָך צו די „באָלשעוויקעס",

וועלכע זיינען געוואָרן די שטילע פּאַקטישע הערשערס אינעם נייעם פּוילן, — די גאַנצע שנאה זייערע האָבן די פּאָליאַקן אויסגעגאָסן צו דעם קליי־נעם רעשטל ייִדן. דערצו נאָך זיינען געציילטע ייִדן — נישט ווי ייִדן, פאַרשטייט זיך — געווען דעמאָלט אויף פּאַרטראָטן אין דער רעגירונג, ווי אַ שטייגער: יאַקאָב בערמאַן, הילאַרי מינץ און אַנדערע. דאָס זעלבע אויך אין דער אָנפירונג פון דער „או. בע.". דאָס האָבן די פּאָליאַקן בשום אופן נישט געקאָנט מוחל זיין, גלייך ווי די דאָזיקע געציילטע ייִדן זיינען עס געווען די איינציקע שולדיקע אין נייעם פּוילישן קאָמוניסטישן קורס...

כאַראַקטעריסטיש פאַר די אַנטיסעמיטישע שטימונגען אין פּוילן נאָכן חורבן איז געווען די קאַטוילישע וועלט. די קאַטוילישע גייסטלעכע, די פריידיקערס פון קריסטלעכער מאָראַל, פון „מענטשן־ליבע"... גראָד אָבער ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ייִדן, זיינען זיי שטום געווען ווי די פיש. ווען ייִדיש בלוט האָט זיך געגאָסן איבער די קיעלצער גאַסן האָבן זיי אָנ־גענומען אַ מויל מיט וואַסער. נאָך מער: לויט דער פריִער ציטירטער פּאָע־מע פון דיכטער חיים גראַדע, האָבן צווישן דעם המון אויף די קיעלצער גאַסן, בעתן פּאָגראָם, זיך אויך אַרומגעדרייט פאַרשווינען אין שוואַרצע סו־טאַנעס... און די דאָזיקע פרומע פאַרשווינען האָבן גוט געזען וואָס עס טוען זייערע גלוביקע. געזען און געשוויגן און מסתמא אין האַרצן געגעבן זייער ברכה די צעיושעטע רוצחים...

עס האָט מיט קיין וואָרט זיך נישט געווענדט צום פאָלק אַפילו דער דעמאָלטיקער קאַטוילישער מנהיג, דער מיטראָפּאָליט הלאָנד, — הגם ייִדן האָבן אים אַלאַרמירט, געפאָדערט פון אים. ווייל מ'האָט געוווּסט, אַז זיינס אַ וואָרט וואָלט געקאָנטווירקן, וואָלט געקאָנט אויסמיידן אַזעלכע קיעלצער „ספּעקטאַקלען"...

פאַר וואָס זיינען די פּאָליאַקן אין זייער גרעסטער מערהייט, און דערין אויך דער פּוילישער קלער, אַזוי פאַרסמט דורכן אַנטיסעמיטישן גיפט — דאָס איז שוין אַן ענין פאַר פּסיכאָלאָגן. דאָס איז אַ קאָמפּלעקס אַזאַ, וואָס קאָן נאָר דערקלערט ווערן דורך פּסיכאָפּאַטאָלאָגיע. די דאָזיקע כראָנישע קרענק ציט זיך אַזוי ביי די יעזוּיִטן נאָך פון פינצטערן מיטל־עלטער. אָבער דעמאָלט האָט מען נאָר געמיינט די ייִדישע נשמות. אַז אַ ייִד האָט זיך איינגעבראָכן און איז נישט מסוגל געווען צו קידוש־השם, האָט בלויז איין קוש דעם צלם אים געראַטעוועט פון אויטאָ־דאַ־פע. די היינטיקע יע־זוּיִטן, אין זייער שנאה צו ייִדן, גייען נאָך ווייטער ווי זייערע אַמאָליקע

רביים, די גרויס־אינקוויזיטאָרן פון אַלע צייטן און פון אַלע ערטער — זיי וואָלטן געוואָלט אומברענגען דעם ייִד אָן שום תּנאים: זיין גוף מיט זיין נשמה אינאיינעם! דאָס איז שוין געווען די השפּעה פון היטלערס דאָגמע, פון היטלערס „מיין קאַמף״. היטלער האָט אַפילו די משומדים פאַרשלאָסן אין די געטאָס און זיי צוזאַמען מיט אַלע ייִדן געפירט אין די גאַז־קאַמערן...

כאַראַקטעריסטיש, וואָס אַ ביסל שפּעטער מיט יאָרן האָבן די אָפיציע־לע קאָמוניסטישע קרייזן אין פּוילן אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע צו רעהאַבי־ליטירן דאָס פּוילישע פאָלק און „אויסוויסן״ זיינע ייִדן־פרעסערישע פלעקן. עס גייט זיי אין לעבן צו באַווייזן, אַז פּאָליאַקן (פאַרשטייט זיך, די „פּ.פּ.ר.״ —די קאָמוניסטן און זייער „אַרמיאַ ליודאָוואַ״) האָבן זיך כלומרשט מוסר־נפש געווען פאַר ייִדן; אַז זיי האָבן עס אינספּירירט די געטאָ צום אויפ־שטאַנד אין אַפּריל 1943; אַז זיי האָבן די געטאָ־קעמפערס געליפערט געווער וכדומה. אָבער די גאַנצע וועלט ווייסט שוין, אַז די ייִדן אין געטאָ זיינען געווען לחלוטין אָן שום הילף מצד דער „אַרישער זייט״. די אוי־טענטישע עדות זיינען די געציילטע ניצול־געוואָרענע העלדן פון געטאָ־אויפשטאַנד און אויך די אָפּגעפונענע טאָגביכער אין די אויסגעגראָבענע רינגעלבלום־אַרכיוון. אַדרבה, עס איז שוין אַ פעסטגעשטעלטע זאַך, אַז צו די אַלע אַפּעלן פון דער קעמפנדיקער געטאָ איז די גאַנצע „אַרישע זייט״, צוזאַמען מיטן פּוילישן אונטערערד, געבליבן טויב און גלייכגילטיק. די וואַרשעווער „יעווסעקן״ האָבן, נעבעך, געמוזט מיטמאַכן די דאָזיקע „רע־האַביליטאַציע״־קאַמפּאַניע און געהאָלפן „אויסוויסן״ די פּוילישע געזעל־שאַפט און איר שענדלעכע ראָל בעתן געטאָ־אויפשטאַנד. אַזוי האָט אויך דער היסטאָריקער בער מאַרק געהאַט, געמוזט שרייבן זיין בוך וועגן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, באַנוצנדיק אַ טענדענציעזע באַ־לייכטונג. אַזוי האָט ער אויך אין זיין בוך איבערדערציילט די בבא־מעשה, אַז מיטן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ האָט אָנגעפירט אַ סאָ־וויעטישער עמיסאַר פון מאָסקווע, וועמען אַ סאָוויעטישער אַוויאָן האָט עקסטראַ אַראָפּגעלאָזט ווי אַ פאַראַשוטיסט אין געטאָ... שפּעטער, בעת אַ ליבעראַלערן קורס אין פּוילן, האָט בער מאַרק אין אַ צווייטער אויפלאַגע באַזייטיקט אַ היפּש ביסל פון זיינע טענדענציעזע באַשרייבונגען מכּוח דער כלומרשטער אָנפירנדיקער ראָל פון די קאָמוניסטן אינעם אויפשטאַנד און ער האָט זיך דערנענטערט צו די אָביעקטיווע אמתדיקע פאַקטן.

נאָך שפּעטער אָבער — שוין נאָך בער מאַרקס טויט, אין 1968, בעת דעם ווילדן אַנטיסעמיטיזם אין דער גאָמולקאַ־רעגירונג גופא און אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי — איז שוין דער ייִד בער מאַרק מיט זיין געשיכטע פון געטאָ־אויפשטאַנד געוואָרן טריף. און אַוודאי און אַוודאי איז טריף געוואָרן זיין בוך „דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ", אין וועלכן דער מחבר דערציילט צוו"אַ — אויפן סמך פון גבית עדות — ווי אַ פּויער האָט אויסגעליפערט צו די דייטשן אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער פון דער ייִדי־שער פּאַרטיזאַנער־מחנה „פּאַרויס", וואָס האָט געקעמפט קעגן די היט־לעריסטן אין די ביאַליסטאָקער און סופּראַסלער וועלדער. בער מאַרק ווערט איצט שאַרף פּאַרדאַמט, אַז ער האָט אין זיין דערמאָנטן בוך זיך באַמיט טענדענציעז צו סוגערירן, אַז די פּוילישע באַפעלקערונג האָט נישט געהאָלפן קיין ייִדן, נאָר אַדרבה: מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן ביים פאַר־ניכטן ייִדן.

ווען דער היסטאָריקער בער מאַרק וואָלט איצט געלעבט, וואָלט אים נישט געוועז וואָס מקנא צו זיין...

די פּאָליאַקן שעמען זיך איצט מיט דעם דאָזיקן שענדלעכן אמת. אָבער קיין שום פאַרדאַמונגען און אָפיציעלע הכחשות וועלן שוין נישט באַוויזן צו ענדערן די אויטענטישע בלעטלעך פון יענער טראַגישער גע־שיכטע. אַדרבה, דער אומדערהערטער צעיושעטער אַנטיסעמיטיזם, וואָס פאַרסמט די מוחות פון די איצטיקע פירערס פון פּאָלקסדעמאָקראַטישן פּוילן, איז אַ באַקרעפטיקונג פון דער באַשולדיקונג מצד ייִדן קעגן אַ סך, אַ סך פּאָליאַקן בעת די טראַגישע טעג פון דער היטלעריסטישער ממשלת זדון אין פּוילן.

## 9

וואָס איז דעמאָלט, שוין אין 1946, דעם ביסל ייִדן, דער שארית־הפּליטה, געבליבן צו טאָן ביי אַזעלכע באַדינגונגען אויף דער פּוילישער ערד? וואַרטן ביז דאָס פּוילישע פאָלק וועט אויסגעניכטערט ווערן פון אַנ־טיסעמיטישן טשאַד? וואַרטן אויף בעסערע צייטן? צי האָבן אָבער ייִדן גע־קאָנט וואַרטן אויף דער דאָזיקער ערד, וואָס האָט שוין געברענט די טריט?... אַזאַ וואַרטן וואָלט דאָך געקאָנט „לייזן די ייִדן־פּראַגע" אין זין פון היט־לערס „מיין קאַמף" און זיינע פּוילישע נאָכפאָלגערס,

אמת, אין די זעלביקע יאָרן, באַלד נאָך דער באַפרייונג פון היטלער־רישן בלוטיקן אָקופּאַנט, האָבן די ייִדן פון דער שארית־הפּליטה געגאָסן פון רעלאַטיווער פרייהייט; פון אַזאַ פרייהייט, וואָס די סאָוויעטיש־רוסישע ייִדן האָבן קיין מאָל נישט געהאַט: די פּוילישע מאַכט האָט טאָלערירט די טעטיקייט פון אַלע ייִדישע פּאַרטייען, אָן אויסנאַם, בירגערלעכע ווי סאָציאַליסטישע. עס זיינען טעטיק געווען אַלע ציוניסטישע ריכטונגען — פון „מזרחי" ביז דעם „השומר הצעיר"; פון „בונד" ביז דער „אַגודה". און יעדע ריכטונג האָט געהאַט איר פּרעסע־אָרגאַן, איר טריבונע, סיי אין ייִדיש, סיי אין פּויליש. די ווענט פון די הייזער זיינען טאָג־טעגלעך פאַרקלעפּט געוואָרן מיט פּלאַקאַטן וועגן ייִדישע אונטערנעמונגען; וועגן מיטינגען; וועגן רעפעראַטן פון דער אָדער יענער פּאַרטיי. אַזוי איז עס געווען אין וואַרשע, אַזוי אין לאָדזש, אַזוי אין ווראָצלאַוו, אַזוי אין שטעטין און אין אַנדערע שטעט, ווו נאָר ס'איז געווען אַ געוויסער ייִדישער ישוב. אין משך פון די ערשטע נאָך־מלחמה־יאָרן זיינען דורך פּוילן דורכגעגאַנגען העכער צוויי הונדערט טויזנט ייִדן. די צאָל איז געווען אַ פליסיקע. ס'איז כסדר אָנגעגאַנגען דער עקזאָדוס. און די ציפער איז ביסלעכווייז פאַרקלענערט געוואָרן. אין 1946—1947 איז אין לאָדזש אַליין געווען אַ ייִדישע באַפעלקערונג פון העכער דרייסיק טויזנט ייִדן, — דעמאָלט די גרעסטע צאָל.

לאָדזש איז דעמאָלט געווען דער גרעסטער ייִדישער צענטער. דאָרט זיינען אויך דערשינען די אַלע ייִדישע צייטשריפטן מיט „דאָס נייע לעבן" בראש — דער אָרגאַן פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די ייִדן אין פוילן. די דאָזיקע צייטונג איז אָנגעגאַנגען ווי אַן אומפּאַרטיייִשע. די ייִדישע „פּ.פּ.ר." (די קאָמוניסטן) האָבן געהאַט זייער אייגענע צייטונג — „די פאָלקס־שטימע", וואָס דערשיינט עד־היום. מהאי טעמא איז דער ייִדישער ליטעראַטן־און זשורנאַליסטן־פאַראיין געווען אין לאָדזש און ער האָט דאָרט געפירט אַן אינטענסיווע ליטעראַרישע און קולטורעלע טעטיקייט. געווען אַן עולם, וואָס פלעגט קומען אין סאַלאָן פון שרייבער־פאַראיין אויף נאַרוטאָוויטשאַ 32 צו די אַלע אָוונטן, אויף וועלכע עס פלעגן אויפטרעטן די ניצול־געוואָרענע ייִדישע שרייבערס: פּראָזאַיקערס, פּאָעטן, פּובליציסטן. און געווען מאָמענטן, ווען מ'האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס ייִדישע לעבן פולסירט ווי אין די „אַלטע גוטע צייטן".

שוין אין 1946 האָט אין לאָדזש אָנגעהויבן צו דערשיינען דער חודש־

זשורנאַל „יידישע שריפטן" — אַ ריין ליטעראַרישע טריבונע, ווו עס זיינען געדרוקט געוואָרן די אַרבעטן פון די שרייבערס, וועלכע האָבן צו יענער צייט געוווינט אין פוילן, ווער לענגער, ווער קירצער.

מיטלען אויף די דאָזיקע אויסגאַבעס האָבן געשטראָמט פון אונדזערע אַמעריקאַנער ברידער דורכן „דזשאָינט", וואָס איז דעמאָלט טעטיק געווען אין וואַרשע, אָדער דירעקט פון אַמעריקע. דער יידישער שרייבער־פאַראיין האָט געגאָסן פון ביידע קוואַלן: סיי פון „דזשאָינט", סיי פון קאָמיטעט פאַר פליטים־שרייבערס ביים „י. ל. פרץ־שרייבער־פאַראיין" און „פען־קלוב" אין ניו־יאָרק. דאָס האָט דערמעגלעכט אַרויסצוגעבן דעם זשורנאַל „יידישע שריפטן" און אויך צוויי אַלמאַנאַכן אונטערן זעלביקן נאָמען. דאָס האָט אַגב אויך געגעבן באַשעפטיקונג שרייבערס, וועלכע האָבן דאָך אַלץ פאַרלוירן און זיינען געקומען בלויז צו חורבות.

די צייטונג „דאָס נייע לעבן" איז דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון בער מאַרק און „יידישע שריפטן" — אונטער דער רעדאַקציע פון אַ קאָלעגיע: לעאָ פינקעלשטיין, דוד ספאַרד און אפרים קאַגאַנאָווסקי. זינט 1947: דוד ספאַרד, אפרים קאַגאַנאָווסקי און אַברהם זאַק. אין 1948 האָט ספאַרדס אָרט פאַרנומען בינם העלער.

דער „דזשאָינט" איז געווען זייער פּזרנדיק אין אינוועסטיציעס. אַ דאַנק דעם „דזשאָינט" זיינען געגרינדעט געוואָרן אין פוילן קאָאָפּעראַטיוועס, אַרטעלן פאַר דער שארית־הפליטה. עס זיינען געעפנט געוואָרן שולן, קינדער־היימען, אינטערנאַטן אין פאַרשיידענע פונקטן פון פוילן, דער עיקר אין נידערשלעזיע. אין די אינטערנאַטן האָט מען צונויפגעזאַמלט די געראַטעוועטע יידישע קינדער פון קלויסטערס, אָדער פון פוילישע פאַמיליעס. אָפט פאַר היפּשע אויסקויף־געלטער.

ביי דער צייטונג „דאָס נייע לעבן" איז אין 1947 געגרינדעט געוואָרן אַ פאַרלאַג, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן ביכער פון די שרייבער־פליטים. מ׳האָט די שרייבערס געצאָלט האָנאָראַרן גאָר לייטיש. געדרוקט האָט מען די ביכער אין איבערגעטריבן גרויסע טיראַזשן — אין 5.000!... בעת עס האָבן נאָך געלעבט די 6.000.000 יידן האָט מען יידישע ביכער נישט געדרוקט אין אַזעלכע גרויסע טיראַזשן. ווו האָט מען אַהינגעטאָן אַזוי פיל ביכער? פשוט: מ׳האָט די ביכער צעטיילט פאַר אַלע שטעט; מ׳האָט זיי צעשיקט צו די פאַרשיידענע וואָיעוואָדישע קאָמיטעטן און יענע האָבן געדאַרפט זאָרגן פאַר דער פאַרשפּרייטונג. פאַרשטייט זיך, אַז הונדערטער

ביכער האָבן זיך געוואַלגערט אויף פּאַליצעס אָדער אין שפּייכלערס... און אויך די מיִיז האָבן פון די ביכער געגנאָסן... איך גופא, למשל, האָב גע־לאַכט אין געדאַנק, ווען מיין לידער־בוך „מיט אַש אויפן קאָפּ" איז גע־דרוקט געוואָרן אין די זעלבע 5.000 עקזעמפּלאַרן. פאַר דער מלחמה פלעגט מען על־פּי־רוב דרוקן לידער־ביכער אין 500 עקזעמפּלאַרן. בלויז אַ שרייבער, וועלכער האָט געוואָלט אַליין זיין דער מוכר־ספרים, פלעגט דרוקן 1.000 עקזעמפּלאַרן.

טייל מענטשן האָבן זיך געגערט מיט דער אילוזיע, אַז דאָס ייִדישע לעבן אין פּוילן גייט־אויף... אַז עס וואַקסט און צעבליט זיך...

דער גורל האָט אָבער אַנדערש באַשטימט... פון איין זייט דער טע־ראָר מצד די פּוילישע שאָוויניסטישע באַנדעס, וועלכע האָבן נאָך אַלץ געבושעוועט און געמאָרדעט ייִדן, און פון דער צווייטער זייט — דער געענדערטער פּאָליטישער קלימאַט. די ליבעראַליזאַציע מצד דער מאַכט האָט ביסלעכוויִז אָנגעהויבן איינגעשרומפּן צו ווערן. די רעלאַטיווע פריי־הייט איז נאָר געווען אַ ציִיטווייליקע. די ייִדישע פּאַרטייען האָבן זיך אַרומגעזען, אַז זיי שטייען פאַר אַ געפאַר... די סאָוויעטישע סאַטראַפּן האָבן נישט־אָפיציעל דיריגירט מיט די פּוילישע מלוכה־פירערס און דער רעזשים האָט זיך גענומען ראַש בייטן. אין דעם געענדערטן קלימאַט האָבן זיך גענומען אָפּשטעלן די ייִדישע צייטשריפטן. די שטעט זיינען געוואָרן ליידיקער, אַלץ מער ליידיקער פון ייִדן. ייִדישע שרייבערס זיינען געוואָרן „האָזן" און אין שרייבער־פאַראיין איז געוואָרן שיטערער. „דאָס נייע לעבן" האָט זיך אַריבערגעטראָגן קיין וואַרשע, און לאָדזש — דער גרעסטער ייִדישער צענטער אין יענע טעג — איז געוואָרן פאַר ייִדן ווי אַ פּוסטע קרעטשמע.

די ייִדישע מאַסע האָט נאָך אין 1946 — אין פּעריאָד פון שאַרפסטן כוליגאַנישן טעראָר — געפונען אַ ליִזונג: אַנטלויפן...

דער קוראָרט קודאָוואַ אין נידערשלעזיע, האַרט ביי דער טשעכישער גרענעץ, איז דעמאָלט געוואָרן דער באַלעבסטער פּונקט אין פּוילן: דאָרט איז מען עס איבערגעגאַנגען די גרענעץ און אַהין האָבן געשטראָמט די פּוילישע ייִדן, די שארית־הפליטה — די נישט־דערשאָכטענע... ייִדן זיינען געלאָפן פון האַס און רציחה. אַבי ווייטער, ווייטער... אויך דורך אַנדערע וועגן, דורך דייטשישע גרענעץ־פּונקטן האָבן זיך געצויגן פון פּוילן די

רעשטלעך ייִדן, דער זכר פֿון מיליאָנען, דער זכר פֿונעם פּילפּאַרביקן ייִדנטום — — —

## 10

נישט מיט אַ גרינג געמיט האָבן זיך געזעגנט מיט דער פּוילישער ערד די „נישט־דערשאָכטענע". גאַנצע דורות זיינען דאָך די פּוילישע ייִדן געווען פֿאַרבונדן מיט דער דאָזיקער ערד. פֿון זייער אַמאָליק האָב־און־גוטס, פֿון זייערע הייזער און ברייזער איז זיי פֿאַרבליבן נאָר אַ מאָגערער רוקזאַק אויף די פּלייצעס; פֿון אַזוי פֿיל טייערע און נאָנטע — געבליבן אַליין און פֿאַרוואָגלט אויף גאָטס וועלט... דער ייִד, וואָס איז אַוועק אין נע־ונד איז געשטאַנען פֿאַר דער פֿראַגע: „וווהין"?... וואָס האָט אים דער־מאָלט דערוואַרט אין זיין נייעם נע־ונד?... די טויערן פֿון אַלע לענדער זיינען געווען אויף זיבן שלעסער פֿאַרריגלט. די ברייטע וועלט איז געווען פּרעמד, קאַלט, גלייכגילטיק צום גורל פֿון די פֿאַרוואָגלטע. טויזנטער, טויזנטער פֿון די ייִדן, וועלכע זיינען געלאָפֿן ווי פֿון אַ שׂרפֿה, האָבן אין ערגעץ קיינעם נישט געהאַט; נישט קיין קרובֿ, נישט קיין גואל. אַ ביי טראַגיש קאַפּיטל האָט זיך אויפֿגעמישט פֿאַר זיי נאָך די יאָרן פֿון גרויל און אומקום...

און נאָך מער פּיין, נאָך מער ווייטאָג איז פֿאַר טויזנטער געווען, וואָס אויך ארץ־ישׂראל — דאָס היסטאָריש ייִדישע לאַנד! — איז געווען פֿאַר־האַקט און פֿאַרשלאָסן פֿאַר די ייִדישע היימלאָזע פֿון 1946—1947. אַזוי איז געווען דער יושר פֿון דער ענגלישער מאַנדאַטן־מאַכט בימי בעווין. און דאָרט, ביי די ברעגעס פֿון מיטללענדישן ים, האָבן זיך אין יענער אומהיימלעכער צייט דעריבער אָפּגעשפּילט, פֿון איין זייט, העראָישע און פֿון דער אַנדערער זייט שוידערלעכע סצענעס מיט די האַלב־חרובֿע שיפֿן און שיפֿלעך פֿון די העלדישע מעפּילים. ארץ־ישׂראל איז געווען פֿאַרריגלט אין אַ צייט, ווען זי האָט געקאָנט ווערן אַ טרייסט פֿאַר אַלע אירע פֿאַר־וואָגלטע זין, די קרבנות פֿון ווילדער שׂנאה און האַס!

אַ גרויסער טייל פֿון דער פּליטים־מאַסע האָט זיך בלית־ברירה באַ־זעצט אין די „די־פּי"־לאַגערן, ווו זיי זיינען געווען פֿאַרמשפּט אויף וועג־געטאַציע. אויסגעוואָרצלטע נאָך זינט דעם אָנהייב פֿון ייִדישן חורבן, האָבן זיי ווייטער געמוזט ממשיך זיין אַ לעבן פֿון מענטשן אָן אַ היים, אָן אַ באָדן.

מענטשן זיינען געוועזן אָנגעוויזן אויף די אַמעריקאַנער קאָנסערוון־פּושקעס. אַ לעבן אָן אַ היינט, אָן אַ מאָרגן.

אָן אַנדער טייל פון דער פליטים־מאַסע האָט נישט רעזיגנירט און האָט דורך וועגן און אומוועגן זיך געריסן — לעגאַל, צי נישט־לעגאַל צו די גרענעצן פון אַנדערע לענדער. און צום נאָענטן מזרח, צו די ברעגעס פון אויסגעטרוימטן לאַנד, האָבן ייִדן נישט אויפגעהערט צו שטראָמען. און שטראָמען פון פאַרצווייפלטע איז שווער צו פאַרצוימען. עס איז אָנ־געגאַנגען דאָס הערלעכע קאַפּיטל „בריחה", וואָס זיין קולמינאַציע־פּונקט איז געוועזן דער באַרימט־געוואָרענער עפּיזאָד מיט דער מעפּילים־שיף „עקזאָדוס". איז דאָס ייִדישע געשריי געגאַנגען ביז צו די הימלען; האָבן ייִדישע פּראָטעסטן אַריינגעדרונגען אין פאַרלאַמענטן; האָבן ייִדן געמאָנט יושר ביי דער גלייכגילטיקער וועלט, וואָס האָט געשוויגן בעת אין פּוילן האָבן טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט געגרויכערט די קוימענס פון די דייַ־טשישע קרעמאַטאָריעס... ווען אַ פאָלק איז פאַרברענט געוואָרן — — —

האָבן הערצער אַ ציטער געטאָן. איז דאָס געוויסן פון דער וועלט רויט געוואָרן פאַר בושה. איז געקומען דער גרויסער נס פון אונדזער דור — דער נס פון מדינת ישראל — — —

האָבן זיך לסוף די תמיד פאַרריגלטע טויערן פון ישראל געעפנט און אָנגעהויבן אַריינבעמען די אַלע פאַרוואָגלטע פון די נע־ונדן, — אַלעמען, אַלעמען, סיי וועמען עס האָט אַהין געצויגן מחמת אַלטער ייִדישער בענ־קעניש, סיי פּשוט די אַלע, וואָס האָבן געזוכט שוץ און אַ מקלט אין דער פאַרוואָגלטקייט און היימלאָזיקייט; וואָס האָבן געזוכט אַ ווינקל צו קאָנען אויסשפּרייטן זייער געצעלט און צוזאַמען מיט ברידער־ייִדן ווידער בויען ייִדישן קיום, ייִדישן המשך... אַ לעבן אָן שנאת־חינם, אָן האַס, אָן מאַסן־קברים, אָן טרעבלינקעס, אָן הרוגי־קיעלץ — — —

אַזוי האָבן זיך געצויגן אַהין ייִדן פון פּוילן — די רעשטלעך פון אַ דורותדיק־פאַרצווייגטן ייִדישן לעבן, צוזאַמען מיט די רעשטלעך ייִדן פון רומעניע, פון טשעכיע, פון אונגאַרן און אַנדערע מדינות פון דער נאָך־מלחמהדיקער צעפּייניקטער אייראָפּע, איבער וועלכער עס איז אַריבער דער היטלעריסטישער טויטנדיקער שטורעם — — —

## 11

אין סך־הכל זיינען פאַרבליבן אין פוילן מער־ווייניקער אַ 20—25 טויזנט ייִדן. אַ געוויסער טייל פון זיי לעבן ווי ניי־געבאַקענע „מאַראַנען“, ווי „אַריער“ מיט פאַרפוילישטע נעמען, וואָס ענדיקן זיך אויף „סקי“. הגם קיין גאַז־קאַמערן און קיין געטאָס זיינען אין פוילן שוין נישטאָ, פון דעסט וועגן פעלט אויך נישט די איצטיקע פּאָליאַקן קיין ייִדן־שנאה... שיצן זיך די יעניקע ייִדן אונטער פוילישע נעמען. נישט תמיד העלפט עס זיי. פּאָליאַקן דערשפּירן שוין דעם „ערזאַץ“...

די פוילישע מאַכט האָט גראָד צו די רעשטלעך ייִדן לכתחילה אַרויס־געוויזן טאָלעראַנץ; אַרויסגעוויזן ברייטהאַרציקייט לגבי דעם קולטור־גע־זעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד און געשטיצט די ייִדישע קולטור: ייִדיש טעאַ־טער (דאָס באַקאַנטע טעאַטער פון אידאַ קאַמינסקי), שולן, אַ ביכער־פאַר־לאַג, אַפילו דעם ייִדיש־רעליגיעזן קולט, דעם ייִדישן היסטאָרישן אינסטי־טוט וכדומה. די געציילטע שרייבערס, וועלכע זיינען געבליבן אין פוילן, האָבן געלעבט מאַטעריעל פאַרזיכערט. מ׳האָט אַרויסגעגעבן ביכער, דעם זשורנאַל „ייִדישע שריפטן“ און מ׳איז אָנגעגאַנגען מיט קולטור־אַקטיווי־טעטן אין די שמאָלע איינגעשרומפּענע ראַמען פונעם קליינעם ייִדישן ישוב. פאַרשטייט זיך, אַז איטלעכן פון די שרייבערס פּייניקט אָפּט די אָפּ־געריסנקייט פון דער ברייטער ייִדישער וועלט, די איינזאַמקייט, וואָס איז שכיח אין אַ פּאַרוואָרפענער פּראָווינץ. דערצו קוקט זיך צו יעדער איינער פון די שרייבערס — נישט אָן ווייטאָג — ווי וואַרשע בויט זיך צוריק אויף אויף די חורבות פון געטאָ, ווי אויפן שטח פון די אַמאָליקע נאַלעוו־קעס און פּראַנצישקאַנער, פון מוראַנאָוו און זאַמענהאָף־גאַסן וואַקסן־אויס נייע, שיינע, מאָדערנע הייזער־בלאָקן, נייע גאַסן און סקווערן — און דאָס אַלץ נאָר פאַר פּאָליאַקן, נאָר פּאָליאַקן זיינען די באַוווינערס פון די נייע הייזער און גאַסן. און אין די סקווערן שפּילן זיך קריסטלעכע קינדער מיט בלאָנדע קעפּלעך; נישט ווי מאָל אונדזערע משהלעך און שלמהלעך אין קראַשינסקיס גאָרטן — — —

קען אַ ייִדישער מענטש זיך צוקוקן צו דעם אַלעם אָן האַרצווייטאָג?

דער פּאָליטישער קורס אין פוילן האָט זיך כסדר געביטן. אַ מאָל איז ער געווען האַרט, סטאַליניסטיש — דאַן האָבן עס באַזונדערס דערפילט

די רעשטלעך ייִדן; אַ מאָל ווידער איז דער קורס געווען ווייך, מער ליי־בעראַל. איןביידע פֿאַלן האָט מען דעם אַנטיסעמיטיזם ביים פֿאָלק נישט געקאָנט אויסוואָרצלען.

האָבן ייִדן אויסגענוצט אַ ווייכן קורס, ווען די עמיגראַציע־מעגלעכ־קייטן זיינען געווען גרעסערע — און אַ היפּשער טייל ייִדן האָט זיך גע־לאָזט אין דער וואַנדערונג: ווער קיין ישראל, ווער אין אַנדערע לענדער. הלוואי וואָלט אַזוי געקאָנט געשען מיט די דריי מיליאָן ייִדן אין סאָוויעט־רוסלאַנד, ווו די טויערן זיינען פֿאַרשלאָסן ווי אין אַ תּפֿיסה.

אין פּוילן האָט דער אַנטיסעמיטיזם אַריינגעדרונגען אויך אין די קאָ־מוניסטישע קרייזן, און ביי אַ האַרטערן קורס האָט מען אָנגעהויבן באַ־זייטיקן ייִדן פֿון רעגירונג־„פּלאַצוווקעס" — אַפֿילו די יעניקע ייִדן, וואָס לעבן עד־היום אויף „אַרישע פּאַפּירן".

האָט דאָך כרושטשאָוו בשעתו, בעת זיינעם אַ באַזוך אין וואַרשע, אַ זאָג געטאָן צו גאָמולקאָן מיט פֿאַרוווּרף:

— ביי אייך אין די רעגירונג־אַמטן זיינען פֿאַראַן צו פֿיל „אַבראַמאָ־וויטשעס"...

און ודי לחכימה ברמיזא... איז דער געטרייער סאַטעליט (אַ ברירה האָט ער?...) געגאַנגען אין די שפּורן פֿונעם מאָסקווער „באָס", וועלכער האָט ביי זיך אינעם גרויסן לאַנד שוין לאַנג אויסגעריייניקט די וויכטיקסטע אַמטן פֿון די „אַבראַמאָוויטשעס"...

איז קיין וווּנדער נישט, וואָס אַפֿילו טייל ייִדישע קאָמוניסטן האָבן זיך אויסגעניכטערט און ביי אַ גוטער קאָניונקטור פֿאַרלאָזט דאָס פֿאָלקס־דעמאָקראַטישע פּוילן. און אַוודאי און אַוודאי האָבן עס געטאָן 90 פּראָצענט ייִדישע שרייבערס. איינציקווייז איז מען זיך אַזוי צעפֿאָרן איבער דער וועלט, דער עיקר אין דער נייער ייִדישער מדינה, ווו דאָס לעבן בויט זיך נישט אויף דיסקרימינאַציעס. אמת, אפֿשר אַ שווער לעבן פֿאַר אַנדערע, אָבער אַ פֿריי לעבן...

איז אויך נישט קיין חידוש, וואָס אַזאַ קאָמוניסטישער פּאָעט, ווי עס איז געווען לאַנגע יאָרן בינם העלער (איצט איז ער שוין אַן אויסגע־ניכטערטער...) איז אַוועק אַן אַנטוישטער קיין ישראל, מיט אַ ווייטיקלעכן קלאָגליד:

אוי, האָט מען מיין לעבן מיר צעבראָכן . . .

אַזוי העלער, אַזוי אַנדערע שרייבערס (צווישן זיי דער זייער פּראָדוק־טיווער דיכטער, משלים־שרייבער און פּראָזאַיקער לייב אָליצקי), וועלכע האָבן געפונען זייער היים אין ישראל, ווו זיי האָבן פריי פונאַנדערגע־שפּרייט זייערע פליגל.

איז נאָך אָרעמער, נאָך טריבער געוואָרן דאָס לעבן פון די ווייניק־פאַרבליבענע יידן אויף דער פוילישער ערד. וואָס איז עס פאַר אַ לעבן, וואָס איז אָפּהענגיק תמיד פון פּאָליטישן קלימאַט? אַז מען מוז תמיד קוקן אויפן וועטער־הענדל, כדי צו זען וווהין די ווינטן בלאָזן... און וואָס פאַר אַ לעבן איז עס פאַר די יעניקע, וואָס לעבן נאָך אַלץ אויף זייערע „אַרישע פּאַפּירן", מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַנוצט אין דער פינצטערער היטלער־צייט? כ׳מיין די יידן, וועלכע עס קומט־אויס צו אַרבעטן אויף איין „פּלאַ־צוווקע" מיט פּאָליאַקן. טראַגי־קאָמיש זעען זיי אויס, אָט די נעאָ־מאַראַנען, שוין נאָך די היטלער־יאָרן.

איך האָב, למשל, געקענט אַ פרוי אין לאָדזש (פאַר מיין אַרויספאָרן), אַ געראַטעוועטע אויף דער „אַרישער זייט", וועלכע האָט מיר איין מאָל געוויזן איר אַמאָליק צלמל, וואָס זי האָט געטראָגן אויפן האַלדז בעת דער היטלער־אָקופּאַציע.

— צו וואָס האַלט איר עס נאָך איצט? — האָב איך זי געפרעגט פאַר־חידושט.

האָט זי מיר מיט אַ טרויעריקן שמייכל געענטפערט:

— אָט זאָל עס ליגן... ווער ווייס... וו׳ראַזיע פּאָטשעבי...

ס׳הייסט: אין פאַל עס וועט נייטיק זיין...

דאָס זאָגט שוין אַ סך... בפרט אין אַ סאַטעליטן־לאַנד, ווו מ׳איז קיין מאָל נישט זיכער וווהין דער ווינט קען נעמען בלאָזן... אַ מאָל קען דער קורס זיין אַ ליבעראַלער לגבי יידן און אַ מאָל ווידער... ווער ווייס?...

אָט האָט זיך דער קורס פּלוצלינג אַ בייט געטאָן לרעה אַ ביסל שפּע־טער מיט יאָרן. איך מיין — זיבנט יוני 1967, נאָך די היסטאָרישע „זעקס טעג" פון דער בליץ־מלחמה אין ישראל, ווען צה"ל האָט אויף אַ לעגענדאַרישן אופן צעקלאַפּט די אַלע אַראַבישע אַגרעסיוו־פערישע אַרמייען, וועלכע זיינען באַוואָפנט געוואָרן און אויפגעהעצט געוואָרן קעגן ישראל פון „סאָציאַליסטישן" און „פרייהייט־ליבנדיקן" ראַטנפאַרבאַנד. זינט אָט דער מפּלה פון די אַראַבישע לענדער און גלייכצייטיק אויך פון סאָוויעט־רוסלאַנד, האָט גאָמולקאַ, לויט אַ „פּריקאַז" פון מאָסקווע — ווי אַלע אַנ־

דערע סאַטעליטן־לענדער (אַחוץ רומעניע און נאָך דעם טשעכאָסלאָוואַקיע) — געמוזט פּלוצלינג איבערדרייען דעם פּעלץ און איבערגעשטראָכן זיין גאַנצן ליבעראַליזם בנוגע דעם ביסל פּאַראייניזאַמטע ייִדן אין פּוילן, וועל־כע ער האָט געוואָרנט מיט דער גאַנצער שטרענגקייט, אַז זיי זאָלן זיך אויפהערן צו פרייען מיט ישראלס נצחון; אַז זיי מוזן — גלייך ווי די ייִדן אין סאָוויעטישן „גן־עדן" — פאַרדאַמען ישראל ווי אַן „אַגרעסאָר"... אַז עס וועלן אין פּוילן נישט טאָלערירט ווערן קיין עפנטלעכע סימפּאַטיעס צו ישראל; אַז דאָס סאָלידאַריזירן זיך מיט ישראל הייסט נישט מער און נישט ווייניקער ווי די אונטערגראָבערישע אַרבעט פון אַ „פינפטער קאָ־לאָנע".

און ייִדישע פּען־מענטשן האָבן בחרפּתם געמוזט אויספאָלגן דעם „פּריקאַז" און מיט ווייטאָג אין האַרצן, זיכער קעגן אייגענעם ווילן און איבערציייגונג, געמוזט מיטמאַכן די מיאוסע שפּיל און אַרויסגיין אין דער פּרעסע מיט אַן עפנטלעכער פאַרדאַמונג קעגן ישראלס „אַגרעסיע"... איז קיין ספק נישט, אַז נישט איינעם פון די ייִדישע פּען־מענטשן פּייניקט איצטער אַ חרטה־געפיל, פאַר וואָס ער האָט נישט אין צייט נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון אַנדערע שרייבערס און איז נישט אַרויס אין דער פרייער וועלט אַריין... יענע שרייבערס, וועלכע זיינען געווען מער ווייטזעעוודיק, טוליען זיך איצט צו אַנדערע ישובים: סיי אין ישראל, ווו פאַר אונדזערע אויגן שמידט זיך אַ ניי אויפגייענדיק לעבן, אַ ייִדישע זעלבשטענדיקייט; סיי אויך אין די אַנדערע לענדער אין אייראָפּע און אין די אַמעריקעס, ווו ייִדן ציִען ווייטער דעם דורותדיקן המשך. דאָרט, אין די אַלע לענדער, קען נישט געמאָלט זיין, אַז ייִדן זאָלן קעגן זייער ווילן, קעגן זייערע אי־בערצייגונגען און קעגן זייער ליבשאַפט צו ישראל — גאָר געצוווּנגען זיין אַרויסצוטרעטן קעגן ייִדישן לאַנד מיט העסלעכע „פאַרדאַמונג־דעקלאַראַ־ציעס", — ווייל אַזוי ווילן, אַזוי באַפעלן די ייִדן־פרעסערישע מושלים, די פאַרשפּרייטערס פונעם קאָמונאָ־פאַשיזם פון מאָסקווער קרעמל.

ייִדן ווערן איצט מאַסנווייז באַזייטיקט פון זייערע „פּלאַצוווקעס" — אַפילו ייִדן־קאָמוניסטן, ביי וועמען מ'געפינט אַ פּסול אין זייערע קאָמו־ניסטישע ציצות... און אַ סך פון די באַזייטיקטע ווערן אויך אַרויסגעוואָרפן פון זייערע דירות — אויב נאָר די דירות זיינען לייטישע... די אַרויסגע־וואָרפענע שיקט מען אויסער די גרענעצן פון צענטער, אין די פאָרשטעט.

כאַפּן זיך איצט די לעצטע יִידן אויף דער פּוילישער ערד צום וואַנ־דער־שטעקן. נישט נאָר וואָס מען שטערט זיי נישט — נאָר אַדרבה: „גייט אייך, זשידקעס, גייט אייך״... אָבער דאָס קאָנען נישט טאָן די זקנים, די קראַנקע, די שוואַכע, די פאַרצווייפלטע...

דערמאָנט עס די דיסקרימינאַציעס אין סאָוויעט־רוסלאַנד אין 1948 — ווען דער דעספּאָט פון קרעמל האָט דערקלערט דעם גענאָסיד אויף אַלץ וואָס איז יִידיש; אויף אַלעמען, וואָס טראַכטן ווי יִידן...

ווערן די פאַרפאָלגטע יִידן אין איצטיקן פּוילן — אַפילו יִידן־קאָמו־ניסטן — פאַרשריִען ווי „ציוניסטן״, וואָס סימפּאַטיזירן מיט די „אַגרע־סאָרן״ פון ישראל און זײַנען פּײַנטלעך צום „סאָציאַליסט״ נאַסער, בעבעך.

אַזאַ טראַגישע אַנטוישונג פאַר די גלויביקע, וואָס האָבן געשטעקט אין דער קאָמוניסטישער עבודה־זרה.

און אַפילו נאָך די הכנעהדיקע זשעסטן מצד דעם ביסל שרײַבערס און אינטעלעקטואַלן אין איצטיקן פּוילן האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן אַן אמתע וואַקכאַנאַליע פון נגישות און פאַרפאָלגונגען מצד דער „האַרטער״ גאָמולקאַ־מאַכט און דער „או.בע.״ (די פּוילישע ג.ק.ו.ד.): הערש סמאָליאַר — דער סאַמע פאַנאַטישער „יעווסעק״! — איז באַזייטיקט געוואָרן פון דער „פאָלקס־שטימע״, ווו ער איז געווען רעדאַקטאָר; מיכאל מירסקי — דער צווייטער עקסטרעמער „יעווסעק״ — זיצט שוין הינטער קראַטן; דוד ספאַרד איז באַזייטיקט געוואָרן פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד; די פירערין פון יִידישן מלוכה־טעאַטער אידאַ קאַמינסקי האָט פאַרלאָזט פּוילן: דער אַנטיסעמיטישער טשאַד האָט איר אָנגעהויבן ווערגן...

נישט אויסגעהאַלטן דעם אַנטיסעמיטישן טשאַד אין פּוילן האָט אויך דער יִידיש־פּוילישער שרײַבער סטאַניסלאַוו וויגאָדסקי, וועלכער געפינט זיך שוין איצט אין ישראל און אָטעמט מיט פרײַער לופט — ווי אַ יִיד, צווישן יִידן, אָן אַן אַריער־מאַסקע און אָן פּסיכישע קאָמפּלעקסן.

זײַן ביישפּיל באַמִיען זיך בשתיקה נאָכצוטאָן אויך אַנדערע שרײַבערס.

די שטים פון די יִידישע שרײַבערס אין פּוילן איז פאַרשטומט. זיי זײַ־נען שטילער פון וואַסער און נידעריקער פון גראָז. עס קלעקט זיי נישט קיין מוט, ווי אַ שטייגער, די פּוילישע שרײַבער־רעבעלן, ווי סלאָנימסקי, וויעזשינסקי און אַנדערע, וועלכע טרעטן־אַרויס אין אָפּאָזיציע מיט אָפע־נער קריטיק קעגן פאַרמעסט אויף דער פרײַהייט פון וואָרט; קעגן דער „גלײַכשאַלטונג״...

**
*

וועז די רעשטלעך ייִדן פאַרלאָזן זייערע חרובע היימען, געזעגענען זיי די פּוילישע ערד:

— אַדיע, פּוילן! טויזנט יאָר האָבן מיר דיר געהאָלפן בויען דיין לאַנד, פאַרגרעסערן דיין וווילזיין און באַרייכערן דיין לעבן. גאַנצע דרייסיק דור־רות פון ייִדישן פלייס, פון ייִדישן זשעני האָבן מיר דאָ אינוועסטירט. מיר לאָזן־איבער ביי דיר אונדזערע בית־עולמס, דאָס צעוויייעטע אַש פון אונ־דזערע טייערסטע, פון אונדזערע קדושים אויף דיינע פעלדער. זאָל עס דיר דינען ווי אַ מעמענטאָ, וואָס קען אַ מאָל ברענגען צו אַ שלאָפלאָזער נאַכט... צו אַ שטילער שעה, ווען עס וועקט זיך דאָס געוויסן — — —

ווי גרויס, ווי טיף עס זאָל נישט זיין אונדזער פּיין, אונדזער בראָך מחמת דעם אומקום פון אונדזערע מיליאָנען ברידער אין מדינת פּוילן — דערהאַלט אונדז דער כוח פון אייביקן ייִדישן בטחון, פון נצח ישראל ...

אַפילו אין די טראַגישסטע מאָמענטן, אַפילו אין די געטאָס און „פאַב־ריקן פון טויט", ווען דער חלף פון דייטשישן מערדער איז געלעגן אויפן ייִדישן האַלדז — אַפילו דעמאָלט האָט פאַרקלונגען דאָס ליד פון אונדזער בטחון:

זאָג נישט קיין מאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג — — —

דער זעלביקער ייִדישער בטחון האָט געבוירן אין ישראל פריִער דעם פּלמ"ח און די „הגנה" אין „מלחמת השחרור" און שפּעטער דעם „צה"ל"; פריִער די ייִדישע העראָיִק אין נגבה און יד־מרדכי, אין גליל און אין די הרי־יהודה, אין צפת און ירושלים... און שפּעטער — אין יוני 1967 — די רומפולע היסטאָרישע און לעגענדאַרישע „זעקס טעג" פון גבורה און נצחון — — —

פון וואַרשעווער געטאָ ביז מלכות ישראל — — — *

געשריבן אין וואַרשע אין 1948; דערגאַנצט און אַקטואַליזירט אין בוענאָס־איירעס אין 1968.

---

* די ערשטע שורה פון ליד „מלכות ישראל" פון אַברהם זאַק (פון בוך „יאָרן אין וואַנדער").

# מיט צוואַנציק יאָר צוריק

(אַ קאַפּיטל זכרונות)

## 1

אַנאָ 1948.

פּוילישער פרילינג. דריטער יאָר נאָכן יידישן חורבן. פינפטער יאָר־טאָג פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ און די אָפּדעקונג פונעם דענק־מאָל אין געטאָ.

ערב 19טער אַפּריל.

געווען דעמאָלט אין וואַרשע אַ מין קיבוץ־גלויות פון יידן מאַרבע פינות העולם. עס זיינען געקומען אַ פּאָר הונדערט יידישע דעלעגאַטן צו דער פייערונג פון דער גאַנצער יידישער וועלט; יידן פון אַלע ריכטונגען, פון אַלע פּאָליטישע קאַלירן. געווען אַפילו אַ שליח פון וויטן שאַנכײַ. די גרעסטע דעלעגאַציע איז געקומען פון ארץ־ישראל: געווען אין איר יעקב זרובבל, ד״ר אַברהם לעווינסאָן, אַברהם שלאָנסקי, דוב כאָמסקי, מיקוניס (פון מק״י). פון לאָנדאָן איז געקומען צוו״אַ: איציק מאַנגער — אין נאָמען פון אינטערנאַציאָנאַלן פּען־קלוב. פון אַלע ישובים אין פּוילן גופא, ווו נאָר עס האָט זיך באַזעצט די שארית־הפליטה, דער עיקר פון נידערשלעזיע, זיינען געקומען יידן אין די מאַסן.

נישט פאַרגעסלעך איז ביי מיר געבליבן דער רושם פון דער יידישער פאָלקס־קאָנצענטראַציע אין ריזיקן זאַל פון קינאָ „ראָמאַ״ אין יענעם זונ־טיק ערב דעם 19טן אַפּריל. דער קינאָ־זאַל איז געווען פול איבער די ברעגעס. אויף דער טריבונע, אין צענטער פון פּרעזידיום, זיינען געווען אויסגעזעצט די „פּני״ פון דער פּוילישער רעגירונג און מיליטער: עטלע־כע מיניסטאָרן און גענעראַלן (דעמאָלט איז נאָך מעגלעך געווען אין פּוילן אַזאַ „זשעסט״ לגבי די רעשטלעך „נישט־דערקוילעטע״...) מיטן פּרעמיער־

מיניסטער יוזעף ציראַנקעוויטש בראש. אין פּרעזידיום איז אויך פאַרבעטן געוואָרן דער צוריקגעקומענער פּוילישער פּאָעט, דער לאָדזשער ייִד יוליאַן טוווים — דאָס מאָל ווי דער פאַרזיצער פון דער געזעלשאַפט „פריינד פון העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים״.

און דעמאָלט האָט מען נאָך פון דער טריבונע געקאָנט הערן אַזעלכע רייד פון אַ פּוילישן מיניסטער — פונעם פּוילישן יוסטיץ־מיניסטער — וועלכער האָט סיי גלאָריפיצירט די אויפשטענדלערס אין וואַרשעווער געטאָ און סיי קריטיקירט מיט שאַרפע ווערטער די יעניקע מלוכות, „וואָס שטעלן זיך קעגן דער שאַפונג פון אַ ייִדישער מלוכה אין פּאַלעסטינע״. און איין גענעראַל האָט צוו״אַ געזאָגט, אַז „די געטאָ־קעמפערס האָבן צע־קלאַפּט די לעגענדע, אַז ייִדן זיינען שלעכטע זעלנערס״. און אַ צווייטער גענעראַל האָט מיט יראת־הכבוד אויסגערופן, אַז „דער טאָג פון 19טן אַפּריל איז דער גרעסטער טאָג אין דער געשיכטע פון קאַמפן פון אויפ־שטענדלערס״.

און אַז פּאָליאַקן זיינען געווען אַזוי עמאָציאָנירט אין זייערע רעדעס, — זיינען דאָך די ייִדישע רעדעס (פון פאַרזיצער פון צ. ק. ד״ר אַדאָלף בערמאַן, יעקב זרובבל, בער מארק, כייקע גראָסמאַן, אַנטעק צוקערמאַן א״אַ) אַוודאי און אַוודאי געווען דורכגעדרונגען מיט פייער און מיט פּאַטאָס. ווי רעפּרעזענטאַבל, געדענק איך, האָט אויסגעזען די ליכטיקע געשטאַלט פון יעקב זרובבל. זיין ווייסע באָרד, אונטערן שיין פון שטאַרקע רעפלעק־טאָרן, האָט זיך נאָך מער אויסגעטיילט און זיין שטים האָט פּאַטעטיש געקלונגען: „מיר, אין ארץ־ישראל, לערנען זיך ביי די אויפשטענדלערס פון וואַרשעווער געטאָ״.

דער פאַרגעלייענטער בריוו פון אַלבערט איינשטיין האָט נאָך מער צוגעגעבן פייערלעכקייט און דערהויבונג דער גרויסער ייִדישער פאָלקס־מאַניפעסטאַציע, — דער ערשטער פון אַזאַ פאַרנעם נאָך דעם בלוטיקן מבול...

יאָ, פון צוואַנציק פונקטן אויפן כדור הארץ זיינען געקומען ייִדישע דעלעגאַציעס; אָבער קיין איין איינציקער ייִד נישט פון סאָוויעט־רוסלאַנד... פון מאָסקווע, פון ייִדישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט, איז נאָר אָנגעקומען אַ דעפּעשע, וואָס הערש סמאָליאַר האָט איבערגעלייענט פאַרן עולם. דאָרטן, אַ פּנים, איז שוין די שטימונג געווען אַן אָנגעצויגענע, אַ דעליקאַטע. ס׳איז דאָך שוין געווען דעמאָלט ערב דער ליקווידאַציע סיי פון ייִדישן אַנטי־

פּאַשיסטישן קאָמיטעט גופא, סיי פון דער גאַנצער ייִדישער קולטור מיט אירע בויערס און שעפּערס.

ווי אַ דערגאַנצונג צו דער געהויבענער שטימונג אויף דער פאָלקס־קאָנצענטראַציע איז געווען דער קינדער־כאָר — אַ רעפּרעזענטאַנץ פון אַ פּאָר הונדערט ייִדישע קינדער פון די שולן און אינטערנאַטן אין פּוילן: די צונויפגעקליבענע רעשטלעך ייִדישע קינדער, געראַטעוועטע אין קלויס־טערס, צי אויסגעקויפטע פון גוטע פּוילישע פאַמיליעס — די ווייניקע אויסנאַמען, וועלכע האָבן די קינדער אויסבאַהאַלטן פאַר גוט געלט, אָדער פאַרן פרומען ציל אַריינצוברענגען די ייִדישע קינדער אין קריסטלעכן גלויבן.

און צומאָרגנס —

דער הייליקער געדענקטאָג פון 19טן אַפּריל.

ווער עס האָט געהאַט די טרויעריקע זכיה צו זיין יענעם טאָג אין וואַרשע. צוזאַמען מיט דער צונויפגעזאַמלטער מחנה פון דער שארית־הפליטה — יענער וועט עס קיין מאָל נישט פאַרגעסן. און אויך פאַר מיר, אין מיינע אַלע ווייטערדיקע וואַנדערונגען, איז תמיד אומפאַרגעסלעך — איך זע ממש עד־היום פאַר מיינע אויגן — יענעם פייערלעכן טרויער־צוג דורך די חרובע וואַרשעווער גאַסן, אַהין, אַהין צום מדבר פון געטאָ, צו די לחלוטין צעשאָטענע ייִדישע גאַסן — צום דענקמאָל לכבוד די זעקס מיליאָן קדושים און צום רום פון די אויפשטענדלערס אין וואַרשעווער געטאָ.

דער זאַמלפּונקט איז געווען אויפן פּלאַץ גזשיבאָוו — דער אַמאָליקער קאָמפּאַקטער ייִדישער האַנדל־צענטער. צווישן די האַלב־חרובע הייזער סטאַרטשעט דאָרט אין דער לופטן דער גאָטישער טורעם פונעם גאַנץ־געבליבענעם ווייסן קלויסטער „פון אַלע הייליקע״, מיט די ברייטע רחבות־דיקע טרעפּ פאַר זיינע גלייביקע און פרומע בעטערס. דער קלויסטער איז געבליבן ווי אַן עדות — אַ שטומער עדות פון שחיטות איבער ייִדן. ער שווייגט אָבער...

דורך אַגב האָבן זיך אין דאָזיקן קלויסטער אויסבאַהאַלטן אַלע אַריס־טאָקראַטישע משומדים, וואָס היטלער האָט נישט געוואָלט אָנערקענען ווי קריסטן איבער זייער ייִדישן אָפּשטאַם. אָבער כמעט אַלע משומדים האָבן געטיילט דעם גורל פון אַלע ייִדן אין די אומקום־לאַגערן, אַחוץ אַ קליינעם טייל, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצוגיין אויף דער אַרישער זייט,

צווישן זיי דעם באַרימטן אינטערנאַציאָנאַלן באַקטעריאָלאָג, פּראָפעסאָר לודוויק הירשפעלד, דעם מחבר פון שפּעטערדיקן זכרונות־בוך „די געשיכטע פון אַ לעבן“.

דער גרויסער פּלאַץ האָט נישט געקאָנט אַריינעמען די מאַסע ייִדן, צעטיילטע אין די דעלעגאַציעס, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט אין רייען. האָבן זיך די דעלעגאַציעס אויסגעשטעלט אויך אין די אַרומיקע



דעלעגאַציע פון ליטעראַטן־פאַראיין מיט דער לענטע

פון לינקס: דוד ספאַרד, לייב אָליצקי, אַברהם זאַק, אפרים קאַגאַנאָווסקי. פון רעכטס: ישראל אַשענדאָרף, משה קנאַפּהייס.

גאַסן. די דעלעגאַציע פון ייִדישן ליטעראַטן־פאַראיין האָט זיך אויסגעשטעלט אויף דער חרובער מאַריאַנסקע־גאַס, ווו ס'איז אַמאָל געווען דער פּאַלעסטינע־אַמט און גאָר אַמאָל — די רעדאַקציע פון זעליק סלאָנימסקיס און שפּעטער פון נחום סאָקאָלאָווס „הצפירה״.

אין אַ גוט דיסציפּלינירטער אָרדענונג האָט זיך געצויגן דער צוג. דעלעגאַציעס נאָך דעלעגאַציעס. פאָרויס פון יעדער דעלעגאַציע — די רעפּרעזענטאַנטן מיט בלומענקרענץ און לענטעס. עס האָט לאַנג געדויערט די באַוועגונג פון ריזיקן צוג. נייגעריקע פּאָליאַקן זיינען געשטאַנען דאָ און דאָרט ביי די זייטן און געקוקט פאַרחידושט, אַנטוישט: „לעבן נאָך אַלץ אַזוי פיל ייִדן?!״...

עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן אַ דעלעגאַציע פון ייִדישע קוילנ־גרעבערס פון אייבער־שלעזיע. די קוילנגרעבערס האָבן געטראָגן זייער טראַדיציאָנעלן פּאַראַד־טראַכט, מיט משונהדיקע היט, אַזוי ווי קאָלפּאַקן, אויף די קעפּ. מיט די קוילנגרעבערס האָבן די ייִדישע מנהיגים זיך געגרייסט און מען פלעגט זיי ברענגען אויף אַלע פּאַראַדן: זאָלן גויִים זען, אַז ייִדן פּראָדוקטיוויזירן זיך.

דער הויכער, אימפּאָזאַנטער דענקמאָל אין האַרץ פון וואַרשעווער געטאָ, צווישן דער מאוימדיקער ליידיקייט פון די אָפּגעמעקטע ייִדישע גאַסן, אַ פּאַרהילטער מיט אַ טונקעלן צודעק, איז שנעל אַרומגערינגלט געוואָרן פון דער ריזיקער מאַסע. אַ ים מיט קעפּ: מענער, פרויען. שטומע, ערנסטע פּנימער. אַלעמענס בליקן זיינען געווען געווענדט צום פאַרהילטן דענקמאָל. די מאַסע איז כסדר געוואַקסן פון די צוקומענדיקע דעלעגאַציעס.

פון איין זייט דענקמאָל איז געווען אויסגעשטעלט אַן ערן־ראָטע פון פּוילישן מיליטער און אַ מיליטערישער אָרקעסטער. פאַרן פראָנט פון דענקמאָל איז שוין געווען אויסגעזעצט די גאַנצע „פּני״ פון די פּאָליאַקן: די סיים־מאַרשאַלקעס, מיניסטאָרן, דער שטאָט־פּרעזידענט. אין פאַרטרעטונג פון מאַרשאַל ראָלאַ זשימיערסקי איז געקומען אַ גענעראַל.

רעכטס פון דענקמאָל האָבן זיך פאַרזאַמלט רבנים און מיטגלידער פון די וואָיעוואָדישע ייִדישע קאָמיטעטן, די כמו קהילה־פאַרוואַלטונגען. דאָרט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַן אָרון־קודש און אַן עמוד. דער פּרוכת איז געווען צונויפגענייט פון שטיקלעך טליתים פון קדושים, וואָס האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות אין די גאַז־קאַמערן פון אויסשוויץ און מיידאַנעק.

עס האָבן זיך אָנגעצונדן פייערן אין די מנורהס ביי די זייטן פון דענק־מאָל און ס׳האָט זיך אָנגעהייבן די רעליגיעזע צערעמאָניע. אַן אַלטיטשקער חזן האָט ביי אַ טויטער שטילקייט אָנגעהויבן מיט אַ טרויעריקן קול:

— אל מלא רחמים שוכן במרומים — — —

און די גרויסע מאַסע יידן — ווי יתומים — האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. די ערן־ראָטע האָט בעת־מעשה פּרעזענטירט דאָס געווער. אַ רב האָט געזאָגט קדיש. אַ סך פון עולם האָבן מיטגעזאָגט. טיפער אבילות האָט איינגעהילט די צונויפגעדרענגטע מחנה. און נאָכן קדיש, אין דער טויטער שטילקייט, האָט דער מיליטערישער פעלד־ראַבינער ד״ר דוד כהנא מספּיד געווען די קדושים. ער האָט גערעדט פּאַטעטיש אין דריי לשונות: אין פּויליש, העברעיִש און יידיש. און פאַרענדיקט האָט ער זיין הספּד מיט אַן אויפגעהויבענער שטימע:

— עם ישראל חי!

קומט דאַן די צערעמאָניע פון דער אָפּדעקונג פונעם דענקמאָל. דער וויצע־פּאָרזיצער פון צ. ק. פון יידן אין פּוילן, פּראָפ׳ יוסף סאַק, האַלט אַ קורצע רעדע און גיט דאָס וואָרט דעם בילדונג־מיניסטער. „דער דענקמאָל — האָט דער מיניסטער געזאָגט צוו״אַ — איז נישט בלויז אַ סימ־באָל פון דער מאַרטיראָלאָגיע פון יידישן פאָלק, נאָר איז קודם־כל אַ סימבאָל פון אַנטשיידענעם קאַמף פאַר פרייהייט אין די באַדינגונגען פון שווידער־לעכן טעראָר. אין נאָמען פון דער פּוילישער רעגירונג גיב איך אָפּ כבוד אַלע אָנטיילנעמערס אין די העראָיִשע קאַמפן פון וואַרשעווער געטאָ״.

דער מיניסטער דעקט דאַן אָפּ דעם דענקמאָל ביי די קלאַנגען פון שאָפּענס טרויער־מאַרש. פאַרן עולם אַנטפּלעקט זיך אויף דער אָפּגעדעק־טער הויכער דענקמאָל־וואַנט די העלדן־גרופּע, באַפליגלט מיט פלאַמיקן גייסט פון גבורה און קדושה, מיטן העראָיִשן פאַרמעסט אין פאַרצווייפלטן געראַנגל פאַרן כבוד פון ייד און מענטש, — אָט אַזוי ווי עס האָט זיי גע־זען אין זיין וויזיע דער קינסטלער ראַפּאָפּאָרט, דער שאַפער פונעם דענק־מאָל.

אַ גרילץ איז געקומען אין דער רעדע פונעם גענעראַל, וועלכער האָט גערעדט אין נאָמען פון מאַרשאַל זשימיערסקי. ער האָט אָנגעהויבן אויפ־ריכטיק, מיט הייסע ווערטער וועגן דער העלדישקייט פון די געטאָ־קעמ־פערס, אָבער פאַרענדיקט האָט ער דעם זאַץ: ...„וועלכע האָבן געקעמפט פאַרן כבוד פון מענטש האַנט ביי האַנט מיט די זעלנערס פון „אַ. ק.״ („אַר־

מיאַ קראַיאָוואַ״ — לאַנד־אַרמיי) און „אַ. ל.״ („אַרמיאַ ליודאָוואַ״ — פאָלקס־אַרמיי)... און דאָס איז שוין געווען טענדענציעז. אַלע האָבן גוט געוווסט, אַז דער פּוילישער אונטערערד האָט זיך לחלוטין נישט אָפּגערופן אויפן רוף פון די געטאָ־קעמפערס צו די ברידער־פּאָליאַקן, זיי זאָלן זיך פאַר־אייניקן מיט זיי אינעם געראַנגל „פאַר אונדזער און אייער פרייהייט״.

— בלאָף שבבלאָף! באָבע־מעשׂיות! — האָבן יידן קאָמענטירט אין דער שטיל צווישן זיך אין דער מאַסע.

דער גענעראַל האָט נאָכן ענדיקן זיין רעדע געלייענט אַ באַפעל פון דער הויפּט־אָנפירונג פון פּוילישן מיליטער וועגן אויסצייכענונגען מיטן הויכן גרונוואַלד־קרייץ פאַר אַ גאַנצע ריי געטאָ־העלדן — סיי פאַר די גע־צײלטע לעבן־געבליבענע, סיי „פּאָסט מאָרטום״.

דיגרעסיע:

ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות איצטער, אין 1968, ווען יענע רייד פון די פּוילישע הויכע דיגניטאַרן אין קינאָ „ראָמאַ״ און צו מאָרגנס ביי דער אָפּדעקונג פונעם דענקמאָל, מאַכט זיך נישט־ווילנדיק אַ פאַרגלייך מיט די רייד, וואָס קומען איצטער פון די פּוילישע „הויכע פּענצטערס״; רייד פול מיט גיפט און שׂנאה קעגן ישׂראל און עם ישׂראל; מיט וויסטע בילבולים און נגישות קעגן די פּאָר צענדליק טויזנט יידן, וואָס לעבן נאָך אין פּוילן — די רעשט־לעך פון פאַרברענטע דריי און אַ האַלבן מיליאָן. זעט עס איצטער אויס ווי אַ וויסטער, בייזער חלום — — —

ביים סוף פון דער צערעמאָניע ביים געטאָ־דענקמאָל זיינען אויך גע־ווען יידישע רעדעס מצד די וויכטיקערע דעלעגאַציעס.

דער פּאָדיום פון דענקמאָל אין פראָנט איז דאַן באַלייגט געוואָרן מיט די בלומענקרענץ פון די דעלעגאַציעס. דער ערשטער קראַנץ איז געווען פון פּרעמיער־מיניסטער ציראַנקעוויטש. עס איז אויסגעוואַקסן אַ באַרג בלומען.

די מאַסע האָט זיך צעשאָטן איבער די וויסטענישן פון געטאָ, איבער די קופּעס און בערג צעשאָטענעם ציגל און גרוז, — דעם טרויעריקן סך־הכל, וואָס איז געבליבן פונעם יידישן לעבן אין לאַנד פון דער ווייסל...

בלייבן אַ סך יידן שטיין ביים „היסטאָרישן״ „אומשלאַג־פּלאַץ״ אויף סטאַווקי. דאָ איז שוין פאַראַן אַ טאָוול לזכרון פון די קדושים. דאָ, אויף

דעם דאָזיקן פּלאַץ, האָט מען געלאָדעוועט די קרבנות אין די וואַגאָנעס, וואָס האָבן זיי טראַנספּאָרטירט קיין טרעבלינקע און מיידאַנעק, צו די „פאַבריקן פון טויט". נישט ווייניק ייִדן זיינען דאָ גופא, ביי די וואַגאָנעס, דערשאָסן געוואָרן, אָדער זייערע הערצער האָבן נישט אויסגעהאַלטן און געפּלאַצט און אַזוי אַרום האָבן זיי אויסגעמיטן די גאַז־קאַמער און פון גאַז־קאַמער אין די אויוונס פון קרעמאַטאָריע.

ייִדן האָבן געבלאָנקעט צווישן די שיריים פון ייִדישע הייזער: איבער־



ייִדישע שרייבער אין וואַרשעווער געטאָ, 1948

אין ערשטער שורה, רעכטס: ד"ר יחיאל האָפּער, איציק מאַנגער, אפרים קאַגאַנאָווסקי, בער מאַרק, אַברהם זאַק.

געברענטע טעפּ, שיסלען, צעקרימטע „ווזיקעס" (וועגעלעך) פון ייִדישע קינדער, אייזערנע פענצטער־איבערבלייבענישן פון געמיטלעכע היימען, ווו־נישט־ווו — שימות פון ייִדישע ספרים.

אַ גרופּע ייִדישע שרייבערס האָט זיך אָוועקגעלאָזט צום „לעבעדיקסטן" אָרט — אויפן גענשער בית־עולם, צום „אוהל פּרץ": צו פּרצן, צו יעקב דינעזאָנען, צו אַנסקין; צו די קברים פון ה. ד. נאָמבערג, א. מ. ווייסנ־בערג און נאָך, און נאָך. ס'האָט זיך געגלוסט טיילן מיט זיי, דערציילן זיי: „זעט, וואָס עס איז געוואָרן פון פאָלק ישראל" — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין יִדישן שרייבער־פּאַראיין אין לאָדזש איז נאָך דעם אַ פּאָר וואָכן געווען טומלדיק: כסדר געסט, געסט! אַן אויפנאַמע פֿאַר דעם, אַן אויפנאַמע פֿאַר יענעם. און יעדער פֿון די געסט האָט געגעבן זיין ברכה די שרייבערס, וואָס זיינען ווידער דאָ מיט זייער וואָרט אויף דער פּוילישער ערד; וואָס העלפֿן בויען אַ ניי יִדיש לעבן צווישן די חורבות — — —

ביסלעכווייז איז דער געקומענער עולם געסט זיך צעפֿאָרן. איז געוואָרן אומעטיק אויף דער נשמה. ביי דעם און יענעם שרייבער האָט גענומען נאָגן אַ בענקשאַפֿט נאָך יִדן אין דער ברייטער וועלט; נאָך אַ פֿולבלוטיק יִדיש לעבן; נאָך מאַסן יִדן, וואָס אין פּוילן זיינען זיי שוין מער נישטאָ.

2

און נאָך אַן עמאָציאָנירנדיקער מאָמענט גייט נישט אַרויס פֿון מיין זכרון:

די פֿייערלעכע אַקאַדעמיע אין אַ לאָדזשער יִדישן טעאַטער, געווידמעט דער עטאַבלירונג פֿון מדינת ישראל.

די אַקאַדעמיע האָט איינגעאָרדנט דער יִדישער ליטעראַטן־פֿאַראיין סוף מײַ און האָט געטראָגן דעם נאָמען: „דער יִדישער שרייבער פֿאַר דער מלוכה ישראל". דאָס טעאַטער איז געווען פֿול מיט יִדן; יִדן מיט צעשטראַלטע פּנימער. נאָך די אַלע שחיטות, נאָך די געטאָס און לאַגערן, נאָך דעם גרויליקן סך־הכל פֿון די זעקס מיליאָן קדושים האָט די גרויסע, טראַנסצענדענטאַלע היסטאָרישע געשעעניש אויפגעברויזט אין יעדן יִדישן האַרץ אַ טרייסט און אַ פֿרייד. עס האָט אויפגעוועקט די הערצער אַפֿילו פֿון אַזעלכע יִדן, וועלכע זיינען זייערע גאַנצע יאָרן געווען, מחמת סביבהס און אידעאָלאָגיעס, ווייט און פֿרעמד פֿון יִדישן פֿאָלק. איז נישט קיין חידוש, וואָס צו אַזאַ אַקאַדעמיע האָבן געשטראָמט יִדן פֿון אַלע שיכטן, פֿון יעדער פּאָליטישער באַפֿאַרבונג, יונג און אַלט — קאָמוניסטן איינגעשלאָסן. איז דאָך די שמחה אַלעמענס. האָט דאָך די אויף ס'ניי אויפגעשטאַנענע יִדישע מדינה באַקומען דעם הכשר און די שטימע אין דער „און" אַפֿילו פֿון סאָוויעטישן פֿאָרשטייער — פֿון גראָמיקאָ. מעגן דאָך יִדישע קאָמוניסטן אויך טאַנצן אויף דער חתונה.

פּאָרזיצער פֿון דער דאָזיקער אַקאַדעמיע איז געווען אפֿרים קאַגאַ־

נאָוואַסקי און מיט אַקטועלע רעדעס און לידער זיינען אויפגעטראָטן: ישראל אַשענדאָרף, יחיאל האָפּער, בינם העלער, אלחנן וואָגלער, אַברהם זאַק, רייזל זשיכלינסקי, דוד ספאַרד, חיים־לייב פוקס.

איך האָב רעציטירט מיין ליד „מלכות ישראל", וואָס כ'האָב שוין דעמאָלט באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן אין „דאָס נייע לעבן".

אין אַלעמענס רעדעס און אין די לידער איז געקומען צום אויסדרוק די עמאַציאָנירנדיקע, ניסימדיקע געשעעניש אינעם ייִדישן לעבן נאָכן חורבן השלישי, די נייע האָפענונג און פּערספּעקטיוון פאַר פאָלק ישראל און דאָס אויפגעוואַכטע געוויסן ביי די פעלקער לגבי דעם „אויסגעהרגעטן פאָלק". צום סוף איז געלייענט געוואָרן אַ „רוף פון די ייִדישע שרייבערס אין פּוילן צו די ייִדישע שרייבערס פון דער מלוכה ישראל" *.

דער דאָזיקער רוף איז געווען געשריבן מיט אַ סך פייער און פּאַטאָס. איצט, אין 1968, בעת די שורות ווערן געשריבן, איז כדאַי צו ציטירן עטלעכע פּאַסוסן:

...„חזק! געשטאַרקט און געבענטשט זאָלן זיין אייערע הענט, וואָס האָבן מיט אַזוי פיל ביישפּיללאָזער ליבשאַפט און דורך פּיאָנערישער חלו־צישער אַרבעט אין משך פון דורות פאַרוואַנדלט אַן אָרעם מדבר־לאַנד אין אַ הויך־קולטיווירטן ייִדישן קיבוץ און שטייען איצט אין שווערן בלו־טיקן געראַנגל פאַר באַפרייען דאָס לאַנד פון דער אינוואַזיע פון די אַבדו־ליש־עגיפּטיש־מופטישע האָרדעס".

„פון וויטן ווייט לאָזן מיר אייך צו וויסן אין אָט דער גליקלעכער שעה: מיר זיינען מיט אייך! מיר, ייִדישע שרייבערס, וואָס ווייסן דעם ביטערן טעם פון היטלעריזם און מלחמה און דעם זיסן געפיל פון געװעכ־טיקן קאַמף, בקמה, זיג און ווידעראויפבוי, — ווילן גובר זיין אַלע שוועריקייטן, בכדי צוזאַמען מיט אייך און מיט אַלץ וואָס איז אין אונדזער רשות, מיט וואָרט און טאַט, מיט מאַטעריעלער הילף און מיט אונדזער אייגן בלוט זיך שטעלן אין איינעם מיט אייך אויף דער סאַמע אַרויסגערוקטער פּאָזי־ציע פון היינטיקן ייִדישן און מענטשלעכן קאַמף, אויף דער פּאָזיציע פון ירושלים און כפר עציון, פון תל־אָביב און גליל, פון עמק הירדן און נגב".

„אין דער איצטיקער שעה פון גליק און נסיון ווענדן מיר אונדזער

---

* פאַרעפנטלעכט אין זשורנאַל „ייִדישע שריפטן", לאָדזש, מיי 1948.

וואָרט באַזונדער צו אייך, ברידער, שרייבערס פון ישראל: דער כוח פון וואָרט איז גרויס, דער כישוף פון ליד איז בכוח אויסצושמידן קראַפט פון ווילן; קאָן אַריינגיסן מוט און אויסדויער אינעם גייסט פון די קעמפנדיקע. דאָס ליד האָט שטענדיק באַגלייט דעם שווערן וועג פון אונדזער פאָלק אין משך פון דורות. דאָס ליד פון משהן, וואָס האָט באַגלייט דאָס פאָלק אינעם ווידערשטאַנד קעגן די אַלטע מצרים, און דאָס געזאַנג פון דבורה נאָכן טריומף איבערן פרעמדן איבערפאַלער — האָבן זיך אויפן שטח פון דורות איבערגערופן מיטן ליד פון וואַרשעווער און ווילנער געטאָ, וואָס האָט גע־וואָרפן דעם רוף צום פאָלק אין דער צייט פון שוידערלעכסטן אומקום: „זאָג נישט קיין מאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג!״ זאָל אייער ליד, יידישע שרייבערס פון ארץ־ישראל, פאַרוואַנדלט ווערן אין באַשיצנדיקע און באַגייסטערנדיקע פליגל, וואָס דערהויבן דעם קעמפער פון דער יידישער אַרמיי צו העלדישע מעשים פאַר דער פרייהייט פון פאָלק״!

„געבענטשט זאָלן זיין די הענט פון די, וואָס שמידן די פרייהייט און די אומאָפּהענגיקייט פון ישראל״.

און כדאי צו פאַרצייכענען, אַז צווישן די אונטערשריפטן פון אַלע שרייבערס — 46 אין צאָל, — וועלכע זיינען דעמאָלט געווען אין פוילן, פיגורירן אויך די נעמען פון די קאָמוניסטישע שרייבערס מיט מיכאל מירסקי און הערש סמאָליאַר בראש. פאַרשטייט זיך, אַז אַלץ צוליב גראָמי־קאָן, בשייכות מיט דעמאָלטיקן אַנטי־בריטישן קורס מצד דעם קרעמל.

און ס'איז אויך כדאַי צו פאַרצייכענען די פולע רשימה פון די אונ־טערשריפטן, וואָס ווייזט, אַגב, ווער פון די שרייבערס ס'איז נאָך דעמאָלט, אין מיי 1948, געווען אין פוילן:

רחל אויערבאַך, יוסף אָקרוטני, ישראל אַשענדאָרף (ע״ה), לייב אָליצקי, פּסח בינעצקי (ע״ה), טוביה באַזשיקאָווסקי (ע״ה), יצחק באָרנ־שטיין, נחמן בלומענטאַל, אַדאָלף בערמאַן, יצחק גוטערמאַן, סטעפאַן געל־באַרט, יחיאל האָפער, מיכאל האָפמאַן, בינם העלער, פישל הערצבערג, אלחנן וואָגלער, אַהרן וואַהל, משה וואַלדמאַן, אַברהם זאַק, רייזל זשיכלינ־סקי, מ. טויכנער, י. טרונק, סטעפאַן טאַבאַטשינסקי, יצחק טורקאָוו, יצחק יאַנאַסאָוויטש, וואָלף יאַסני (ע״ה), גזשעגאַזש יאַשונסקי, שלמה לאַסטיק, בער מאַרק (ע״ה), לייב מאָרגענטוי, מיכאל מירסקי, האָראַצי סאַפרין, הערש סמאָליאַר, דוד ספאַרד, חיים לייב פוקס, אַהרן צינצינאַטוס (ע״ה), אפרים

קאַגאַנאָווסקי (ע״ה), יצחק קאַנטאָר, בער קוטשער, ל. קופערשמיד, משה קנאַפּהייס, יוסף קערמיש, נחמן ראַפּפּ, הדסה רובין, ישעיהו שפּיגעל.

3

בעט זיך צו דערמאָנען אַ קוריאָז מיט איליאַ ערענבורגן אין יידישן ליטעראַטן־פאַראיין.

בעת דער רעפּאַטריאַציע פון פּוילישע בירגערס פון סאָוויעט־רוסלאַנד האָט זיך אויך אומגעקערט פון דאָרט קיין פּוילן אַ געוויסער יידישער מאָלער. דער דאָזיקער מאָלער איז איין טאָג געקומען אין ליטעראַטן־פאַראיין מיט אַ פאָרשלאָג, אַז די פאַרוואַלטונג זאָל ביי אים אָפּקויפן פאַרן פאַראיין זיינס אַ פּרץ־בילד, וואָס ער האָט געמאָלן אין סאָוויעט־רוסלאַנד און וואָס ער האָט עס מיט זיך מיטגעבראַכט. ער האָט זיך פאַר מיר — ווי פאַרן סעקרעטאַר פון פאַראיין — פאַרטרויט, אַז ווייל ער נייטיקט זיך שטאַרק אין געלט, איז ער דעריבער גרייט דאָס בילד אָפּצוגעבן פאַר אַ שיבוש. האָב איך אים געהייסן ברענגען דאָס בילד. ס׳וואָלט טאַקע גוט געווען נאָכצוטאָן דעם ביישפּיל פון טלאָמאַצקיע 13 אין וואַרשע, פאַר דער מלחמה, ווו אויבן־אָן אין לאָקאַל פון פאַראיין האָט אַראָפּגעקוקט פון וואַנט אַ פּרעכטיק בילד פון י. ל. פּרץ.

ווען איך האָב אָנגעקוקט דאָס געבראַכטע בילד פון סאָוויעט־רוסלאַנד, האָבן מיר אין ערשטן אויגנבליק פּרצעס וואָנצעס גיכער דערמאָנט סטאַ־לינס וואָנצעס. בכלל זיינען געווען אינעם בילד שטריכן, וואָס האָבן דער־מאָנט סיי סטאַלינען, סיי יוזעף פּילסודסקין מיט זיינע אַראָפּגעלאָזטע וואָנצעס. כ׳האָב זיך באַראַטן מיט חברים און אויך זיי האָבן מיט מיר מסכים געווען. האָב איך פאַרגעלייגט דעם מאָלער, ער זאָל דאָס בילד קאָרעגירן און ווי ווייט מעגלעך צוגעבן צום פּנים מער אייגנטימלעכע פּרץ־שטריכן.

דער מאָלער האָט דאָס בילד צוגענומען און צוגעזאָגט דאָס בילד צו פּערפעקציאָנירן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער עס ווידער געבראַכט שוין אַ ביסל אָן אויסגעבעסערטס. אַ ביסל — אָבער נאָך אַלץ נישט אָן הונדערט־פּראָ־צענטיקן פּרץ מיט זיינע טיפע, פיל־זאָגנדיקע בליקן. כ׳האָב זיך פאַרשטענ־דיקט מיט דער פאַרוואַלטונג און ס׳איז געבליבן, אַז מען זאָל יאָ קויפן

דאָס בילד פאַרן לאָקאַל פון פאַראיין — נישט אַזוי מחמת דעם קינסטלע־רישן וואַלאָר פונעם בילד, נאָר מ׳האָט פשוט געוואָלט אַנטקעגן־קומען דעם מאָלער־רעפּאַטריאַנט. איז דאָס בילד טאַקע אויפגעהאָנגען געוואָרן אין לאָקאַל, און מחמת זיין היפשן פאָרמאַט איז עס געווען זייער אָנזעעוודיק.

שפּעטער, אַז איליאַ ערנבורג האָט באַזוכט פּוילן, האָט ער געמאַכט אַ טור איבער פּוילישע צענטערן און אַזוי אויך באַזוכט דעם אינדוס־טריעלן צענטער לאָדזש — די שטאָט פון גרויסע פאַבריקן און הויכע קוימענס. דערוויסנדיק זיך, אַז ערנבורג איז אין לאָדזש, האָט דער ליטע־ראַטן־פאַראיין באַשלאָסן צו אימפּראָוויזירן פאַר אים אַן אויפנאַמע. און כך הווה. ערנבורג האָט גערן מסכים געווען. מ׳האָט דעם שרייבער־גאַסט אַראָפּגעבראַכט אין אָוונט אין פאַראיין, ווו אויף די טישן איז שוין סער־ווירט געוואָרן אַ לחיים מיט צובייסעכטס.

איליאַ ערנבורג איז געקומען נישט אַליין, נאָר מיט אַ גאַנצן שטאַב. אים האָבן באַגלייט דער פּוילישער דיכטער וולאַדיסלאַוו בראָניעווסקי, דער אוקראַיִנישער דיכטער פּאַוולאָ טיטשינאַ, דער רוסישער דיכטער אַלעקסאַנדער טוואַרדאָווסקי און נאָך עטלעכע אומבאַקאַנטע פּאַרשוינען: ווי זאַכקענער האָבן פאַרזיכערט, זיינען עס געווען „פאַרשטייער" פון דער „נ.ק.וו.ד." אין ציוויל־קליידער...

דער לאָקאַל איז געווען פול געפּאַקט. אַ חוץ די אַלע שרייבערס, וואָס זיינען דעמאָלט נאָך געווען אין לאָדזש, זיינען אויך פאַרבעטן געוואָרן פאָרשטייערס פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. דעם פאָרזיץ האָט געפירט מיכאל מירסקי, וועלכער האָט באַגריסט די חשובע געסט און ספּעציעל דעם גרויסן גאַסט איליאַ ערנבורג. מירסקי האָט גערעדט רוסיש און האָט, פאַרשטייט זיך, זיינע ווערטער באַפּוצט מיט פּאָליטישע טער־מינען.

נאָך מירסקין האָט גערעדט איליאַ ערנבורג.

ער האָט אָנגעהייבן ביי אַן אַלגעמיינער געשפּאַנטקייט. און באַלד ביי זיינע ערשטע ווערטער איז געקומען דער קוריאָז. אין אַ פּאַטעטישן טאָן האָט ער אַקצענטירט, אויסציִענדיק די ווערטער:

— טאָ טשטאָ ווי זדיעס אָ נאַס דומאַיעטיע — יאַ וויזשו... (דאָס וואָס איר דאָ טראַכט וועגן אונדז — דאָס זע איך...).

און דערביי האָט ער מיט אַ טעאַטראַלישן זשעסט אַ וויַיז געטאָן צום פּרץ־בילד אויף דער וואַנט.

קלאָר, אַז ער האָט פּרצן אָנגענומען פאַר סטאַליניען...

אונדזער גאַנצן עולם האָט דורכגענומען ווי אַ מין ספּאַזם, וואָס האָט געקאָנט גורם זיין אַ ספּאָנטאַנעם געלעכטער. אָבער מיט ניסים ממש האָבן זיך מענטשן באַהערשט און אויסגעמיטן צו קוקן איינע אויף די אַנדערע, כדי אַפילו נישט אַ שמייכל צו טאָן.

אויך דער פאָרזיצער פון דער מסיבה, מיכאל מירסקי, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן — אַזוי אומבאַקוועם איז אים געוועזן אין דער רגע און ער האָט נישט רעאַגירט מיט קיין שום באַמערקונג און נישט אַרויסגעפירט, פאַרשטייט זיך, ערנבורגן פון זיין קוריאָזן טעות.

אָבער באַלד נאָך דער מסיבה, ווען די געסט, ווי דער גאַנצער זייטיקער עולם, זיינען זיך צעגאַנגען, האָבן די פּאַרוואַלטונג־מיטגלידער ערשט זיך פאַרגונען פאַרנאַנדערצולאַכן. און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן תיכף אַראָפּצונעמען פון דער וואַנט דאָס שלימזלדיקע פּרץ־בילד.

כ׳האָב דאָס בילד פּראָוויזאָריש אַוועקגעשטעלט אין קאַנצעלאַריע.

אָבער דאָ איז פאָרגעקומען מיטן בילד אַן אַנדער קוריאָז:

אין קאַנצעלאַריע איז באַלד צומאָרגנס אַריינגעקומען דער פּאָסט־טרעגער — אַן עלטערער פּאָלאַק — מיט קאָרעספּאָנדענץ פאַרן פאַראיין. דערזעענדיק ביי דער וואַנט דאָס בילד, איז ער שטיין געבליבן, געקוקט, געקוקט און מיט אַ צופרידן שמייכעלע באַמערקט:

— יעדנאַק ניע זאַפּאָמינאַיאָן נאַשעגאָ „דזיאַדקאַ״... (פון דעסט וועגן פאַרגעסט מען נישט אונדזער „זיידן״...).

דאָס האָט ער טאַקע געמיינט יוזעף פּילסודסקין, וועמען דאָס פאָלק האָט גערופן „דזיאַדעק״.

— טאַק, טאַק, פּאַניע, — האָב איך אים מיט אַ שמייכל געענטפערט.

אַז דער פּאָסט־טרעגער איז אַוועקגעגאַנגען, האָב איך באַלד גענומען דאָס בילד און עס אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט.

קיין אַנדער עצה איז שוין דעמאָלט נישט געוועזן...

## 4

גייען פאַרביי וואָכן. חדשים. ס׳איז שוין די צווייטע העלפט פון 1948. מיין אויסלענדישער פּאַס, וואָס איך האָב באַקומען לעגאַל פון אויסערן־מיניסטעריום, וואַרט און דערמאָנט. האָב שוין אויך געהאַט באַקומען אַפילו

אַ פאַרלענגערונג פון דער איטאַליענישער „פראַמעסאַ“ אויף אַ וויזע (אַ דאַנק דער טאָכטער פון אַלטער קאַציזנע ע״ה און איר בקשה ביי איר אייגענעם מאַן — דעם איטאַליענישן אַמבאַסאַדאָר רעאַלע); דאָס זעלבע אויך אַ שוועדישע „פראַמעסאַ“ (אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון רחל קאָרן אין שטאָקהאָלם דורכן יידישן וועלט-קאָנגרעס). אָבער מיין אָריענטאַציע האָט זיך געביטן פאַר דער צייט און איך טראַכט וועגן פראַנקרייך. שפּעטער, אין דער געהעריקער צייט, האָב איך טאַקע באַקומען אויך די געגאַרטע פראַנצייזישע וויזע (אַ דאַנק דער השתדלות פון יידישן אַרבעטער-קאָמיטעט אין ניו-יאָרק). ס׳איז געווען אַ קאָלעקטיווע וויזע פאַר עטלעכע שרייבערס און געזעלשאַפטלעכע טוערס, וועלכע האָבן אויסגעקליבן דעם וועג פון ווייטערדיקער וואַנדערונג. ס׳איז, אייגנטלעך, שוין נישט קיין המשך פון די פריערדיקע, מלחמהדיקע נע-ונדן. די נע-ונדן איבערן הפקר פון די סאָוויעטישע מרחקים. איצט שטייט פאַר אַ וואַנדערונג איבער דער פרייער וועלט. דער ערשטער עטאַפּ איז — פּאַריז! די פרייע לאַקנדיקע שטאָט פּאַריז, וואָס איך געדענק נאָך גוט פון מיין באַזוך אין 1929. דעמאָלט איז זי געווען אין די נעכט צעזונגען און צעלויכטן. ווי איז די שטאָט איצטער? ווי זעט אויס איצטער מאָנמאַרטער אין די נעכט? צי מאָנפּאַרנאַס? די קינסטלער-קאַפעען „לאַ רעטאָנד“? „לע דאָם“? די מאָלערס מיט די טשופּרינעס? די טאַנצנדיקע און זינגענדיקע פּאַריזערינס מיט זייער רייץ און שיק אין די ווייַנשטיבער, טאַווערנעס און קאַבאַרעטן? ווי זעט עס אַלץ אויס איצטער, נאָכן גרויסן וועלט-שטורעם? נאָכן בלוטיקן מבול? — — —

***

דער פּאָליטישער קלימאַט אין פּוילן ווערט ביסלעכווייז כמאַרעדיקער. דער אַרעסט פון זשורנאַליסט אַהרן וואַהל מחמת זיינעם אַ מאמר אין „דאָס נייע לעבן“ האָט דערוועקט אַן אומרו. זיין אַרטיקל איז געווען אַ שטיקל אָפּנייג פון דער מאַרקסיסטישער ליניע.* מ׳האָט אויף וואַהלן בכלל געהאַט אַן אויג פאַר זיינע געוויסע אַרויסזאָגונגען וועגן טראָצקין. נו, האָט ער זיך איצט איינגעקויפט אַ מפטיר. די „או - בע“** האָט אים אין

* זע ווייטער די עסיי „עס דערמאָנט זיך“.

** פּוילישע פּאָליטישע געהיים-פּאָליציי.

מיטן נאַכט פון בעט אַרויסגענומען און מ׳וויס שוין נישט וווהין זיך געביין איז אַהינגעקומען.

דער דאָזיקער פאַל האָט נאָך מער סטימולירט שרייבערס צו פאַרלאָזן פוילן. איז די שרייבער־משפחה געוואָרן וואָס אַ מאָל שיטערער. אין שרייבער־לאָקאַל אויף נאַרוטאָוויטשאַ 32 איז ביי די טישלעך מיטאָג־צייט געוואָרן אומעטיקער. פריִער מיט חדשים האָט זיך דאָ גערודערט. איצטער אָבער כאַפּט אַרום אָפּט אַ געפיל פון איינזאַמקייט. מען פאָרט אַוועק און מען געזעגנט זיך אַפילו נישט. היינט פעלט איינער, אין אַ וואָך אַרום אַ צווייטער, אַ דריטער. אַזוי גייט עס צו.

אין דער גרופּע פון פּען־קלוב איז געוואָרן גאָר, גאָר שיטער. נישטאָ שוין לעאָ פינקעלשטיין, חיים גראַדע, אַברהם סוצקעווער, רחל קאָרן, יוסף רובינשטיין — די אַלע, וואָס האָבן נאָך געהערט צום וואַרשעווער פאַר־מלחמהדיקן פּען־קלוב. איך (ווי דער סעקרעטאַר פונעם פּען־קלוב) באַקום נאָך אַ מאָל בריוו פון ניו־יאָריקער פּען־צענטער — פון א. גלאַנץ־לעיע־לעס; אָבער איך שרייב אים דעם טרויעריקן אמת, אַז מיר זיינען געבליבן נאָר עטלעכע. איך ווייס, אַז די ניו־יאָרקער פּען־קלוב־חברים וועלן האָבן עגמת נפש דערפון; אָבער איך קאָן נישט פאַרהוילן דעם אמת. פאַרקערט, איך גיב נאָך צו ברמיזא, אַז בקרוב וועל איך אויך זיין צווישן יענע, וואָס זיינען שוין דאָ נישטאָ...

און מיט ווייפל פרייד, דערמאָן איך זיך, האָבן די חברים מעבר לים אויפגענומען און באַגריסט די פאָרמירונג פון אונדזער פּען־אָפּטייל אויף דער פוילישער ערד צווישן חורבות. זיי האָבן געמיינט, אַז עס הייבט זיך באמת אָן אַ נייע אויפלעבונג אין דער צונויפגעזאַמלטער ליטעראַרישער קליינער מחנה אין פוילן. און ווי אַ זשעסט פון ברודערשאַפט האָבן זיי פאַר יעדן איינעם פונעם פּען־קלוב געשיקט אַ מתנה — אַ וואַטערמאַן־פעדער, אויף וועלכער עס איז געווען אויסגעגראַווירט: „פּען־צענטער". דער דאָזיקער חברלעכער אויסדרוק איז געווען פאַר אונדז — נאָך אונדזער צוריקקומען פונעם נע־ונד בבחינת אבלים — ווי אַ סימבאָל פון שרייבע־רישער משפחהדיקייט. עס האָט אונדז דערמאָנט און דערמוטיקט, אַז מיר זיינען נישט אַליין...

וואָס אַ מאָל ווערט אַלץ קענטיקער די שיטערקייט אין די פאַרטייען — סיי אין די בירגערלעכע, סיי אין די סאָציאַליסטישע. אַז טוערס פאָרן אַוועק, ווערן במילא אויפגעגעבן איניציאַטיוועס, טעטיקייטן. אַלץ ווערט

איינגעשרומפּן. עס גייט צו אַן אויפלייזונג. אַפּנים, עס פעלט שוין נישט קיין סך, אַז אין פּוילן זאָל בלייבן נאָר איין פּאַרטיי — די מלוכה־פּאַרטיי, די „פּ.פּ.ר.״ (קאָמוניסטן). די פּובליקאַציעס פון די פאַרשיידענע ריכטונגען פאַרפלייצן שוין נישט מער די שטאָט. עס דערשיינט נאָך נאָרמאַל „דאָס נייע לעבן״ עטלעכע מאָל אין וואָך — שוין נישט אין לאָדזש, נאָר אין וואַרשע; די קאָמוניסטישע „פאָלקס־שטימע״ (אין לאָדזש); דער אומפּאַר־טייִשער ליטעראַרישער חודש־זשורנאַל „ייִדישע שריפטן״ (ווי פריִער אין לאָדזש).

איז שוין נישט די העכסטע צייט אויך פאַר מיר? אויף וואָס לענגער וואַרטן?...

***

דער „יציאת פּוילן״ הערט נישט אויף. ער ווערט נאָך אַלץ אינטענ־סיווער. אַ חוץ דער אומלעגאַלער עמיגראַציע פון ייִדן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן און זיי שוואַרצן די גרענעצן, האָבן ייִדן אויך טאָג־טעגלעך באַלאַגערט דאָס אויסערן־מיניסטעריום, כדי צו באַ־קומען לעגאַלע אַרויספאָר־דערלויבענישן. בדרך־כלל האָט די פּוילישע מאַכט נישט געמאַכט קיין שוועריקייטן די ייִדן אַרויסצופאָרן פון לאַנד; אַדרבה, זי האָט געוואָלט, אַפּנים, לייזן די ייִדן־פראַגע אויף אַ פרידלעכן אופן; אַז ייִדן אַליין ווילן פאַרלאָזן די פּוילישע ערד, איז מהיכא תיתי. ווייניקער קאָפּ־ווייטאָג מיט פּוילישע שאָוויניסטן, וואָס ווילן אומברענגען די רעשטלעך נאָכן בלוטיקן מבול.

אין געוויסע באַזונדערע פאַלן פלעגט די פּוילישע מאַכט בשתיקה אָנפרעגן ביי דער „יעוועסעקציע״ וועגן זייער „אָפּיניאַ״. געוועזן טאַקע פאַלן ווען מען פלעגט דעם און יענעם אָפּזאָגן אַרויסצוגעבן אַן אויסלענדישן פּאַס. אַזאַ פאַל, למשל, איז געווען מיט ישראל אַשענדאָרפן, וועמען דאָס אויסערן־מיניסטעריום האָט די בקשה וועגן אַן אויסלענדישן פּאַס אָפּגע־זאָגט. ער איז אָבער יאָ שפּעטער אַ ביסל אַרויסגעפאָרן לעגאַל דורך אַ „טריק״: גראָד איז אין ייִדישן ליטעראַטן־פאַראיין דערהאַלטן געוואָרן פון פּאַריז אַ פאַרבעטונג צו שיקן אַ דעלעגאַציע צו אַ קולטור־קאָנפערענץ, וואָס די דאָרטיקע „אוניאָן״ (די פעסטונג פון דער פּאַריזער ייִדישער „יעווסעקציע״) האָט אָרגאַניזירט. היות ווי איך בין געווען פאַרוואַלטונגס־סעקרעטאַר פון ליטעראַטן־פאַראיין, האָט מיך אַשענדאָרף פאַרטרוילעך

געבעטן צו האָבן אין זינען, אַז די דאָזיקע פאַרבעטונג קאָן אים ראַטעווען; קאָן מעגלעך מאַכן פאַר אים אַ לעגאַלן אַרויספאָר. מיר האָבן זיך דיסקרעט פאַרשטענדיקט מיט עטלעכע אַנדערע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער (רחל אויערבאַך, צינצינאַטוס, ד״ר טאַוכנער), אַז זיי זאָלן אויך אונטערשטיצן אויף אַ זיצונג, אַז איינער פון די צוויי דעלעגאַטן זאָל זיין אַשענדאָרף... און כך הווה: בעת מען האָט אויף אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג באַ־האַנדלט די פאַרבעטונג פון דער „וניאָן", האָב איך געמאַכט אַ פאָרשלאָג, אַז מ׳זאָל דעלעגירן קיין פאַריז צוויי דעלעגאַטן: בינם העלער און ישראל אַשענדאָרף. — „מסכים!" — האָט זיך דער ערשטער אָפּגערופן גראָד מיכאל מירסקי, וועלכער האָט, פאַרשטייט זיך, קיין אַנונג נישט געהאַט וועגן דעם „קאָנטררעוואָלוציאָנערן פּלאַן"... אַזוי אַרום האָט אַשענדאָרף באַקומען אַן עקסטראַ „פּאַספּאָרט סלוזשבאָווי" (אַמטלעכער פּאַס) קיין פאַריז. שפּעטער, ווען מיר ביידע זיינען שוין געווען אין פאַריז, זיינען אָהין דער־גאַנגען די אַטאַקעס פון מיכאל מירסקין קעגן אַשענדאָרפן אין דער „פאָלקס־שטימע" פאַר זיין „פאַרראַט" ביי אַ שליחות.

***

דערווייל פאָר איך נאָך אַלץ זייער אָפט פון לאָדזש קיין וואַרשע אין די ענינים פון ליטעראַטן־פאַראיין, דערלידיק די ענינים פון פאַראיין אין „דזשאָינט" און אין צענטראַל־קאָמיטעט פון יידן אין פוילן.

און אַזוי דערפיל איך נאָך אויך מיינע פונקציעס ווי מיטרעדאַקטאָר פון זשורנאַל „יידישע שריפטן" — הגם מיין באַשלוס איז שוין אַן ענד־גילטיקער: נאָך דאָס יאָר פאַרלאָז פוילן. ס׳זאָל נישט ווערן צו שפּעט.

און ווען איך קום נאָר קיין וואַרשע, איז ביי מיר תמיד אויפן סדר־היום — אַ באַזוך אין געטאָ. שעהן־לאַנג בלאָנקע איך אום איבער די חור־בות, טרינק זיך אָן מיט טרויער, וואָס ווייעט אויף מיר פון אַלע זייטן. איך פאַרהאַלט זיך לענגער אויף „מיין" שוויענטאָ־יערסקע, בשכנות פון קראַשינסקיס גאָרטן. בלייב שטיין אין שטומען צער אויף די חורבות פונעם הויז 28, ווו מיינע לעצטע וואַרשעווער דלד אַמות זיינען געווען... איך שטיי ווי איבער אַ קבר און בין מכוון: „אל מלא רחמים" — — —

איך בין משער אומגעפער דאָס אָרט, ווו מיין דירה איז געווען און נעם מיט פונעם גרוז אַ שטיקל קאַפּל פון אַן אויוון. אפשר איז עס טאַקע

פון מיין אויוון?... כ׳וועל עס מיטנעמען מיט זיך אין אַלע מיינע ווייטער־דיקע וואַנדער־וועגן — ווי אַ זכר נאָך אַ פאַרשניטן לעבן — — —

שווער זיך צו שיידן מיטן דאָזיקן בית־עולם; מיט די צעשאָטענע ציגל; מיטן טרויער.

דיגרעסיע אין צייט:

דאָס דאָזיקע שטיקל קאַפּל, וואָס איך היט אָפּ עד־היום אין אַ שופלאָד פון מיין שרייבטיש, האָט מיך שפּעטער, אַגב, אינספּירירט צו מיין ליד „אָן אָנדענק" — ווי אַן אויסדרוק פון מיין אָבל־שטימונג:

כ׳האָב אין דעם וואַנדערוועג מיר מיטגענומען
אַ שטיקל קאַפּל פון מיין הויז, —
אַ פיצל קאַפּל פון אַ וויסטן אויוון —
צום אָנדענקען — אַנשטאָט אַ רויז.

איך היט דעם זכר, גלייך ווי אַ קמיע:
נאָר דאָס געבליבן מיין פאַרמעג.
כ׳קוק אָפט אין שפּיגל־ווייסן חורבה־קאַפּל
און זע, און זע די עבר־טעג.

זיין ווייטער שפּיגלדיקער גלאַנץ הערמאָנט מיר
די ליבע וואַרעמקייט, די פרייד,
די ווענט די היימישע, די דלד אמות,
איך הער, דוכט, לאַנג־פאַרשטומטע רייד.

פון טיפער, שטילער, שפּיגלדיקער ווייסקייט
שטום שמייכלט עמיצער אַרויס:
געזיכטער נאָענטע און צאַרטע בליקן,
די ליבע שאָטנס פון מיין הויז.

איך רייד, איך רייד צו זיי און זיי דערציילן,
כ׳פאַרנעם אין עלנט זייער קול.
צעשווימט די וואָר ווי אין אַ ווייטן חלום
און ס׳וויגט מיך איינעט דער אַמאָל — — —

(פון בוך: „יאָרן אין וואַנדער").

5

אין דער זעלבער צייט נאָך באַוויזן צו זיין אַן עדות פון אַ דראַמאַטישן עפּיזאָד אין אונדזער שרייבער־משפּחה. כ׳דערצייל עס דאָ, ווייל עס דער־גאַנצט דעם פּראָפיל פון אַ שרייבער, וואָס איז שוין נישטאָ צווישן די לעבעדיקע.

איין טאָג, זיצנדיק ביי מיין אַרבעטסטיש אין קאַנצעלאַריע פון ליטע־ראַטן־פאַראיין, נעם איך אויף אַ טעלעפאָן. עס רעדט אפרים קאַגאַנאָווסקי. זיין שטים איז עפּעס אַזוי שוואַך און געבראָכן:

— חבר זאַק, איך האָב צו אייך אַ הייסע בקשה: קומט תיכף אַרויף צו מיר צוזאַמען מיט דוד ספּאַרדן. ס׳איז זייער דרינגענד. כ׳בעט אייך.

— איז עפּעס, חלילה, געשען? — פרעג איך אַן אומרויִקער.

— אַז איר וועט קומען, וועלן מירריידן. אָבער כ׳בעט אייך, קומט תיכף.

כ׳בין געווען באמת אומרויִק און געשפּאַנט. פאַרבינד איך זיך טעלע־פאָניש מיט ספּאַרדן און דערצייל אים וועגן אויסטערלישן טעלעפאָנישן דיאַלאָג מיט קאַגאַנאָווסקין.

— כ׳קום שוין צו צו אייך, — איז זיין ענטפער.

אויך ספּאַרד ווערט געשפּאַנט און אין געציילטע מינוטן קומט ער אַריין פון זיין אַרבעט־פּלאַץ אין שכנותדיקן לאָקאַל. צו גיין האָבן מיר נישט ווייט: פון נאַרוטאָוויטשאַ 32 ביז קאַגאַנאָווסקיס וווינונג אויף פּעטרי־קאָווער גאַס איז כמעט אַ קאַצן־שפּרונג.

— וואָס האָט דאָ געקאָנט פּאַסירן? — פרעגט ספּאַרד.

— מיר וועלן עלטער ווערן מיט אַ צען מינוט, וועלן מיר וויסן.

אפרים קאַגאַנאָווסקי האָט אונדז באַגעגנט מיט אַ פאַרכמורעטן פּנים, מיט אַ דערשלאָגענעם געמיט. ער איז געווען אויסגעבלייכט, די האָר צעשויבערט. אין אַ מאַנטל אָנגעוואָרפן אויף די אַקסלען. ער גריסט זיך מיט אונדז און נעמט שפּאַנען היין און צוריק איבערן צימער. קענטיק, ס׳איז אים אין ערשטן אויגנבליק שווער געווען צו ריידן.

— וואָס איז געשען, חבר קאַגאַנאָווסקי?

— חברים, — ענטפערט ער, נאָך אַלץ שפּאַנענדיק היין און צוריק

אַ נערוועזער, — איך האָב אייך מטריח געווען צו מיר, כדי איר זאָלט מיר העלפֿן אין אַ שווערן מאָמענט...

— אין וואָס גייט עס? דערציילט אונדז.

קאַגאַנאָווסקי איז אַ ווייל שטיין געבליבן און מיט אַ געבראָכענער שטים אַרויסגערעדט:

— איך בין זיך היינט צעגאַנגען מיט מיין פרוי. נאָך היינט מוז איך זיך פון דאַנען אַרויסציִען און איר אָפּגעבן דעם שליסל פון דער וווינונג.

— ? ! . . .

כ׳קוק זיך איבער מיט ספּאַרדן אין איבערראַשונג. מירביידע האָבן אין דער ערשטער רגע נישט געהאַט קיין ווערטער.

— אַזוי איז עס, חברים. — רעדט ווייטער קאַגאַנאָווסקי שוין רויִקער אַ ביסל, — אַזוי האָב איך מיט מיין פרוי אָפּגעמאַכט. איז מיין בקשה צו אייך, אַז דער ליטעראַטן־פאַראיין זאָל מיר געבן אַ בריוו אין האָטעל „סאַוואָי״, כדי מען זאָל מיר דאָרט געבן אַ צימער. איר ווייסט דאָך, אָן אַ בריוו פון אַן אָפיציעלער אינסטיטוציע נעמט מען נישט אויף אין האָטעל.

און ווידער שפּאַנט קאַגאַנאָווסקי נערוועז איבערן צימער, טוליענדיק זיך אין מאַנטל, גלייך ווי אים וואָלט געפֿיבערט.

— אָבער, חבר קאַגאַנאָווסקי, באַרויִקט זיך. — גייט אַרויס לסוף דוד ספּאַרד מיט לשון, — זייט נישט אַזוי איבערגעאיילט. ס׳טרעפט אָפּט אין פאַמיליע־לעבן, מען צעווערטלט זיך און מען בעט זיך איבער. אַזוי עקסטרעם?

— ניין, חבר ספּאַרד, אַזוי איז עס. ס׳קאָן אַנדערש נישט זיין. מיר האָבן שוין אַזוי אָפּגעמאַכט: נאָך היינט דאַרף איך צו מיין פרוי באַזאָרגן דעם שליסל.

דוד ספּאַרד, אַ בן הרב, ווייס אפֿנים פון זיין פאָטערס הנהגה, אַז ווען אַ פּאָרפאָלק קומט צו אים זיך גטן, פּרוּווט ער צווישן די צעקריגטע מאַכן שלום. פּרוּווט זיך אויך דער בן הרב אין דעם פאַל ברענגען צו אַן איבער־בעטן זיך. אָבער קאַגאַנאָווסקי איז געווען קאַטעגאָריש און פעסט: אַ באַשלאָסענע זאַך!

— זעט, חברים, אָט דאָרט אין שלאָפצימער שטייט שוין מיין פּאַר־פּאַקטע וואַליזע. בעט איך אייך, באַזאָרגט מיר גלייך אַ בריוול אין האָטעל. נאָך אַ קורצן ווערטער־אויסטויש מיט אפֿרים קאַגאַנאָווסקין האָבן

מיר זיך ביידע איבערגעצייגט, אַז די שלום־רייד וועלן קיין פּעולה נישט האָבן — האָבן מיר זיך געלאָזט צו דער טיר.

— ווי עס זאָל נישט זיין, חבר קאַגאַנאָווסקי, באַהערשט זיך...

און מיר זיינען אַוועק דערפילן אַ חברס בקשה אין זיין שווערער סיטואַציע. אויפן וועג האָבן מיר ביידע קאָמענטירט קאַגאַנאָווסקיס דראַמאַטישן עפּיזאָד. ס׳רעדט זיך אַזוי „עפּיזאָד״ — ס׳איז אייגנטלעך אַן איבערברוך אין אַ מענטשלעך לעבן. שערשע לאַ פאַם! אַלץ איבער אַ פרוי. מיר קענען אַפילו די פרוי, וואָס איז געווען דער גורם פון דעם דראַמאַטישן ריס ביי די קאַגאַנאָווסקיס. אָבער מיר האָבן זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס זאָל זיך ענדיקן מיט אַזאַ פינאַל. אפרים קאַגאַנאָווסקי, דער שיינער ברוין־הויטיקער מאַנסביל, האָט תמיד געהאַט דערפאָלג ביי פרויען. דער טעלעפאָן אין ליטעראַטן־פאַראיין, פאַר דער מלחמה, פלעגט צו אָפט ווערן באַלעסטיקט פון פרויען, וואָס פלעגן קלינגען צו קאַגאַנאָווסקין. ער האָט געהאַט זיין באַזונדערן ראַפינירטן צוגאַנג צום מין היפה. אַ פלירט מיט דער, אַ פלירט מיט יענער. פרויען האָבן אים צעפּיעשטשעט. ס׳איז ביי אים נישט געווען דענקבאַר, אַז איין פרוי — די געזעצלעכע פרוי כדת משה וישראל — זאָל פאַרמאַכן דעם וועג צו אַנדערע פרויען, פאַר אַנדערע ראָמאַנטישע שפּילערייען. סיי זיין ערשטע פרוי, פון וועלכער ער האָט געהאַט אַ זון און מיט וועלכער ער האָט זיך לסוף צעגאַנגען; סיי זיין צווייטע פרוי (אינטעליגענט און מיט ליטעראַרישן געשמאַק) זיינען זיכער נישט בלינד געווען און פלעגן ווילנדיק־נישט־ווילנדיק מוזן טאָלע־רירן קאַגאַנאָווסקיס שוואַכקייטן און זיך מאַכן נישט זעענדיק, נישט וויסנ־דיק. און אַזוי איז עס געגאַנגען אפרים קאַגאַנאָווסקין אין זיין באַהעמי־שער אויפפירונג. אָבער אַזוי ערנסט זאָל עס זיך אין איצטיקן פאַל ענדיקן? אַזאַ ריס שוין צום צווייטן מאָל?! ווי קאָמפּליצירט איז דאָס מענטשלעכע לעבן, די נאַטור פון בן אָדם! ווי פאַרענדערלעך זיינען אָפט מאָל די גע־פילן און עמאָציעס, וואָס ברויזן אין די הערצער פון מאַן און פרוי. אונ־דזער ציוויליזאַציע — די קאָנווענציאָנעלע מאָנאָגאַמיע — קען אַפּנים נאָר שאַפן אַ פייגנבלאַט, אָבער קאָן נישט פאַרטויבן די שטים פון בלוט. דער־פון די אָפטע פלאָנטערנישן, די דראַמעס צווישן ער און זי. די פאַרמאַס־קירטע ליגנס צווישן געזעצלעכע פּאָרפאָלקן, די פאַרראַטן, די דראַמאַטישע עפּילאָגן אַ־לאַ דעם איצטיקן קאַגאַנאָווסקי־פאַל — — —

שטעלט זיך די פראַגע: זיינען בעסער געווען די אומגעצוימטע חיהשע

סעקס־מנהגים פונעם אור־מענטש, אָדער דער פאַרמאַסקירטער ליגן צווישן ער און זי אין אונדזער היינצייטיקער ציוויליזאַציע?

אַפּנים, די וועגן פון אונדזער היינטיק מענטשלעך לעבן צעגייען זיך אין פאַרשידענע ריכטונגען: ווער עס איז גענייגט, ווען עס ציט — לויט דער שטים פון זיין בלוט — צום אומגעצוימטן אור־מענטש, וועמען — צו דער ציוויליזאַציע מיט אירע קאָנווענציאָנעלע ליגנס... ווער עס לעבט מיט דערשטיקטע געפילן און היט־אָפּ דערביי די כללים פון עטיק, פון אַליין גענומענער אָדער אַרויפגעצוווּנגענער געטריישאַפט, און ווער עס טראָגט אַ מאַסקע און אין תוך, בגנבה, מאַכט ער אַ זייטן־שפּרונג צום אור־מענטש...

דער פאַל קאַגאַנאָווסקי האָט גורם געווען אונדזערע מעדיטאַציעס איבער דער אייביקער פראַגע, וואָס די צייט האָט נאָך נישט פאַרענטפערט. די אָפיציעלע מאָראַל האָט עס נאָר פאַרלאַטעט, פאַרסטריגעט אויבנאויפיק, נישט סאָליד. דעריבער מאַכן זיך אַזוי אָפט די ריסן...

אין משך פון אַ קנאַפּער שעה האָבן מיר דערפילט אונדזער חברישן חוב לגבי קאַגאַנאָווסקין: אים צוגעשיקט דעם אָפיציעלן בריוו פון ליטעראַטן־פאַראיין פאַרן האָטעל און דער זעלביקער שליח האָט אים אויך געהאָלפן זיך אַהין אַריבערציִען.

## 6

דיגרעסיע אין צייט און אָרט:

שפּעטער מיט אַ פּאָר יאָר. סיי אפרים קאַגאַנאָווסקי, סיי זיין צעשיידטע פרוי זיינען אין פּאַריז. זיין פרוי איז שוין פאַרבונדן מיט אַן אַנדער מאַן — אויך אַן אָנגעזעענער שרייבער. און מערקווירדיק: אין פּאַריז טרעפן זיי זיך אַלע דריי ווי אַלטע גוטע פריינט... ביידע זיינען איבערגעגעבן קאַגאַנאָווסקין בלב ונפש. איינס האָט די פרוי געפּועלט ביי קאַגאַנאָווסקין: אַז ער זאָל נישט חתונה האָבן מיט „יענער מויד"... ד"ה מיט יענער פרוי, וואָס צוליב איר זיינען זיי זיך צעגאַנגען... הגם יענע איז קורץ נאָך דעם נאָכגעפאָרן קאַגאַנאָווסקין. אָבער אין פּאַריז האָט ער זי לחלוטין איגנאָרירט און אויסגעמיטן יעדע באַגעגעניש מיט איר — אַ פולשטענדיקער ריס! צי האָט ער טאַקע אַזוי געהאַנדלט, ווערלנדיק נאָכקומען דעם שטאַרקן ווילן פון זיין געוועזענער פרוי, לגבי וועלכער ער האָט מסתמא געטראָגן

אין האַרץ אַ שולד־געפיל, אָדער מחמת זיין אַנטוישונג אין זיין „אָביעקט" — דאָס בלייבט אַ סוד.

און דאָס איז געווען קאַגאַנאָווסקיס געוועזענער פרויס טריומף און נקמה...

אפרים קאַגאַנאָווסקי האָט זיך אין פּאַריז געהאַלטן נאָנט צו די „פּראָגרעסיווע" (הגם ער איז תמיד געווען אַן אומפּאַרטייִישער און בכלל ווייט פון געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן). קומענדיק פון וואַרשע, האָט ער — מחמת פּערזענלעכער „באַקוועמלעכקייט" — געהאַלטן, אַז זיין אַדרעס אין פּאַריז איז די „אוניאָן"... און די „פּראָגרעסיווע" אין פּאַריז האָבן אים טאַקע אויפגעכאַפּט בסבר פּנים יפות. איינער אַ וואַרשעווער ייִד, אַ ייִד אַ גביר, דעמאָלט אַ „פּראָגרעסיווער", האָט אים אַריינגענומען צו זיך אין רייכן הויז און אָפּגעגעבן אַ שיין צימער. האָט ער דאָרט גע־לעבט ווי „ביים טאַטן אין וויינגאָרטן"... כ'האָב דאָרט איין מאָל באַזוכט קאַגאַנאָווסקין און געזען דאָס רחבות פונעם הויז. דער ייִד האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו קונסט — ער האָט זיך געקאָנט פאַרגינען. און אַלע ווענט, אַפילו די קאָרידאָרן, זיינען געווען פאַרהאַנגען מיט בילדער פון די בעסטע מאָלער. אַן אמתער מוזיי.

אַ חוץ מיט אַ דירה האָט מען קאַגאַנאָווסקין אויך פאַרזאָרגט מיט אַ פּלאַץ אין דער „פּראָגרעסיווער" צייטונג — „די נייע פּרעסע". דאָרט האָט ער אָנגעהויבן איבערדרוקן זיינע אַלטע וואַרשעווער נאָוועלן. די שטייגער־בילדער פון סטאַווקער געסל וכדומה. די קאָמוניסטן האָבן אים געקעכלט און אים פון זיך שוין נישט אָפּגעלאָזט. האָבן אים אַפילו גע־האָלפן אַרויסגעבן אַ פּאָר ביכער זיינע. אין וואַרשע פלעגט ער באַקומען אַן ערן־פּענסיע פון צ. ק. פון ייִדן אין פּוילן און אין פּאַריז האָט ער גע־האַט אַ סאָלידן אָנשפּאַר אין דער „אוניאָן", איז צו וואָס־זשע גיין צו די פּליטים־שרייבערס, צו דער חברה קבצנים פון גי פּאַטען? וואָס לוינט עס אים?

די „אוניאָן"־לייט האָבן פון צייט צו צייט אויסגענוצט קאַגאַנאָווסקיס נאָמען פאַר זייערע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען אין „די נייע פּרעסע": האָבן זיי אים דאָך געהאַלטן פאַר אַ „זייעריקן", וואָס עסט ברויט פון זייער טיש... פלעגן דאָ און דאָרט פאַלן ווערטער פון קריטיק אויף קאַגאַנאָווס־קיס חשבון, — אויפן באַגאַבטן שרייבער, וואָס האָט זיך פאַרקויפט פאַרן נזיד עדשים...

אַזאַ איז ער געווען, דער צעפּיעשטשעטער שרייבער מיטן שוואַכן ווילן, אפרים קאַגאַנאָווסקי. קאָלעגן האָבן געקענט זיינע שוואַכקייטן און מ׳האָט נישט געלייגט אויף זיין הנהגה קיין צופיל געוויכט. מ׳האָט געוווסט, אַז קאַגאַנאָווסקי איז אין תוך געווען ווייט פון יעדער פּאָליטישער אידעאָ־לאָגיע.

אַ געוויסן קאָנטאַקט האָט קאַגאַנאָווסקי יאָ געהאַט מיט אונדזערע שרייבערס. דאָס איז געווען אויף די אַסיפות פון פּען־קלוב, אין רעדאַק־ציע פון „קיום" ביי דער פעדעראַציע, וווהין מיר האָבן אים באַלד ביי דער אַנטשטייונג פון פּען־אַפּטייל אויפגענומען בכבוד גדול. און דאָרט אין פּען־קלוב זיינען אויך אַריינגענומען געוואָרן נאָך אַ פּאָר שרייבערס, וואָס זיינען דעמאָלט נאָנט געווען צו דער „אוניאָן", ווי משה שולשטיין און בנימין שלעווין. אַזוי אַז קאַגאַנאָווסקין איז עס געווען באַקוועמער... אָבער אויף גי פאַטען האָט קאַגאַנאָווסקי קיין מאָל קיין שוועל פון אַ שרייבער־פּליט נישט אַריבערגעטראָטן. ער איז דאָרט קיין מאָל נישט געווען — הגם מ׳האָט דאָרט אַראַנזשירט אָפטע ליטעראַרישע אימפּרעזעס, רעפעראַטן וכדומה. ס׳איז געווען אַ טריפהער אַדרעס פאַר דער „אוניאָן"...

אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט קאַגאַנאָווסקי געביטן זיין דירה. ער האָט זיך אַריינגעצויגן אין דער וווינונג פון זיינער אַן אַלטער באַקאַנטער פון אַמאָל־אַמאָליקן וואַרשע. אַ פרוי מסתמא עלטער פון אים מיט אַ פּאָר יאָר, אָבער וואָס האָט זיך אָנגעטאָן עלעגאַנט, אַ ביסל עקסצענטריש פאַר אירע יאָרן. דאָס איז געווען טעאַ אַרצישעווסקאַ, — אַמאָל, אַמאָל — לויט איר מיידלשן נאָמען — מרים איזראַעלס. אין אירע יונגע יאָרן איז זי געווען די פרוי פונעם מאָלער שמעון קראַטקאָ, און דעמאָלט האָט זי אין וואַרשע געהערט צו פּרצעס קרייז, איז געווען אַ נאָנטע פריינדין פון פּרצן, אָדער — ווי בייזע צינגער האָבן געמורמלט — פּרצעס אַ „שוואַכקייט"... דעמאָלט איז זי געווען מיטבאַטייליקט אין דער דראַמאַ־טישער סטודיע, וואָס איז דורך פּרצעס איניציאַטיוו באַשאַפן געוואָרן. זי איז אויך באַקאַנט געווען אין וואַרשע ווי אַ ברייט־האַרציקע קונסט־מעצע־נאַטין פאַר פיל יידישע קינסטלערס, ביי וועמען זי פלעגט קויפן זייערע בילדער פאַר איר נישט־אָרעמער היים. איר שטוב איז געווען אַ מין ליטע־ראַרישער סאַלאָן, וווהין עס פלעגן אַריינקומען שרייבערס און קינסטלערס. טעאַ איז זיך לסוף צעגאַנגען מיט איר מאַן און קראַטקאָ איז אַוועק קיין רוסלאַנד. דאָרט האָט ער שפּעטער מיט יאָרן, בעת די סטאַליניסטישע

„טשיסטקעס״ (רייניקונגען) געטיילט דעם גורל פון די הונדערטער, טויזנ־טער קרבנות. טעאַ (אָדער טאַטשע, ווי מ׳האָט זי היימיש גערופן) האָט זיך פאַרבונדן מיט אַן אַנדער מאַן און זינט דעמאָלט האָט זי שוין געטראָגן דעם נאָמען אַרצישעווסקאַ.

און היות ווי אפרים קאַגאַנאָווסקי איז געווען אַ בן בית ביי פּרצן, זיינען אים די מענטשן פון יענעם קרייז נאָנט געווען. אַזוי אויך די אַמאָ־ליקע ראָמאַנטישע טעאַ. האָט עס אויך אין פּאַריז אים צו איר געצויגן. עס האָבן זיי גיך פאַרבונדן די אַלטע סענטימענטן. זי האָט געהאַט גע־לעבט אַליין, געפירט אַן איינזאַם לעבן, גענערט זיך מיט אירע זיסע זכרונות פון איר שטורמישן אַמאָל. קאַגאַנאָווסקי האָט זיך צו איר אַריינ־געצויגן און זיי זיינען געוואָרן מאַן און ווייב.

חברה לצים צווישן שרייבערס האָט זיך געוויצלט אויף קאַגאַנאָווסקיס חשבון:

— עס שאַפט זיך איצטער אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון אפרים קאַגאַנאָווסקיס געוועזענע פרויען...

אין זיין יובילײ־אויסגאַבע „שריפטן״, דערשינען אין פּאַריז אין 1951 מיט דער הויפּט־הילף פון דער „אוניאָן״ פּלוס דעם „דזשאָינט״, דער־ציילט אפרים קאַגאַנאָווסקי אַליין אין זיין הקדמה:

„פון די קינסטלער־פּערזענלעכקייטן, וואָס איך האָב באַגעגנט אין פּרצעס שטוב, זיינען עטלעכע אויף לאַנגע יאָרן פאַרבליבן מיינע חברים און פריינט, ווי: י. י. טרונק, שמעון קראַטקאָ און זיין דעמאָלטיקע פרוי, די אַרטיסטין מרים איזראַעלס, די איצטיקע טעאַ אַרצישעווסקאַ.

מרים איזראַעלס — אַרצישעווסקאַ האָט אַריינגעטראָגן אינעם פּרץ־קרייז דעם אידעאַליזירטן מאָדעל פון אַ ייִדישער אַדעליקייט. אַ געמיש פון ביבל, ייִדישער פאָלקסטימלעכקייט און פּוילישקייט צוזאַמען. זי איז געקומען פון אַ גרויסער, ייִדישער שטוב, פון יחוס, תורה און ווילשטאַנד. די קינסטלערס, ווי אויך מיר שרייבערס, האָבן אין איר דערזען דאָס בילד פון אַלע געשיכטלעכע פרויען־געשטאַלטן, אָנהייבנדיק פון דער ביבל ביז דער „ייִדישער קיניגן פון פּוילן״, די לעגענדאַרע אסתרקע, די געליבטע פון דעם פּוילישן קיניג קאַזימיר דעם גרויסן.

מיט אַ צייט שפּעטער האָט זי געענדיקט די פּוילישע דראַמאַטישע שול און געהאַט אירע ערשטע אויפטריטן אויף דער פּוילישער בינע.

אויך י. ל. פּרץ האָט אין איזראַעלס — אַרצישעווסקאַ געזען אַלע

העלדינס פון זיינע סצענישע שאַפונגען און ער האָט זי אינספּירירט צו פאַרלאָזן די פּוילישע בינע און שפּילן טעאַטער אויף יידיש".

עד כאן אפרים קאַגאַנאָווסקי.

ס'איז כאַראַקטעריסטיש וואָס דער שוישפּילער און רעזשיסער זיגמונט טורקאָוו דערציילט אין זיין זכרונות־בוך „פראַגמענטן פון אַ לעבן" וועגן מרים איזראַעלס' שפּילן יידיש טעאַטער, וואָס האָט צו פיל נישט געדויערט. פּרצעס טעאַטער־סטודיע האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. שפּעטער מיט יאָרן באַנייט זי ווידער אירע סצענישע אַקטיוויטעטן אין טעאַטער־קאָלעקטיוו „אַזאַזעל" צוזאַמען מיט דוד הערמאַן, אַלאַ לילית, וול. גאָדיק, די קינסטלער הענריק בערלעווי, וו. וויינטרויב א"אַנד.

„הגם — דערציילט טורקאָוו — די איזראַעלס איז ביים טעאַטער נישט פאַרבליבן, איז זי געוואָרן פּאָפּולער אַ דאַנק די פּאָרטרעטן און בילדער, וואָס דער טויב־שטומער קינסטלער מינקאָווסקי האָט פון איר געמאָלן.

אויב זי האָט אויף דער בינע אויך אַזוי געשוויגן ווי אויף די בילדער, האָט איר שווייגן געדאַרפט מער ווירקן ווי דאָס ריידן פון אַ סך אַקטריסעס. ס'איז, דאַכט זיך, די אידעאַלסטע געשטאַלט פאַר פּרצעס פּרויען. נישט בחינם האָט ער אַזוי געהאַלטן פון איר".

אין מיינע פּאַריזער יאָרן בין איך איין מאָל פאַרבעטן געוואָרן פון טעאַ אַרצישעווסקאַ און אפרים קאַגאַנאָווסקי אין איר (אייגנטלעך שוין זייער) געמיטלעכער היים אויף אַ מסיבה פון שרייבערס און קינסטלערס (נישט קיין „פּראַגרעסיווע"...) אין שייכות מיט זייערן אַ פּראָיעקט צו שאַפן אין פּאַריז אַ „פּרץ־קרייז" (פון וואָס עס האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזט). עס האָט זיך זיי בײדן אפּנים געגלוסט צו שאַפן כאָטש עפּעס אַ סימבאָל פון יענער אַמאָליקער ראָמאַנטישער פּרץ־צייט.

טעאַ אַרצישעווסקאַס שטוב איז געווען איינגעאָרדנט מיט אַ סך געשמאַק און קאָמפאָרט. פיינע קונסט־בילדער האָבן באַפּוצט די ווענט. האָבן געשאַפן שטימונג. ס'איז קענטיק געווען: נישט קיין אָרעמע שטוב. אַ שטוב, וואָס קאָן אויך געבן באַקוועמלעכקייט. האָט טאָקע געצויגן אַהין קאַגאַנאָווסקין אויסצולעבן זיינע לעצטע יאָרן אין מאַטעריעלער זאָרגלאָזיקייט און אונטער דער השגחה (און זיין פיזישער מצב האָט זיך שוין שטאַרק געניטיקט אין השגחה) פון אַ סובטעלער פרוי.

אַגב איז טעאַ אַרצישעווסקאַ אין אירע פּאַריזער יאָרן אויפגעקומען אויך

ווי אַ שרייבערין און שוין קורץ פֿאַר איר טויט איז דערשינען איר דראַמע „מרימל‟, וואָס איז וואַרעם אויפגענומען געוואָרן אין די ליטעראַרישע קרייזן.

די דראַמע „מרימל‟ איז דערשינען אין 1959 אין „ציקאָ‟-פֿאַרלאַג אין ניו־יאָרק, מיט אַ פֿאָרוואָרט פֿון יוסף אָפּאַטאָשו און דריי בריוו (במקום אַ הקדמה) פֿון ד״ר יעקב שאַצקי.ביידע קאַרגן נישט קיין לויב־ווערטער דער אויטאָרין. אַגב איז די דראַמע נאָך אין מאַנוסקריפּט, אין יאָר 1954, פּרע־מירט געוואָרן מיט אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ־פּרייז אויפֿן נאָמען פֿון י. ל. פּרץ ביים קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק.

און אין דער דאָזיקער שטילער, שטימונגספולער דירה פֿון טעאַ אַרצישעווסקאַ האָט זיך אויך אויסגעלאָשן דאָס לעבן פֿונעם אויסגעפּיעש־טשעטן שרייבער און באַהעמיען אפרים קאַגאַנאָווסקי.

קורץ נאָך זיין טויט איז אויך טעאַ אַרצישעווסקאַ געשטאָרבן. איר לעצטער ווילן איז געווען, אַז מען זאָל זי לייגן נעבן אפרים קאַגאַנאָווסקיס קבר אויפֿן באַניע־בית־עולם. איר ווילן איז דערפֿילט געוואָרן.

אַ גורל פֿון אַ פֿריינדשאַפֿט, וואָס האָט זיך געצויגן דורך פֿאַרשיידענע לעבנס־גלגולים פֿון צעגליאַנע 1 — פֿון דער פּרץ־סביבה אין וואַרשע — ביזן באַניע־בית־עולם אין פּאַריז.

## 7

פֿאַרן אַרויספֿאָרן פֿון פּוילן האָב איך נאָך אויסגענוצט מיין אורלויב און פֿאַרבראַכט עטלעכע וואָכן אין דושניקי זדרוי (געוועזענער פּאָפּולערער דייטשישער קוראָרט ריינהערץ) נאָנט פֿון דער טשעכישער גרענעץ. כ׳האָב זיך אויפגעהאַלטן אינעם האָטעל פֿונעם פּוילישן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט, ווו כ׳בין געווען רעגיסטרירט ווי אַ מיטגליד זינט זיין אַנטשטייונג אין 1919: האָבן דאָך אין פֿאַרמלחמהדיקן פּוילן די ייִדישע זשורנאַליסטן גע־הערט ווי אַ ייִדישע סעקציע צום אַלגעמיינעם פּוילישן זשורנאַליסטן־סינ־דיקאַט און גענאָסן פֿון אַלע זכיות — דער עיקר דעם אומזיסטן באַן־קאַרטעט, ערשטע קלאַס, וואָס אויך די ייִדישע סעקציע האָט געהאַט אין איר רשות פֿאַר די מיטגלידער. און היות ווי די רשימות פֿון די מיטגלי־דער אין פּוילישן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט זיינען אָפּגעהיט געוואָרן פֿון פֿאַר דער מלחמה (די פּאָליאַקן האָבן דאָך נישט געליטן פֿון טאָטאַלער אויס־

ראַטונג מצד דעם היטלערישן אָקופּאַנט), האָב איך לייכט געקאָנט געניסן פון זשורנאַליסטן־האָטעל אין דושניקי זדרוי פּאַר אַ שיבוש.

דער דאָזיקער קוראָרט איז אַ פּרעכטיקער. די געדיכטע סאָסנע־ביימער אַרום אָטעמען אויס באַלזאַם־ריחות און היילן און באַרויִקן דאָס געמיט. אַ חוץ די וועלדער זיינען דאָרט פאַראַן מינעראַל־קוואַלן און הייל־בעדער פאַר מענטשן מיט צעשרויפטע נערוון. און ביי וועלכע ייִדן זיינען נאָך די שווערע איבערלעבענישן אין די טראַגישע מלחמה־יאָרן די נערוון נישט צעשרויפט?...

אַ כאַראַקטעריסטישער פאַל מיטן דאָרטיקן קוראָרט־דאָקטער, צו וועלכן כ׳האָב געדאַרפט אָנקומען ווי אַ קור־גאַסט. ווייזט זיך אַרויס, אַז דער דאָזיקער דאָקטער, אַן עלטערער יעקי, איז אַ ייִד. אַן אַסימילירטער דייטשער ייִד מדור דורות און אים איז על־פּי־נס געלונגען זיך צו ראַטע־ווען פון די נאַצישע נעגל... ביים באַטראַכטן מיך, ווי זיין פּאַציענט, פרעגט ער מיך אויס וועגן אַלע דעטאַלן, בתוכם אויך וועגן מיין באַרוף. הערנדיק, אַז איך בין אַ פען־מענטש, שענקט ער מיר אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמ־קייט און איז מיר דאַן מגלה, אַז אויך ער איז אַ ייִד און פאַרבעט מיך איך זאָל אים באַזוכן אין זיין פּריוואַט־ווינונג און פאַרברענגען „איין שטונד־כען" ביי אַ גלעזל טיי. כ׳נעם אָן די פאַרבעטונג און זאָג אים צו צו קומען אין אָוונט. ביים געזעגענען זיך מיט אים בעט ער מיך איך זאָל מיטנעמען עפּעס פון מיינע שריפטן. היות ווי כ׳האָב געהאַט מיטגענומען מיט זיך אין וואַליזע אַן עקזעמפּלאַר פון מיין לידער־זאַמלונג „מיט אַש אויפן קאָפּ", זאָג איך אים צו.

איך האָב געהאַלטן וואָרט און נאָך אָוונטברויט אַרויפגעקומען צום דאָקטער. דאָס מאָל האָט ער מיך אויפגענומען נישט אין זיין קאָנסולטאָריע, נאָר אין עסצימער. ווי איבערגעראַשט בין איך געוואָרן, ווען אַריינקומענ־דיק אַהין, האָב איך גלייך באַמערקט איבערן קאַמין אַ היפּשן צלם מיט אַ געקרייציקטן יעזוסל אין דער מיט.

זעענדיק, אַז איך קוק אויפן צלם, זאָגט ער מיר, ווי זיך צו פאַרענט־פערן פאַר מיר:

— דאָס איסט מיינער פראַו. איך בין טאָלעראַנט צו איר רעליגיאָן.

און ער דערציילט מיר באַלד, אַז זי, ווי אַ פּראָטעסטאַנטין, איז אויך לאָיאַל צו זיין ייִדישן גלויבן און אַז בעת דער מלחמה האָט זי אים אויס־באַהאַלטן און גוט געשיצט פון די נאַציס.

עס עפנט זיך באַלד די טיר פון אַן אַנדער חדר און עס באַווייזט זיך אַן עלטערע פרוי. אַ טיפּישע דייטשקע מיט אַ קיילעכדיקן פּנים, מאַסיווער פיגור און אַ גרויען גרעק אויפן קאָפּ. ער שטעלט מיך פאָר פאַר איר:

— איין ייִדישער שריפטשטעלער.

— זעהר ווילקאָמען. זעהר גערן, מיין הערר. — שטרעקט זי מיר אויס די האַנט און שמייכלט גוטמוטיק.

ער האָט איר, פאַרשטייט זיך, פריִער אָנגעזאָגט, אַז עס דאַרף קומען אַ גאַסט. האָט זי גלייך גענומען סערווירן אויפן טיש כיבוד: באַשיידענע ביסקוויטן און טיי. די גלעזער זיינען געווען אין מעטאַלענע שיידלען.

איך דערלאַנג דעם דאָקטער מיין לידער־זאַמלונג, וואָס ער האָט געבעטן צו ברענגען. ער באַקוקט עס אויפמערקזאַם.

— אָבער איך לעזע קיין ייִדיש. לעזען זיע אונדז, ביטטע, עטוואַס פאָן איהרען געדיכטען פאָר.

איך נעם דאָס בוך און וויל אים צוליב טאָן. עס פאַלט מיר פּלוצלונג איין, האָבנדיק אַנטקעגן מיר דעם צלם, אַז איך זאָל פאַר זיי פאָרלייענען יענעם חורבן־מאָטיוו, וווּ עס רעדט זיך וועגן אַ צלם און וועגן קריסטוסן.

איך לייען פּאַוואָליע. די העברעיִשע ווערטער, וואָס קומען אַריין אין ליד, פאַרטייטש איך זיי פאָרויס, אַז זיי ביידע זאָלן פאַרשטיין — סיי ער, דער ייִד, סיי זי, די לוטעראַנערין. ער איז מסתמא אַזאַ „למדן" אין העברעיִש אַזוי ווי זי...

## צום געקרייציקטן

קום אַראָפּ אַצינד אויף דר׳ערד, פאַרלאָז דעם צלם,
לאָמיר גיין צוזאַמען איבער געטאָ־גאַס.
טו אַ בליק, אָ זע די קברים, קופּעס ציגל,
זע די פרוכט פון שנאה, זע די פרוכט פון האַס.

ס׳בריִען דאָ די שטיינער, בלוט האָט דאָ געפלאָסן.
גיהנום־פלאַקער האָט געשלונגען קינד און קייט.
וואָס איז איצט פּילאַטוס! וואָס איצט יענע רוימער!
ס׳איז אַ פאָלק אַ גאַנצס געקרייציקט ווילדערהייט!

ס׳איז אַ פאָלק אַ גאַנצס געגאַנגען אויף גאָלגאָטע,
מיט דער דערנער־קרוין, געשמידט פון וויי און פּיין.

קום אַראָפּ אַצינד אויף דר׳ערד, פאַרלאָז דעם צלם,
זע, קוק־אָן דיין שטאָם, אין געטאָ קום אַריין!

וואָס, דו וויינסט? דו וויינסט? עס פליסן דיינע טרערן
און זיי פאַלן אויף די חורבות שטום אַראָפּ.

— — — — — — — — — — — — — —

און אַזוי געגאַנגען זיינען מיר געאָרעמט
איבער געטאָ מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

בעת מיין פאַרלייענען האָב איך באַמערקט, ווי דער פּרויס פּנים ווערט פאַרכמורעט און ווי איר קאָפּ בויגט זיך אַראָפּ. און אַפילו נאָך מיין ענדיקן לייענען איז אין צימער געבליבן אַ שווערע שטילקייט. דער דאָקטער האָט גענומען לינדער מאַכן די שטימונג, אויסטייטשנדיק פאַר איר דעם צער און פּיין פון יעזוסן אין געטאָ, וועלכער איז דאָך אַן אָפּשטאַמיקער ייִד...

— ער וואַר דאָך איין יודע... — האָט ער איר אַקצענטירט.

לסוף האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ און, אָפּזיפצנדיק, באַמערקט:

— יאַ, יאַ, דיעזע פערפלוכטען נאַציס...

***

אין דושניקי זדרוי זיינען דעמאָלט אויך געווען די יאַנאַסאָוויטשעס. היות ביידע האָבן מיר שוין געהאַט גרייט די אויסלענדישע פּעסער, האָבן מיר זיך שוין געהאַט צונויפגערעדט, אַז מיר זאָלן אַרויספאָרן צוזאַמען. יאַנאַסאָוויטש איז געווען מער איילעוודיק און געוואָלט וואָס גיכער באַשטימען דעם טערמין פונעם אַרויספאָר.

— איר פילט נישט דעם נייעם קורס אין פּוילן? — האָט ער גע־טענהט. — מיר טאָרן צו לאַנג נישט וואַרטן.

בשכנות פון דושניקי זדרוי — געציילטע קילאָמעטער בלויז — האָט זיך געפונען דער גרעסערער קוראָרט קודאָווא. מיר האָבן געוווסט, אַז דאָרט איז איצט פאַראַן דער שרייבער ישעיהו שפּיגעל מיט זיין פרוי. לאָזן מיר זיך איין טאָג אַהין אויף אַ באַזוך. אייגנטלעך זיך צו געזעגענען מיט די שפּיגעלס. איז דאָרט די טעמע ביי אונדז אַלעמען — פאָרן! וואַנדע־רונג! שפּיגעל, אַ שווער געפּרוווטער אין לאָדזשער געטאָ, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט דורך ניסים, איז נאָך פּסיכיש נישט בכוח צו לאָזן זיך אין וועג אַריין. נאָך דיינע טראַגישע איבערלעבענישן ווילט זיך אים נאָך נישט שיידן מיט דעם ביסל מנוחה...

— ביז וואַנען וועט זי דויערן, די מנוחה?... ביז וואַנען קען מען נאָך דאָ זיצן?...

אויף דער פראַגע איז טאַקע שווער צו ענטפערן קאָנקרעט. ס'איז אַ פראַגע פון אייגענער אינטויציע, פון נערוון־סיסטעם. ווער עס דער־לויבט זיך אַפילו אויף אַ ווולקאַן צו זיצן לענגער און ווער עס וויל נישט ריזיקירן און ראַטעוועט זיך באַצייטנס.

און עס גייט ביי אונדז אַוועק אַ שמועס, אַ מעדיטאַציע וועגן קאָנקרע־טע ביישפּילן: אין אָנהייב פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, נאָך פאַרן איינפירן די געטאָס פאַר ייִדן, בעת עס איז נאָך געווען אַ מעגלעכקייט צו אַנטלויפן פון אָנקומענדיקן גזר, האָט געפעלט ביי ייִדן די בייטיקע אינטויציע. ס'האָט זיך קיינער נישט געקאָנט פאָרשטעלן צו וואָס די דייטשישע נאַציס זיינען פעיִק. גאָר וויניקע זיינען באַהערשט געווען פון אַ פחד און זיינען געלאָפן איבער גרעניצן, אין סאָוויעטישן נע־ונד אַריין. אינטויִציע האָט אויך פאַרפעלט די ייִדישע שרייבער־פּליטים פון פּוילן, וועלכע זיינען שוין געווען אין די סאָוויעטיש־אָקופּירטע געביטן, ווי גראָדנע, ביאַליסטאָק, לעמבערג וכדומה. זיי האָבן זיך פאַרעקשנט און בשום אופן נישט געוואָלט אַרויסנעמען די אַרויפגעצוווּנגענע סאָוויעטישע פּעסער און דערפאַר זיינען זיי פאַרשיקט געוואָרן אין די לאַגערן פון סיביר און פון קאָמי אויפן וויטן צפון. (די „יעווסעקעס" האָבן זיך שפּעטער באַרימט אַז דאָס האָט די „נ.ק.וו.ד." אַזוי אַרום „געראַטעוועט" די ייִדישע פּליטים פון היטלערס האַק).

פאַר אַ מוסטער פון אפשר שוין איבערגעטריבענער באַרעכנטקייט נעמען מיר די שרייבערס רחל קאָרן, יוסף רובינשטיין, נחום באָמזע, משה גראָסמאַן, וועלכע זיינען באַלד די ערשטע אַוועק קיין שוועדן. די פּיאָנערין איז געוועזן רחל קאָרן, וועלכע מיר האָבן אַרויסגעפּראַוועט קיין שוועדן צום צוזאַמענפאָר פון פּען־קלוב שוין אין 1946, און זי איז שוין דאָרט פאַרבליבן און זיך באַמיט אין שטאָקהאָלם דורכן ייִדישן וועלט־קאָנגרעס וועגן וויזעס פאַר אונדז. לויט אונדזער איצטיקער אָפּשאַצונג איז זייער אינטויִציע געוועזן שוין אַ צו היפּער־היפּערדיקע. צו גרינג האָבן זיי זיך אָפּגעריסן פון די חורבות.

דערמאָן איך אין שמועס, אַז קורץ נאָך זייער אָנקומען קיין שטאָק־האָלם האָבן זיי מיר געגומען שרייבן — דער עיקר משה גראָסמאַן — אַז זיי וואַרטן אויף מיר. אַז פאַר מיר איז שוין גרייט נעבן זיי אַ פּלאַץ אין

פּענסיאָן... אַז עס ליגט שוין אַפּילו פאַר מיר די ערשטע געלט־שטיצע, וואָס דער קאָמיטעט פאַר שרייבער־פּליטים ביים י. ל. פּרץ־שרייבער־פאַראיין האָט צוגעשיקט (זיי האָבן שוין געהאַט געמאָלדן אין ניו־יאָרק, אַז איך קום באַלד). און יוסף רובינשטיין האָט מיר געשריבן, אַז שוין לאַנג, לאַנג האָט ער נישט געזען פון אַזאַ גאָט־געבענטשטער שטילקייט און רויִקייט פאַרן געמיט און פאַר די נערוון ווי ער האָט עס דאָרט אין שטאָקהאָלם ביי די פיאָרדן. נאָך די שווערע יאָרן איז עס אַ באַלזאַם פאַר דער נשמה.

אָבער אין יענער צייט — אין 1946־7 — בין איך לחלוטין נישט גע־נייגט געווען צו לאָזן זיך אין וועג אַריין. שווער געווען זיך אָפּצורייסן פון די חורבות. עס ווילט זיך איינזאַפּן נאָך מער טרויער; מער טרויער פון די צעשאָטענע גאַסן אין לאָדזשער באַלוט, פון וואַרשעווער געטאָ און פון די נאָמענלאָזע קברים און פונעם אַש, וואָס איז פאַרשפּרייט אויף די פּוילישע פעלדער — — —

און איצט, אין 1948, שפּאַצירנדיק איבער די גאַסן און געסלעך פונעם שײַנעם קוראָרט, האָבן דרײַ שרייבערס פון פּוילן מעדיטירט און געקומען צום אויספיר, אַז אויך פאַר זיי איז געקומען די צייט צו פאַרלאָזן פּוילן — ווי שווער פאַרן געמיט עס זאָל נישט זיין. אַז נישטאָ שוין די אילוזיע פון באַלד נאָך דער מלחמה, אַז אויף דער פּוילישער ערד וועט קאָנען אויפבליִען אַ באַנייט יידיש לעבן. רעדט מען וועגן פאַרשיידענע מרחקים; רעדט מען וועגן היימישן ישראל — דאָס באַנייטע יידישע לאַנד. אַהין, אַהין שטראָמען עס איצט יידן אין די טויזנטער, טויזנטער. און דאָרט קומט יאָ אויף אַ ניי יידיש לעבן. און דאָרט, גלויבט זיך, וועלן אפשר אויך יידיש־שרייבער קאָנען צעשפּרייטן זייערע פליגל — — —

און אַזוי בלאָנקענדיק זיינען מיר צוגעקומען צו אַ הינטערשטעטישער געגנט, ווו ס'איז געווען די גרענעץ מיט טשעכאָסלאָוואַקיע. דאָס געסל, ווו מיר שפּאַצירן, איז די־זייט גרענעץ און דאָרט, דאָס צווייטע געסל, איז שוין יענע־זייט; איז שוין אויסלאַנד. און וויפל יידן־פּליטים האָבן עס גע־שטראָמט דורך דאַנען אויף יענער זייט!

יאָ, אין גיכן וועלן מיר אויף אַ לעגאַלן אופן אויך שוין זיין אויף יענער זייט. אָבער וווהין דער וועג זאָל נישט פירן, איז דער ערשטער עטאַפּ — פּאַריז!

די שפּיגעלס באַגלייטן אונדז אויפן וועג צו אונדזער דושניקי זדרוי.

זיי פֿאַרבלייבן נאָך דערווייל אין קודאָוואַ. ווען מיר זיך שוין אפשר מער נישט זען אין לאָדזש. געזעגענען מיר זיך חבריש און מיט בענקעניש:
— להתראות בפּאַריז!

## 8

צוריקקומענדיק פֿון מיין אורלויב האָב איך זיך גענומען גרייטן צו מיין נסיעה. איך האָב שוין מודיע געווען אויף אַ פֿאַרוואַלטונג־זיצונג פֿון ליטעראַטן־פֿאַראיין, אַז איך קלייב זיך שוין צו מאַכן אַ געברויך פֿון מיין אויסלענדישן פּאַס; אַז איך פֿאָר דערווייל קיין פּאַריז. די קאָמוניסטן אין דער פֿאַרוואַלטונג — די מינדערהייט — זיינען, פֿאַרשטייט זיך, געווען אומצופֿרידן; אָבער זיי האָבן עס געמוזט אַראָפּשלינגען און אַרויסגעוויזן לאָיאַלקייט. פֿאָר איך דאָך, אגב, לעגאַל, מיט אַן אויסלענדישן פּאַס. איך גיי דאָך נישט שוואַרצן די גרענעץ. שפּעטער אין וואַרשע האָט בערל מאַרק מיט מיר פֿאַרפֿירט אַ גאַנצן שמועס און געטענהט, אַז עס טוען שלעכט די אַלע שרייבערס, וואָס פֿאַרלאָזן פּוילן.
— דאָ בויט מען אויף די חורבות אַ נייעם ייִדישן ישוב און שרייבערס פֿאָרן אַוועק. אַן עוולה! — האָט ער געטענהט מיט אמתן צער.
איך פֿאַרשטיי אים זייער גוט: ער, וואָס בלייבט דאָ, וואָלט געוואָלט האָבן אַ גרעסערע שרייבער־סביבה. נישט בלייבן פֿאַראיינזאַמט.
— איר זייט אפשר גערעכט, חבר מאַרק, — ענטפֿער איך אים, — אָבער צי זייט איר זיכער, אַז אַזוי וועט טאַקע זיין?
געוואָלט האָב איך אים אייגנטלעך זאָגן עטוואָס אַנדערש: וועגן געענדערטן פּאָליטישן קלימאַט אין פּוילן. און מיין דערפֿאַרונג אין סאָוויעטישן „גן־עדן" דיקטירט מיר: דיינו... וואָס ווייטער... ווייטער...
אָבער גיי רייד מיט אַ קאָמוניסט אַזוי אָפֿנהאַרציק! הגם בערל מאַרק איז גראָד קיין מאָל נישט געווען קיין אָרטאָדאָקסישער קאָמוניסט; אדרבה, די קאָמוניסטן האָבן פֿון שטענדיק אַן אויף אים געהאַט אַן אויג און האָבן באַוואָרענישן לגבי אים. ער איז אין דער אמתן געווען מער אונדזעריקער ווי זייערער. אַ ייִדישער ייִד. מיט ייִדישע בענקענישן. אָבער דאָך... ריידן איז זילבער און שווייגן איז גאָלד.
נאָך מיין מעלדונג האָט די פֿאַרוואַלטונג באַשלאָסן, אַז אויף מיין אָרט ווי סעקרעטאַר פֿון שרייבער־פֿאַראיין זאָל פֿאַרבעטן ווערן ישעיהו שפּיגעל.

און וואָס שייך מיין צימער, איז אויפן פּאַרלאַנג פון רחל אויערבאַך באַ־שטימט געוואָרן עס איבערצוגעבן אלחנן וואָגלערן, וועלכער וואַלגערט זיך ערגעץ אויף אַ בוידעם־שטיבל און טראָגט זיך אַרום מיט כסדרדיקע תּרעומות, אַז מען באַוואָלהט אים.

ס'איז כאַראַקטעריסטיש צו דערמאָנען:

מיין צימער האָב איך געהאַט אינעם זעלבן הויז, נאַרוטאָוויטשאַ 32, ווו ס'איז געווען די רעדאַקציע פון „דאָס נייע לעבן". אויפן זעלבן שטאָק, אַ טיר קעגנאיבער, איז געווען דער לאָקאַל פון ליטעראַטן־פאַראיין. מיין צימער איז געווען מיט אַ שטאָק נידעריקער. דאָס איז געווען אַ גרויסע דירה פון זעקס צימערן, אַ שרייבערישע דירה: איין צימער האָט פאַרנומען רחל אויערבאַך און אַ צווייט צימער — ד"ר יוסף קערמיש, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען אין פּוילישן אָפיצירן־מונדיר. מיין צימער — אַ פּרעכטיק, שיין מעבלירט פראָנט־צימער — האָט לכתחילה פאַרנומען דער היסטאָרי־קער ד"ר פיליפ פרידמאַן מיט זיין פרוי. נאָך ד"ר פרידמאַנס אַוועקפאָרן האָט זיך אַהין אַריינגעצויגן דער פּוילישער פּראָפעסאָר טאַדעאוש זאַדע־רעצקי. אַז זאַדערעצקי איז נאָך אין 1946 אַריבערגעפאָרן קיין קראָקע צו פאַרנעמען אַ קאַטעדרע אין דאָרטיקן יאַגעלאָנער אוניווערסיטעט, זיינען אויף זיין צימער געווען אַ סך בעלנים; אָבער רחל אויערבאַך, וואָס האָט זיך געפילט ווי די הויפּט־באַלעבאָסטע אין דער דירה, האָט זיך איינגע־שטעלט דווקא פאַר מיר — ווי פאַר אַ היימישן, אַז דאָס צימער זאָל איבערגעגעבן ווערן דווקא מיר און נישט קיין אַנדערן, אפשר נישט־גע־וווּנטשענעם שכן. די דעה האָט דאָ געהאַט דער יידישער וואָיעוואָדישער קאָמיטעט, ווו רחל אויערבאַך האָט איינגעלייגט וועלטן און זי האָט אויס־געפירט. פאַר מיר איז עס דעמאָלט געווען אַ ישועה: כ'האָב זיך פריער געוואַלגערט אַ היפּשע צייט אין דער בורסע אויף פּראַנציסקאַנער גאַס, זאַלבעפערט אין איין חדר, וואָס מיר האָט דערמאָנט די „אָבשטשעזשי־טשיעס" אין סאָוויעט־רוסלאַנד, מיטן אונטערשייד, וואָס דאָ זיינען מיר גע־ווען זאַט, געלעגן אין ריינע, היגיענישע בעטן, און דאָרט האָט מען זיך געוואַלגערט אויף נאַרעס, אָדער גאָר אויף ערדענע פּאָדלאָגעס, אין שמוץ און אין קעלט, צעפרעסן דאָס לייב פון פּאַראַזיטן, און דער חלום איז גע־ווען — אַ „פּייקע" ברויט... אַ בעט...

מיין צימער איז געווען פיין מעבלירט. אַ באַקוועמע סאָפאַ, באַקוועמע לעדערנע פאָטעלן, אַ קיילעכדיקער מאַהאָגאַן־טיש אונטער גלאָז, אַ ביכער־

שאַנק מיט אַן אויסוואַל פון וויסנשאַפטלעכע ביכער, וואָס פּראָפּ׳ זאַדע־רעצקי האָט איבערגעלאָזט. און אפשר זיינען זיי גאָר נישט געווען זיינע, נאָר פאַרבליבענע אין הפקר. צווישן די ביכער האָב איך אַפילו געפונען אַן אַלטע אויסגאַבע פון אַ תנ״כל אין העברעיש און לאַטיין, וואָס כ׳האָב מיר שפּעטער דערלויבט מיטצונעמען פונעם הפקר אין וועג אַריין.

איז אָט דאָס צימער באַשטימט געוואָרן, נאָך דעם ווי איך וועל עס פאַרלאָזן, פאַרן איינזאַמען פּאָעט אלחנן וואָגלער, וואָס באַקומט לסוף אַ גוטע געלעגנהייט פּטור צו ווערן פון זיין בוידעם־שטיבל.

ווי איבערגעראַשט זיינען מיר אָבער אַלע געוואָרן אין דער פּאַרוואַל־טונג, דערוויסנדיק זיך, אַז וואָגלער האָט זיך גאָר נישט דערפרייט מיט אָט דער „קייזערלעכער״ דירה, וואָס אַלע האָבן מיר מקנא געווען, און ער האָט אָנגעגעבן כלערליי נישט־וועזנטלעכע תירוצים, כדי זיך אַרויס־צודרייען פון דער פאַרגעלייגטער געלעגנהייט... אונדזער עולם האָט גע־קוועטשט מיט די פּלייצעס און עס פּשוט נישט פאַרשטאַנען. דער עיקר האָט זיך געחידושט מיכאל מירסקי, וואָס האָט וואָגלערן געהאַט אויפן גע־וויסן. ער האָט געטענהט:

— ער האָט דאָך מיר פאַרווינט מיינע יאָרן, דער וואָגלער: „אַלע האָבן לייטישע דירות, נאָר איך דאַרף זיך וואַלגערן אויף אַ בוידעם־שטיבל״.

מ׳האָט עס אויסגעטייטשט פאַרשיידן:

— אַ קאָמפּלעקס ביי אים אַזאַ. — זאָגט איינער. — ער וויל אַ פּנים נישט פאַרלירן דעם „פּריווילעגירטן״ מצב פון אַ באַעוולהטן, כדי תמיד צו קאָנען האָבן טענות; צו באַוויינען זיין ביטערע דאָליע...

— ער איז מסתמא פאַרליבט אין דער איזאָלאַציע. — קומט אַן אַנדער פּירוש. — אויפן בוידעם־שטיבל איז ער איינער אַליין מיט זיין מוזע. און אין דער גרויסער דירה זיינען דאָך פאַראַן נאָך לאָקאַטאָרן, — הגם יעדער אין זיין צימער איז דאָך אַן אָפּגעזונדערטע וועלט, ווי ביי שרייבערס איז עס שכיח.

בינו לבינו בין איך געווען אין אַ פאַרלעגנהייט: פונקט האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז רחל אויערבאַך איז געהאַט אַוועקגעפּאָרן ערגעץ אויף אורלויב און פון איר קוואַרט האָט זי מיר געשריבן מיט תחנונים, קענטיק אין אַ נערוועזן צושטאַנד, אַז כ׳זאָל למען השם פאַר מיין אָפּפאָר קיינעם נישט אָפּגעבן דעם שליסל פון מיין צימער, נאָר דווקא אלחנן וואָגלערן. אַזוי

ווי מיר האָבן אָפּגערעדט. אַז איך זאָל איר „נישט צאָלן מיט שטיינער פּאַר ברויט"... (געמיינט דעם פּאַקט, וואָס אַ דאַנק איר האָב איך דאָך באַקומען דאָס צימער). האָב איך זי באַרויִקט אין אַ בריוו, אַז זי זאָל זיך נישט פאַרשטערן איר וואַקאַנס; אַז דעם שליסל וועל איך אָפּגעבן אין רשות פון דער פאַרוואַלטונג, ווייל וואָגלער, דער „טשוּדאַק", איז מוחל דעם שליסל מיט דער דירה. אַז כ'וועל בעטן די פאַרוואַלטונגס־מענטשן מ'זאָל אויף איר וואַרטן און קיין אַנדערן דערווייל נישט אַריינלאָזן אין מיין צימער.

9

די שטאָקהאָלמער גרופּע שרייבערס — אַחוץ רחל קאָרן — זיינען שוין אין פּאַריז און זיי וווינען אַלע אין דעם ראָטשילד־הויז אויף גי פּאַטען 9. זיי ווייסן שוין, אַז מיר קלייבן זיך אַהין. שרייבט מיר משה גראָסמאַן, דער שטענדיקער פּאַניקיאָר: „אויף וואָס וואַרט איר נאָך? צופּיל זיצן אין פּוילן איז איצט נישט געזונט"... דערמאָנט עס מיר, אַז בעת אונדזער רעפּאַטריאַציע פון סאָוויעט־רוסלאַנד, האָט ער אויך געברענט פון אומגע־דולד און פון אומרו און האָט נישט געוואַרט אויף דעם עשאַלאָן און גע־לאָפן דורך אַ קאָמבינאַציע אינדיווידועל פון זיין סאַמאַרקאַנד קיין לעמ־בערג, און פון סאָוויעטישן לעמבערג האָט ער זיך אַריבערגעשוואַרצט קיין פּוילן. דאָס דאָזיקע שוואַרצן זיך האָט אים געקאָסט טייער קאָסטן... בעת ער איז דעמאָלט פאַרבייגעפאָרן מיין קאַזאַכישע שטאָט אַק בולאַק, ווו איך האָב דעמאָלט געוווינט, האָט ער מיר פון וואָקזאַל געשיקט אַ פּאָסט־קאַרטל: „גלויבט זיי נישט, פאַרלאָזט זיך נישט אויף זיי. נוצט אויס יעדע מעגלעכ־קייט און רייסט זיך אַרויס פון אייער מקום אַזוי ווי איך טו עס איצט".

עס איז גראָסמאַנען יאָ געלונגען און ער איז געווען פון די ערשטע שרייבער־רעפּאַטריאַנטן, וואָס איז אָנגעקומען קיין לאָדזש, ווו אַ גרופּע שרייבערס האָבן זיך שוין געהאַט צונויפגענומען און אָרגאַניזירט דעם ליטעראַטן־פאַראיין. אַזוי אַז דאָרט האָט ער שוין געהאַט אַן אַדרעס. און איצט איז דער אַדרעס: גי פּאַטען 9. דאָרט איז שוין איצט פאַראַן אַ היפּשע גרופּע שרייבער־פּליטים, וואָס לאָזן זיך הערן אין דער וועלט.

אַגב זיינען אָנגעקומען אין לאָדזש נומערן פון ניו־יאָרקער „פאָר־וועַרטס", ווו עס האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן אין המשכים משה גראָסמאַנס

איבערלעבענישן אין סאָוויעטישן „גן־עדן"*. אין ליטעראַטן־פאַראיין האָט מען עס געטראָגן פון האַנט צו האַנט. די קאָמוניסטן האָבן עס קאָמענטירט:

— צוליב דעם האָט ער זיך געאײַלט צו פאַרלאָזן וואָס גיכער פּוילן. ער האָט זיך געאײַלט צו וואַרפן שמוץ אויפן ראַטנפאַרבאַנד.

און איך, וואָס האָב אויך פאַרזוכט דעם טעם פון דער סאָוויעטישער קאַטאָרגע אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, האָב געמוזט אויסהערן די פאַר־דאַמונג מצד די קאָמוניסטן מיט שטילשווייגן: לאָדזש איז נישט געווען דאָס אָרט, ווו מ'קאָן פריי דיסקוטירן אויף דער דאָזיקער טעמע... דאָס וואָס איך האָב צו זאָגן וועגן דעם סאָוויעטישן „גן־עדן" האָב איך אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדער שעת הכושר. שוין אויף יענער זייט גרענעץ. עס וואַרט דערויף מיין קליינטשיק נאָטיץ־ביכעלע מיט די היעראָגליפישע פאַרציי־כענישן, וואָס איך פיר־מיט מיט זיך פון יענעם עמק הבכא — — —

**
*

כ'האָב גענומען מאַכן די לעצטע הכנות צו דער נסיעה. דאָס מעבל האָט געהערט צו מיר פּערזענלעך. האָב פאַר דער צייט געהאַט די געלעגנ־הייט — אייגנטלעך דעם חוב — עס אָפּצוקויפן אין מאַגיסטראַט ווי „פאָ־ניעמיעצקיע" (פאַרבליבענע נאָך די דייטשן). אַזוי האָבן אַלע געטאָן לויט אַ באַקאַנטמאַכונג פון מאַגיסטראַט. אָבער וואָס טו איך איצטער מיטן דאָזיקן שיינעם מעבל? מיט די טייערע לעדערנע פאָטעלן? מיטן טיש? מיטן פיינעם ביכער־שענקל? איך וועל דאָס אַלץ דאָך נישט מיטנעמען קיין פאַריז.

אַגב אַ קוריאָז:

מיין גוטע שכנה און גוטער חבר רחל אויערבאַך האָט מיך געהאַט געבעטן פאַר איר אָפּפאָרן אויף אורלויב, אַז איך זאָל איר טאָן די „טובה" און מיטנעמען פאַר איר אין באַגאַזש־וואַגאָן איר גרויסע פיינע קליידער־שאַנק (אויך זי האָט אָפּגעקויפט איר מעבל אין מאַגיסטראַט) און באַזאָרגן זי צו איר קוזינע אין פאַריז, וווהין זי אַליין וועט דאָך אויך שפּעטער אַ ביסל קומען. אָבער אַזאַ מין „טובה" — וואָס שייך מיינע אייגענע מעבל — האָב איך זיך אַליין נישט בדעה געהאַט צו טאָן. כ'בין זיכער: אויב

---

* דערשינען שפּעטער אין צוויי בענד א"נ „אין פאַרכישופטן לאַנד פון לעגענ־דאַרן דזשוגאַשווילי".

רחל אויערבאַך דעמאָנט זיך אַ מאָל איר נאַיווע בקשה מכוח איר קליידער־שאַנק, לאַכט זי אַליין אין געדאַנק. והא ראיה, בעת זי איז געקומען אין 1950 פון פּוילן קיין ישראל, האָט זי איר גרויסע שיינע שאַנק נישט מיט־געבראַכט אין איר באַגאַזש.

מיין מעבל האָט לסוף איבערגענומען דער ליטעראַטן־פאַראיין גופא פאַר זיין קאַנצעליאַריע, אָדער פאַר אַן אַנדער שרייבער, וואָס וועט זיך דאָרט אַריינציִען. די פאַרוואַלטונג־מיטגלידער דוד ספאַרד און מיכאל מירסקי האָבן עס אָפּגעשאַצט לויט זייער איינזען און באַשטימט פאַר מיר אַ געוויסע סומע און דער פאַרוואַלטונג־קאַסירער ד״ר יחיאל האָפער האָט מיר אויסגעצאָלט אין דאָלאַרן (דער פאַראיין פלעגט באַקומען דורך אַ גע־לעגנהייט פון אַמעריקע עפעקטיווע דאָלאַרן).

און אַזוי האָבן מיר — איך און די יאַנאַסאָוויטשעס — אין דער שטיל זיך געזעגנט מיט לאָדזש, מיט חברים. קיין געזעגן־אָוונט אין ליטעראַטן־פאַראיין איז דאָך, פאַרשטייט זיך, נישט שייך געווען צו אַראַנזשירן. מיר זיינען דאָך געווען בבחינת „יורדים״. מיר זיינען נישט געווען די איינציקע „יורדים״. פאַר דער צייט האָט שוין פאַרלאָזט פּוילן די מערהייט שרייבערס. דער אָפּטייל פון פּען־קלוב, וואָס האָט אין 1946 געהאַט אַ היפּשע גרופּע, האָט שוין לאַנג קיין מנין נישט געהאַט... און אַזוי ווי די שרייבערס — אַזוי ייִדן בכלל. דער גרעסטער ייִדישער ישוב אין נאָך־מלחמהדיקן פּוילן — לאָדזש, — ווו עס האָבן לכתחילה זיך קאָנצענטרירט פיל צענדליקער טויזנטער ייִדן־פּליטים; ווו עס האָט זיך אַזוי געטומלט, געררודערט מיט אימפּרעזעס, אונטערנעמונגען, אַסיפות, מיטינגען פון פּאַרטייען, פון פאַר־איינען מכל המיני ריכטונגען, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דערפל... אויך דער ליטעראַטן־פאַראיין אין לאָדזש לאָזט זיך שוין נישט הערן אַזוי ווי פריִער, איידער דער עולם איז זיך צעפאָרן. פריִער פלעגן דאָך יעדע עטלעכע טעג פאָרקומען ליטעראַרישע אָוונטן און פּרימאָרגנס פון שרייבערס סיי אין אייגענעם לאָקאַל, סיי אין אַנדערע אינסטיטוציעס און סאַלאָנען: אַ מאָל אַן אָוונט ספּעציעל פון דיכטערס, אַ מאָל פון פּראָ־זאַיִקערס, אַ מאָל געמישטע אָוונטן, באַגלייט מיט קאָנצערט־נומערן; רעפע־ראַטן וועגן פּראָבלעמען פון ליטעראַטור וכדומה.

סוף 1947 איז נאָך אַפילו מעגלעך געווען — און כדאי דאָס צו פאַר־צייכענען — עס זאָל פאָרקומען אין לאָדזשער „טעאַטר וואַיסקאָ פּאָלסקיע־גאָ״ אַ ליטעראַרישע אַקאַדעמיע פון אַן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער. ס'איז

געוועזן אַן אמתע מאַניפעסטאַציע פון שרייבערישער פאַרברידערונג צווישן ייִדישע און נישט־ייִדישע שרייבערס און אינטעלעקטואַלן. די אַקאַדעמיע איז אָרגאַנזשירט געוואָרן בשותפות: פון לאָדזשער ייִדישן וואָיעוואָדישן קאָמיטעט; פון ייִדישן ליטעראַטן־פאַראיין; פון ייִדישן אַקטיאָרן־פאַראיין; פון פוילישן ליטעראַטן־פאַראיין (לאָדזשער אָפּטייל); פּראָפעסיאָנעלער פוילישער אַקטיאָרן־פאַראיין (לאָדזשער אָפּטייל). די הכנסה פונעם אָוונט איז געגאַנגען צום רשות פון בירגערלעכן קאָמיטעט פאַרן בוי פונעם דענקמאָל אין וואַרשעווער געטאָ. און כדאַי אויך צו פאַרצייכענען די אַלע אָנטיילנעמער אין דער אימפּאָזאַנטער אַקאַדעמיע. רעדעס האָבן געהאַלטן: יוליוש זשולאַווסקי, סיים־דעפּוטאַט לעאָן שילער (דער רעזשיסער פון „טעאַטר פּאָלסקי״) און מיכאל מירסקי. ליטעראַרישע שאַפונגען געווידמעט די ליידן, געראַנגל און אומקום פון די פוילישע ייִדן, האָבן געלייענט: רחל אויערבאַך, קאַזימיר בראַנדיס, מיעטשיסלאַוו יאַסטרון, אפרים קאַגאַנאָווסקי, יאַן קאָט, זאָפיאַ נאַלקאָווסקאַ, אַדאָלף רודניצקי און אַברהם זאַק. אין קינסטלערישן טייל האָבן אָנטייל גענומען אַקטיאָרן פון „טעאַטר וואָיסקאַ פּאָלסקיעגאָ״, פון „טור״ און פון לאָדזשער ייִדישן טעאַטער. די דאָזיקע מאַניפעסטאַציע פון פאַרברידערונג האָט געהאַט אַ גרויסן רעזאָנאַנס אויף דער ייִדישער גאַס. ייִדן האָבן דערין געזען דאָס אַנדערע — דאָס בעסערע פוילן.

איצט אָבער, אין אויגוסט 1948 — אויס מיט יענע אַלע גרויסע ליטעראַרישע אימפּרעזעס. נישטאָ שוין די טומלדיקע פאַרזאַמלונגען פון די פאַרשיידענע ריכטונגען. איצט דאָמינירט און עס לאָזט זיך הערן אויף דער ייִדישער גאַס על־פּי־רוב נאָר איין ריכטונג — די „פּ.פּ.ר.״...

## 10

נאָכן געזעגענען זיך מיט דער שטאָט פון קוימענס און מיט די חורבות פון לאָדזשער געטאָ אויפן באַלוט איז געקומען די געזעגענונג מיט וואַרשע, פון וואַנען מיר האָבן שוין געדאַרפט אָפּפאָרן. אויך אין וואַרשע איז די געזעגענונג מיט חברים געווען אַ שטילע, אַן אינטימע, עס זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן.

האָב נאָך אויך באַוויזן אין וואַרשע אַריינצוכאַפּן אַ לעצטן געזעגן־וויזיט אין געטאָ. אַרומגעבלאָנקעט הער און הין איבער די חורבות און

שטיין געבליבן אַ היפּשע צייט אַ פאַרגליווערטער ביי די חורבות פון מיין שוויענטאָ־יערסקע 28 — מיין אָפּגעמעקטער וואַרשעווער אַדרעס. נאָך אַ בליק, נאָך אַ טרער — און אַוועק מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ שוין אויף אייביק — — —

געזעגנט זיך אויך מיטן „דזשאָינט“, וועלכער האָט יעדן אַוועקפאָרנ־דיקן שרייבער געהאָלפן מיט הוצאות הדרך. און נישט דווקא שרייבערס — דער „דזשאָינט“ איז דער פריינט פון אַלע ייִדן. ווו מען נייטיקט זיך אין אים — דאָרט איז ער דאָ.

און כאַראַקטעריסטיש: דער „דזשאָינט“ האָט אַפילו געהאַט צוגעטיילט דעם שרייבער־פאַראיין אַ געוויסע סומע, כדי צו העלפן שרייבערס בייִם מאַכן פאָטאָסטאַטן פון זייערע שאַפונגען אין די ייִדישע פאַר־מלחמהדיקע צייטונגען און אַנדערע פּובליקאַציעס, וואָס געפינען זיך אין דער „ביבליאָ־טעקאַ נאַראָדאָוואַ“. האָבן טאַקע געוויסע אונדזערע שרייבערס פאַרבראַכט טעג און וואָכן אין דער וואַרשעווער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק, איבערגע־שריבן, פאַרצייכנט, געלאָזט מאַכן פאָטאָסטאַטן און געראַטעוועט זייערע ווערק, פון וואָס זיי האָבן נאָך דער מלחמה קיין שפּור נישט געפונען ערגעץ אַנדערש. איז דאָך ביי איטלעכן שרייבער אַלץ אַוועק מיט פייער און רויך פון וואַרשעווער געטאָ.

ס׳איז דערביי געווען אויך צו פאַרדאַנקען דער ספּעציעלער אויפמערק־זאַמקייט מצד דער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק צו די ייִדישע שרייבערס נאָך דעם ווי איך צוזאַמען מיט בערל מאַרק (דעמאָלט — נאָך לעאָ פינקעל־שטיין — פאָרזיצער פון ליטעראַטן־פאַראיין) האָבן אינטערוועני͏רט בייִם דירעקטאָר און אים אויפגעקלערט ווי לעבנס־וויכטיק דער ענין איז פאַר די שרייבערס, וואָס זיינען געבליבן „נקי“ נאָכן חורבן.

די דערמאָנטע סובווענץ פון „דזשאָינט“ איז געווען אַ נעבן־זאַך. דער עיקר איז געווען, וואָס ער האָט סיסטעמאַטיש אויסגעצאָלט אַ חודשלעכע סובווענץ דעם שרייבער־פאַראיין פאַר זיין ביודזשעט, געליפערט פּראָדוקטן פאַר דער קיך פון פאַראיין, צוגעטיילט מלבושים און שיך פאַר אַלע שרייבער־פּליטים, וועלכע זיינען נאָך דער באַפרייונג געקומען פון אַלע גלותן קרוע־בלוע.

עס פאַרדינט אויך פאַרצייכנט צו ווערן, אַז דער „דזשאָינט“ האָט גע־שטעלט צום רשות פון ליטעראַטן־פאַראיין אַ געוויסע סומע פאַר שרייבערס, וואָס וועלן אָנשרייבן רעפּאָרטאַזשן וועגן זייערע באַזוכן אין די

פֿאַרשיידענע געזעלשאַפֿטלעכע אַנשטאַלטן, ווי: שולן, אינטערנאַטן, קאָאָפּע־ראַטיוועס, אַרבעט־אַרטעלן וכדומה, וועלכע זיינען געשטיצט געוואָרן פֿון די „דזשאָינט״־פֿאָנדן. האָבן זיך טאַקע געפֿונען מערערע שרייבערס, וואָס האָבן אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט.

איז קלאָר, אַז ס׳איז געווען אַ מענטשלעכער חוב זיך צו גיין געזע־גענען מיט די דירעקטאָרן פֿון „דזשאָינט״ — דעם גוטן פֿעטער פֿון אַמע־ריקע. בפֿרט האָב איך עס געדאַרפֿט טאָן — ווי דער סעקרעטאַר פֿון ליטעראַטן־פֿאַראיין, אין וועמענס נאָמען איך פֿלעג זיי אַלעמען סיסטעמאַ־טיש באַזוכן.

***

אַ טאָג פֿאַרן פֿאַרלאָזן וואַרשע איז אונדז אויסגעקומען צו פֿאָרן אין אַן אויטאָמאָביל פֿון פּראַגע אויף דער אַנדער זייט ווייסל, צום שטאָט־צענטער, צוזאַמען מיט בערל מאַרק. און טאַקע דאָרט אין אויטאָמאָביל האָט ער זיך מיט אונדז געזעגנט. קלאָר, אַז ער וועט דאָך נישט קומען אויפֿן ווינער וואָקזאַל אַרויסבאַגלייטן „יורדים״. די לאָזונג „יציאת פּוילן״ האָט שטאַרק ווי געטאָן די אַלע, וואָס פֿאַרבלייבן. הגם איך בין נישט זיכער געווען, צי מאַרק האָט טיף אין האַרצן אונדז נישט מקנא געווען.

ביים געזעגענען זיך האָב איך ווידער געהערט פֿון בערל מאַרקן:

— איר האָט געדאַרפֿט בלייבן.

— אַזוי, חבר מאַרק, איז שוין אונדזער גורל. ויסעו ויחנו... — האָב איך אים סתם געענטפֿערט.

ס׳האָט מיך באמת באַנג געטאָן דאָס געזעגענען זיך מיט אַ גוטן „מאָמענט״־קאָלעגע *. אַזוי ווייניק דאָך געבליבן פֿון דער פֿאַרצווייגטער „מאָמענט״־משפּחה נאָכן דער טאָטאַלער היטלער־שחיטה.

צומאָרגנס — אויף דער פּלאַטפֿאָרמע פֿון חרובן ווינער וואָקזאַל, ביים אינטערנאַציאָנאַלן צוג וואַרשע־פּאַריז. מיר האָבן שוין באַוויזן צו דעפּע־שירן פֿון וואָקזאַל צו די חברים פֿון גי פּאַטען אין פּאַריז. נאָך געבליבן אַ ביסל צייט ביז צום אָפּפֿאָר און מיר שפּאַצירן ביידע — איך און יאַנאַ־סאָוויטש — איבער דער וואָקזאַל־פּלאַטפֿאָרמע. מיר קאָמענטירן דעם

* בערל מאַרק איז די לעצטע יאָרן פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אַ טעכנישער מיטאַרבעטער פֿון „מאָמענט״.

אויסטערלישן מצב: שרייבערס פאָרן אַוועק — און קיין איינציקער קאָלעגע ווייזט זיך נישט. מיר פאַרשטייען אויסגעצייכנט די סיטואַציע און האָבן אויף קיינעם קיין פאַראיבל נישט.

אָבער אומגעריכט — שוין אַ 15 מינוט פאַרן אָפּגיין פון צוג — קומט יאָ עמיצער צו אונדז. דאָס איז געווען דער האַרציקער מענטש, דער לובלינער בונדישער טוער פון אַמאָל און איצט אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון יידן אין פוילן — ד״ר שלמה הערשענהאָרן. ער איז געקומען אַ פאַרסאָפּעטער פון איילעניש נישט צו פאַרשפּעטיקן.

— געקומען זיך געזעגענען מיט אייך. — זאָגט ער.

— היתכן? איר האָט גאָר קיין מורא נישט געהאַט פאַר אַן עין הרע?

— וואָס הייסט? — ענטפערט ער, — צוויי יידישע שרייבערס פאָרן אַוועק און איך וועל נישט קומען זיך געזעגענען מיט זיי?

— הייסט עס, אַז פאַראַן נאָך אין שטאָט צדיקים.

עס האָט אונדז באמת טיף גערירט זיין האַרציקע אויפמערקזאַמקייט. מיר האָבן אַזוי פאַרבראַכט מיטן דאָזיקן טייערן ייד ביזן סאַמע סיגנאַל פון צוג. אַגב האָט ער זיך פאַר אונדז פאַרטרויט, אַז אויך ער טראַכט בקרוב צו לאָזן זיך אין וועג אַריין.

— פון דעם קאָרן וועט קיין ברויט נישט זיין... — רעדט ער זיך אַראָפּ פון האַרצן, — איר זעט דאָך ווי דער קורס בייט זיך איצטער. ער בייט זיך ראַש. נו, איז טוען טאַקע גוט די אַלע, וואָס פאָרן אַוועק באַצייטנס.

און ביים געזעגענען זיך האָט ער נאָך צוגעגעבן:

— גוט, גוט טוט איר, יידישע שרייבערס. די פרייע וועלט איז פאַר אייך אָפן. מיר וועלן זיך אפשר באַגעגענען ערגעץ־ווו. אַ גליקלעכע רייזע!

אַ וואַרעמער האַנט־דרוק און, דוכט זיך, אַ פייכטער בליק ביי דעם דאָזיקן ליבן סענטימענטאַלן ייד *.

ווען דער צוג האָט גערירט האָב איך דורכן פענצטער פון מיין שלאָף־קאַבינע אַרויסגעקוקט צו דער פּאַנאָראַמע פון די וואַרשעווער חרובע און האַלב־חרובע גאַסן. דאָס האַרץ איז מיר געווען פאַרקלעמט. האָב איך דאָך פאַרבראַכט אין דער דאָזיקער שטאָט אַ האַלב לעבן. נאָענטע געשטאַלטן

* ד״ר שלמה הערשנהאָרן איז שוין איצט ע״ה: ר׳איז געשטאָרבן אין אויסטראַליע, וווהין ער האָט אויסגעוואַנדערט פון פוילן.

האָבן ווי אויפגעטויכט פון צווישן די חורבות. ווו זיינען זיי אַלע? — — —
עס בלייבן הינטער מיר, הינטער אַ האַלבן לעבן מיינעם נאָר חורבות, חורבות — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

**
*

מיר פאָרן דורך טשעכאָסלאָוואַקיע. אויף דער גרענעץ טוישן זיך די קאָנדוקטאָרן. עס נעמען איבער דעם צוג טשעכן. אין מיין קאַבינע קומט אַריין אַ גרענעץ־זאָלנער און מאַכט אַ שטרענגע רעוויזיע. אַזוי ווי מיין קאַבינע איז פון ערשטן קלאַס (ווייל ס׳איז נישט געווען קיין צווייטער...) מיינט ער אַוודאי, אַז ער האָט פאַר זיך אַ בורזשוי מיט גאָלד און דאָלאַרן. טרייסלט ער, נישטערט ער אין אַלע מיינע זאַכן און אַפילו אין געלעגער. אָבער ער גייט אַוועק, פאַרשטייט זיך, אַן אַנטוישטער.

ביי נאַכט זיינען מיר אָנגעקומען קיין פּראָג. דער צוג שטייט דאָ אַ היפּשע צייט. ביים שפּאַצירן איבערן פּעראָן זע איך פאַרכמאַרעטע פּנימער: אויך אין דער פאָלקס־דעמאָקראַטישער טשעכאָסלאָוואַקיע איז אַפּנים נישט אַזוי פריילעך. אַ יוגנטלעכער מיט אַ בלוי קעסטל שרייט אויס: „מרזלינאַ!" ס׳הייסט: אייזקרעם. אייזקרעם אין אַזאַ קילער אויגוסט־נאַכט. כ׳בין נישט מקנא די טשעכן, וואָס דאַרפן נעבעך ברעכן די ציין אַזש מיט פיר קאָנסאָנאַנטן אין איין טראַף פאַר אַ מאָל: „מרזלי — נאַ".

קומט מיט שעהן שפּעטער אונטער נאָך אַ גרענעץ — מיט פעדעראַל־דייטשלאַנד. ווידער טוישן זיך די קאָנדוקטאָרן און ס׳קומען אַריין אין וואַגאָן צוויי שטייפע שוואָבן. בלויז אַ פּאָר פראַגן וועגן דער פּאַר־קאַרטע, וואַליזע און יוצא. עס גלוסט זיך נישט צו קוקן אין זייער פּרצוף. ווער ווייסט ווער זיי זיינען? ווו זיינען זיי געווען מלחמה־צייט? זיינען זייערע הענט נישט איינגעטונקט אין ייִדיש בלוט?

דער צוג שלענגלט זיך שוין איבער דער טמאדיקער דייטשישער ערד. בעסער זיך איינטוליען אין געלעגער און אַנטשלאָפן ווערן. עס גלוסט זיך אַפילו נישט אַרויסקוקן דורכן פענצטער, צו די פּרצופים פון דער „איבער־ראַסע". אַ צו שווערן בלוטיקן חשבון האָבן מיר מיט אָט דעם לאַנד, מיט אָט דעם פאָלק — — —

דער באַן־פּערסאָנאַל טוישט זיך נאָך דעם אויך ביי דער בעלגישער גרענעץ. מיר פאָרן אַלץ ווייטער, ווייטער אויף מערב. שוין נענטער צו

פראַנקרייך, צו פּאַריז. דאָס געמיט ווערט אויפגעהייטערטער פון דער פרייער וועלט, — הגם דאָ און דאָרט סטאַרטשען נאָך חורבות פון די מלחמה־פּאַרוויסטונגען, אַ זכר פון די גרויזאַמע יאָרן.

און אָט פאָרן מיר שוין אין צווייטן באַגינען איבער דער פראַנצייזישער ערד. איך קאָן זיך נישט אָפּרייסן פון וואַגאָן־פענצטער. דער בליק איז צוגעשמידט צו די שוועבנדיקע לאַנדשאַפטן. דאָס פרייע פראַנקרייך, דאָס לאַנד פון די רעוואָלוציעס, פון גלאָריע. דאָס לאַנד פון וואָלטער, פון קאַמיל דע מולען, פון דאַנטאָן... אָבער דאָס דאָזיקע לאַנד האָט אויך געשמאַכט אונטערן שטיוול פון היטלעריסטישן אָקופּאַנט מיט דער מיטהילף פון אייגענע פאַררעטער־קאָלאַבאָראַציאָניסטן... און הינטער פּאַריז, דורכן לאַגער אין דראַנסי און דורכן „וועלאָדראָם ד׳היווער" זיינען דורכגעגאַנגען טויזנטער, טויזנטער יידן פאַר די „פאַבריקן פון טויט" אין טרעבלינקע און אוישוויץ — — —

אין אַ גרויען פרימאָרגן איז אונדזער צוג אַריינגעפאָרן אין גרויסן שאָטנדיקן דעבאַרקאַדער פון גאַר דעל עסט. מיר גייען אַראָפּ אויפן פּעראָן און זוכן מיט די בליקן. און באַלד טאַקע דערזעען מיר צווישן דער פּיל־פּאַרביקער מענטשן־מאַסע —

— שמערקע!

— שמערקע קאַטשערגינסקי!

— משה גראָסמאַן!

— האַלאָ! האַלאָ!

ברידערלעכע אומאָרעמונגען. צעשטראַלטע פּנימער.

פּאַריז! פּאַריז! מיר זיינען אין פּאַריז!

***

מען זאָגט אונדז, אַז אויף גי פּאַטען 9 זיינען דערוויי[ל] נישטאָ קיין פרייע צימערן; אַז אין משך פון אַ פּאָר וואָכן וועלן זיך באַפרייען עטלעכע צימערן. דערוויי[ל] זיינען פאַר אונדז באַשטעלט געוואָרן צימערן אין אַ האָטעל אויף בולוואַר מאַזשענטאַ, טאַקע בשכנות פון גי פּאַטען. די האָטעל־הוצאות פאַר פּליטים, — נישט נאָר פאַר שרייבערס — דעקט דער „דזשאָינט" (אומעטום דער „דזשאָינט"! דער גוטער פעטער פון אַמעריקע!). מהיכא תיתי. אָבער אַ שאָד, וואָס באַלד נישט צוזאַמען מיט חברים אויף

גי פּאַטען. ווייזט זיך אַרויס, אַז אויך ישראל אַשענדאָרף און דער יונגער זשורנאַליסט שמעון בייקער וווינען אין זעלביקן האָטעל.

פירט מען אונדז אַהין מיט אונדזערע מטלטלין און פון דאָרט — ממש אין געציילטע מינוטן אַרום — לאָזן מיר זיך אָנקוקן דאָס ראָטשילד־הויז.

אויף גי פּאַטען 9 רינגלען אונדז אַרום חברים מיט אַ פרייד: יוסף רובינשטיין, חיים גראַדע, נחום באָמזע, ישראל אַשענדאָרף, יהודה עלבערג און נאָך און נאָך. מען פאַרשיט זיך קעגנזייטיק מיט אויספרעגענישן. זיי וועגן „דאָרטן" און מיר וועגן „דאָ". אונטן אין אַ געראַומען לאָקאַל איז טומלדיק, אַ באַוועגונג פון מענטשן. אַזוי פיל היימישע פּנימער. מענער, פרויען. באַקאַנטע און אויך אומבאַקאַנטע, געקומענע פון אַנדערע מקומות, פון אַנדערע לענדער אין אייראָפּע, וווּ ייִדיש לעבן איז חרוב געוואָרן.

כ'בין ווי באַרוישט. איך שפּיר גאָר נישט קיין מידקייט פון לאַנגן וועג. עס גלוסט זיך מיר אַ לאָז טאָן איבער די פּאַריזער בולוואַרן. איבער די פרייע פּאַריזער בולוואַרן. ווי אַמאָל, ווי אַמאָל! אין 1929.

נאָך דעם זעלבן טאָג, אין אָוונט, בלאָנקע איך איבער דעם רוישיקן פּיגאַל. איבער די גרויסן בולוואַרן. איבער מאָנמאַרטר.

פּאַריז! פּאַריז!

אַ נײַ קאַפּיטל עפנט זיך אויף אין מיין לעבן — — —

בוענאָס־איירעס, אויג'־סעפּ' 1968

# אויף די חורבות פון פוילן

דאָ קומען צוויי אַרטיקלען מיינע, געדרוקט אין לאָדזש, אין „דאָס נייע לעבן" (אָרגאַן פון צ. ק. פון ייִדן אין פוילן) אין 1947 און אָנהייב 1948. אין ערשטן אַרטיקל איז אונטער מיין אונטערשריפט צוגעגעבן: „פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר פון פאַראיין פון ייִדישע שרייבערס און זשורנאַליסטן אין פוילן" (לויטן אַדאַפּטירטן סאָוויעטישן שטייגער: „אָטוויעטסטוועני" — פאַראַנטוואָרטלעכער...); דעם צווייטן אַרטיקל האָב איך געדרוקט אונטער מיינעם אַן אַלטן פּסעוודאָנים א. בן יעקב.

איך ברענג די ביידע אַרטיקלען צווישן די טאָוולען פון דאָזיקן בוך ווי אַן אויטענטישן דאָקומענט, וואָס שפּיגלט־אָפּ דעם קורצן צייט־אָפּשניט אין פוילן נאָכן חורבן השלישי, ווען טייל שרייבערס פון דער שארית־הפליטה האָבן נאָך געלעבט מיט דער אילוזיע, אַז מ'קען נאָך רעסטאַווירן ייִדיש לעבן אויף די חורבות פון ייִדיש פוילן...

איצט, אין יאָר 1968 (ווען דאָס דאָזיקע בוך ווערט געדרוקט), ווען אין פוילן האָט זיך צעפלאַקערט אַזאַ ווילדער, אַזאַ העסלעכער אַנטיסעמיטיזם — זעען־אויס יענע אילוזיעס אַזוי נאַיִוו, אַזוי נאַיִוו...

I

## דער באַנייטער ליטעראַטן־פאַראיין

באַהויכט מיט די שיינע טראַדיציעס פון אַמאָליקן „טלאָמאַצקע 13" אין ייִדישן וואַרשע, וועבן ווייטער די ניצול־געוואָרענע ייִדישע שרייבערס דעם ליטעראַרישן המשך. קליין איז די צאָל ייִדישע שרייבערס אין הייַנטיקן פוילן, פונקט ווי קליין און איינגעשרומפּן ס'איז געוואָרן אונדזער גאַנץ לעבן אינעם ווייסל־לאַנד. אָבער מיטן טיפן באַוווּסטזיין פון „לא אמות כי אחיה" שטייט דאָס הייפל שרייבערס אויף זייער פּאָזיציע און

שמידט ווידער די ייִדישע קולטור, ציט ווייטער דעם המשך פון ייִדישער ליטעראַטור, פון געלייטערטן קינסטלערישן וואָרט.

און פּונקט ווי דער קליינער ייִדישער ישוב בכלל אין פּוילן ווייזט־אַרויס אומגעהייערע וויטאַליטעט, בויט פונאַנדער וווירטשאַפטלעכע אינס־טיטוציעס, קאָאָפּעראַטיוון, שולן, אינטערנאַטן אאַ"וו — אַזוי אויך די שרייבערס, נישט אין פּראָפּאָרץ צו זייער באַשיידענער צאָל, אַנטוויקלען



אַ גרופּע שרייבער אין לאָדזש, אָנהייב 1947

עט זיצן פון לינקס: אפרים קאַגאַנאָווסקי, אהרן וואַהל, יוסף רו־בינשטיין, משה גראָסמאַן, בער קוטשער, נחום באָמזע, אברהם זאַק.

עס שטייען, פון לינקס: יהודה עלבערג, אהרן צפנת, אפרים שעד־לעצקי, משה וואַלדמאַן, יצחק גוטערמאַן.

אַן אינטענסיווע קולטור־טעטיקייט, טראָגן דאָס ייִדישע שעפערישע וואָרט פאַר דער ייִדישער גאַס.

דער ייִדישער ליטעראַטן־פאַראיין אין היינטיקן פּוילן איז געוואָרן איי־נער פון די אָנגעזעענסטע קולטור־אַנשטאַלטן, וועלכער שפּילט שוין אַ זייער בכבודיקע ראָל אין אונדזער איצטיקער ייִדישער ווירקלעכקייט.

מיר זעען און הערן דעם ייִדישן שרייבער אומעטום — סיי אין די צייטשריפטן, וואָס דערשיינען אין פּוילן, סיי אויף די עפנטלעכע אַרויס־

טריטן, אַקאַדעמיעס, ליטעראַרישע אימפּרעזעס, אַראַנזשירט דורך פּאַר־שיידענע ריכטונגען און קרייזן אין די וויכטיקסטע שטעט פון פּוילן. ווער רעדט נאָך פון לאָדזש גופא — דאָס זיצאָרט פון ליטעראַטן־פּאַראיין. אַן עדות דערפון זיינען די צענדליקער, צענדליקער אַפּישן אויף די ווענט פון די לאָדזשער גאַסן. אומעטום זעען מיר דעם אָנטייל פון יידישן שרייבער, וועלכער באַצירט די אָדער יענע אימפּרעזע מיט זיין ליטעראַרישן צו־שטייער. די ליטעראַרישע פּאַראַנשטאַלטונגען און אַקאַדעמיעס, וועלכע דער ליטעראַטן־פּאַראיין גופא אָרדנט אָפּט איין ביי זיך אין לאָקאַל, צי אין פרעמדע גרעסערע זאַלן, זיינען באַקאַנט אַלע יידן, וועלכע וווינען אין לאָדזש. ביי דער גאַנצער באַשיידנקייט וועט נישט זיין קיין גוזמא פעסט־צושטעלן, אַז איינע פון די פּאָפּולערסטע אינסטיטוציעס ביי יידן אין פּוילן איז דער ליטעראַטן־פּאַראיין.

נישט אומזיסט איז די אַמביציע פון יעדן אויסלענדישן דעלעגאַט — פון אַמעריקע, פון ארץ־ישראל, פון אַרגענטינע, פון פראַנקרייך אאַ״וו (מיר זיב־דיקן נישט ח״ו אויף די געסט...) — צו ווערן אויפגענומען דורכן ליטעראַטן־פּאַראיין. אין ערגעץ נישט ווי ביי אונדזערע געמיטלעכע טישן קאָן מען זיך אַזוי אַראָפּריידן פון האַרצן וועגן אַלע אונדזערע אָנגעווייטיקטע ענינים. אין ערגעץ נישט ווי אין אונדזער סביבה קאָן מען מאַכן אַזאַ שפּאַציר אין דער סטראַטאָספערע פון גייסט.

אַגב: עס מוזט באַטאָנט ווערן, אַז הגם ביי די יידן אין היינטיקן פּוילן קומען נישט פאָר קיין שאַרפע קאַמפן צווישן פּאַרטייען און ריכטונגען — ער הערשט דער אַזוי געררופענער „בורג־פרידן״ — איז אָבער דער ליטע־ראַטן־פּאַראיין אַ מוסטער פון איבער־פּאַרטייאישקייט און טאָלעראַנץ. ביי אונדז קען איטלעכער קומען צום וואָרט. דער עיקר איז נאָר, אַז דאָס וואָרט זאָל זיין פון אַ העכערן ניוואָ, זאָל זיין געלייטערט. קיינער וויל נישט קיינעם אָנוואַרפן קיין „אַני מאַמינס״, קיין אידעאָלאָגיעס. אַלע געפינען ביי אונדז אַ געמיינזאַמע שפּראַך, דעם פאַרבינדונג־פּונקט, וואָס קען אַלעמען פּאַראייניקן — דאָס איז קיום פון פאָלק; דאָס איז יידישע קולטור.

דעריבער האָבן מיר טאַקע אין אונדזער לאָקאַל געקענט אויפנעמען ערעמען פון ארץ־ישראל און דעם סאָוויעטישן שריפטשטעלער פּאַמפּיאַנאָוו פון מאָסקווע; יאַרבלומען פון פּאַריז און זאַלצמאַנען פון ניו־יאָרק; דעם בונדיסט דוד מייער פון „אַרבעטער־רינג״ און דעם קאָמוניסט ראַיסקי פון פּאַריז אאַ״וו.

ביי דעם אַלעם הייסט עס נאָך כלל נישט, אַז מיר גופא, די ייִדישע שרייבערס, זיינען שוין יוצא; זיינען שוין צופרידן מיט די ביז איצטיקע רעזולטאַטן. אַדרבא, דאָס סאַמע וויכטיקסטע איז נאָך נישט געטאָן געוואָרן. מיר מיינען דאָ — די פאַרלעגערישע אַרבעטן. אויף דעם דאָזיקן געביט האָבן מיר ביז איצט צו־ווייניק צו פאַרצייכענען. ביז איצט האָבן מיר באַוויזן אַרויסצוגעבן איין רעפּרעזענטאַטיוון אַלמאַנאַך — די „ייִדישע שריפטן" — און מיר גיבן ווייטער אַרויס אונדזער חודש־זשורנאַל, אויך אונטערן זעלביקן נאָמען. אָבער דאָס אַליין קען אונדז נישט באַפרידיקן. מיר שטרעבן צו שאַפן ביי אונדזער פאַראיין אַ פאַרלאַג, וועלכער זאָל קענען אַרויסגעבן ייִדישע ביכער. ביי טייל פון אונדזערע שרייבערס האָבן זיך אין משך פון די מלחמה־יאָרן אָנגעזאַמלט מאַנוסקריפּטן; ווערק, וועלכע וואַרטן אויפן שעת־הכושר צו קענען אָנקומען צו דער ברייטער ייִדישער עפנטלעכקייט; עס וואַרטן ווערק, וועלכע באַהאַנדלען אונדזערע טראַגישע יאָרן פון חורבן און אומקום. דער ייִדישער שרייבער איז אויף זיין „עמיגראַציע" נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. אין די ערגסטע מלחמה־באַדינגונגען האָט ער געשאַפן, פאַרפיקסירט. ער האָט פון דער וויטנס מיטגעליטן, מיטגעפיבערט מיט זיינע ברידער, מיט זיין געפּייניקט פאָלק. אין די שלאָפלאָזע נעכט זיינע זיינען צו אים אין וויטן קאַזאַכסטאַן, צי אוראַל דערגאַנגען די פאַרצווייפלטע רופן פון די געטאָס אויף דער היימישער ערד... די געשרייען צו דער וועלט, צו דער טויבער וועלט — — —

דער ייִדישער שרייבער האָט די דאָזיקע געשרייען אויפגענומען מיט זיין האַרץ, מיט זיין נשמה. ער האָט דעם גרויסן ווייטאָג אויסגעוויינט אין דער שטיל: ווער אין דיכטערישן פערז, ווער אין פּראָזע. אַזוי אַרום האָבן זיך כמעט ביי יעטוועדן שרייבער אָנגעזאַמלט שאַפונגען, וואָס עד־היום האָבן זיי נאָך נישט געזען די שיין פון דער עפנטלעכקייט. דאָס, וואָס אונדזער חודש־זשורנאַל „ייִדישע שריפטן" קען פאַרעפנטלעכן, איז אַ טראָפּן פון אַ ים. דערפאַר טאַקע שטייען מיר איצט פאַר אונדזער שווערסטער אויפגאַבע — צו שאַפן אַ פאַרלאַג מיט ברייטערע מעגלעכקייטן.

לאָמיר אָבער האָפן, אַז סוף־כל־סוף וועלן מיר זיך דערריידן מיט די מאָסגעבנדיקע (און דער עיקר: פינאַנצגעבנדיקע...) פאַקטאָרן.

אַחוץ דער זאָרג וועגן אַ פאַרלאַג דריקט אונדז נאָך אַ זאָרג: דאָס איז שוין נוגע אונדזער „זיבעטער מלוכה" — דער פּרעסע. מיר האַלטן אַז אין פּוילן האָט איצט געמעגט שוין אַרויסגיין כאָטש איין טאָגצייטונג. אמת,

„דאָס נייע לעבן״ * באַדינט געטריי דעם ייִדישן ישוב, אָבער מיר מוזן האָבן אַ צייטונג, וואָס זאָל שטיין אין טעגלעכן קאָנטאַקט מיטן ייִדישן לייענער, מיטן ייִדישן מענטש און וואָס זאָל אים פאַרענטפערן זיינע טאָג־טעגלעכע פראַגעס. דאָס איז נישט נאָר אַ פראַגע פון פרעסטיזש — דאָס איז אַ קאַטעגאָרישע נויטווענדיקייט!

**
*

ווען עס גייט די רייד וועגן ייִדישן ליטעראַטן־פאַראיין אין לאָדזש, דערמאָנט זיך מיר דער פייערלעכער חנוכת־הבית פון אונדזער לאָקאַל אויף נאַרוטאָוויטש־גאַס 32. געוועזן איז עס פאַראַיאָרן אין אַפּריל. אַפּריל 1946, ביים אָנהייב פון דער רעפּאַטריאַציע פון די ייִדישע פּליטים פון סאָוויעט־רוסלאַנד. ערשט מיט געציילטע טעג צוריק בין איך אָנגעקומען מיטן עשאַלאָן פון וויטן דרום־אוראַל. אין דעם וואָכן־לאַנגן וועג, אין דער פלאַטערנדיקער שטימונג, האָב איך קיין קלאָרע פאָרשטעלונג נישט געהאַט ווי עס וועט אויסזען מיין באַגעגעניש מיט דער קליינער היימישער שרייבער־משפּחה. דער דאָזיקער חנוכת־הבית אין ליטעראַטן־פאַראיין איז געווען מיין ערשטער צוזאַמענטרעף מיט דער ייִדישער עפנטלעכקייט. אין שיינעם לאָקאַל — וואָס האָט מיר אַגב דערמאָנט אונדזער לעצטן לאָקאַל אויף גראַניטשנע 11 אין וואַרשע — אַ זייער וואַרעמע אַטמאָספער. אַרום לאַנגע סערווירטע טישן — פאָרשטייערס פון אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס. געווען אויך פאָרשטייערס פון פּוילישן ליטעראַטן־פאַראיין.

ווי אַ גאַסט, בין איך פאַרבעטן געוואָרן אין פּרעזידיום. נעבן מיר איז געזעסן אַ פאָרשטייער פון דער פּוילישער ליטעראַטור — דער פּאָעט וולאַדיסלאַוו בראָניעווסקי, וועלכער האָט באַגריסט אין נאָמען פון די פּוילישע שרייבערס. איך האָב דאַן רעציטירט מיין ליד „איך פאָר צו דיר, פּוילן״, וואָס כ׳האָב געהאַט אָנגעשריבן אינעם עשאַלאָן אויפן לאַנגן וועג צו פּוילן. ס׳איז געווען מיין ערשטער אויפטריט פאַר אַן עולם זינט דער פאַטאַלער דאַטע 1939. האָט עס מיך באַזונדערס עמאָציאָנירט.

ס׳איז כדאי פאַר יענע שטימונגען צו ברענגען דאָ יענץ ליד:

---

* „דאָס נייע לעבן״ איז דערשינען דריי מאָל אַ וואָך.

## איך פֿאָר צו דיר, פּוילן...

איך פֿאָר צו דיר, פּוילן, פֿון סטעפּעס און שנייען.
אַרויסבאַגלייט האָט מיך אוראַלישער ווינט.
דורך טעג און דורך נעכט רוישן טרויריק די רעדער,
אַז קיינער נישטאָ איז שוין דאָרטן אַצינד.

דו האָסט מיך באַגעגנט מיט גרינקייט פֿון פֿעלדער,
מיט בונטע קוואַדראַטן אויף באַרג און אויף טאָל;
דאָך, פּוילן! עס איז שוין מיין פֿרייד לאַנג געשטאָרבן
און כ׳קאָן זיך נישט פֿרייען אַזוי ווי אַמאָל.

איך ווייס נישט ווי וועל איך דיין ברויט קאָנען עסן
און קוקן דעם הימל אין פּנים אַריין —
אַז ס׳פֿעלד דיינס באַמיסטיקט מיט אַש פֿון מיין מאַמען
און זון האָט געשיקט נאָך צו רוצחים איר שיין.

אַז ס׳שרייט פֿון דיין ערד נאָך דאָס בלוט פֿון די קדושים —
די זעקס מיליאָן ברידער דורך גאַז און דורך פֿלאַם.
און זע איך אַ בוים נאָר, דאַן מיין איך — אַ תּליה,
און טרערן — אַ יעטוועדער טייך מן הסתם.

ניין, ס׳קאָן מיר דיין פֿרילינג נישט ברענגען נחמה,
עס לאָקט נישט דאָס בלימל, עס רייצט נישט דאָס גראָז.
אין נעכט פֿון לבֿנה פֿאַרנעם איך אַ יאָמער
פֿון פֿינצטערע וועלדער: — פֿאַרווען און פֿאַרוואָס? — — —
— — — — — — — — — — — — — —

איך פֿאָר צו דיר, פּוילן, פֿון בענקען צעפּרעסן,
אַרויסבאַגלייט האָט מיך אוראַלישער ווינט.
דורך טעג און דורך נעכט רוישן טרויריק די רעדער,
אַז קיינער נישטאָ איז שוין דאָרטן אַצינד.

(„מיט אַש אויפֿן קאָפּ״, לאָדזש, 1947)

כ׳בין געזעסן אויף דער טריבונע און מיינע אויגן נישט געגלייבט: פֿאַראַן נאָך ייִדן... פֿאַראַן נאָך ייִדישע עסקנים... מ׳רעדט וועגן ייִדישער קולטור... וועגן ייִדישער ליטעראַטור... מ׳רעדט וועגן בויען, וועגן שאַפֿן... כ׳האָב שוין געהאַט געמיינט, אַז אַלץ איז פֿאַרפֿאַלן, אַלץ איז חרובֿ, צע־

בראָכן... אַז קיין שום לעבן וועט שוין פון אַש נישט אויפהויבן זיך... און דאָ... ווי גרויס ווי אומגעהייער גרויס איז דער כוח פון ייִדישן מענטש, פון זיין שאַפונג־ווילן!

כ'בין געווען גערירט ביז טרערן... עס האָט מיך גערירט די וואַרעמע ייִדישע סביבה, די פייערלעכקייט אין זאַל, די אָנגעצונדענע ליכט אין אַן אַלט־ייִדישער מנורה, דעם חזנס „אל מלא רחמים" נאָך די אומגעקומענע שרייבערס, נאָך די זעקס מיליאָן ייִדן — — —

ביי דער וואַנט, נעבן פּרעזידיום־טיש, איז געשטאַנען אַ ריזיקער יזכור־טאָוול מיט אַ רשימה פון לערך 250 אומגעקומענע פען־מענטשן. דער יזכור־טאָוול איז געווען לכתחילה פאַרהילט און איז צו דער אַזכרה אָפּגעדעקט געוואָרן דורך אפרים קאַגאַנאָווסקי. *

עס האָט שרעקלעך ווי געטאָן, פּייניקלעך געדריקט אויף דער נשמה, אָבער — מיר זיינען ווידער דאָ, מיר ווען און מוזן ווייטער לעבן...

דאָס איז געווען דער ערשטער אָוונט מיינער אין אונדזער ליטעראַרי־שער היים, נאָך אַ גלות־לאַנגן, 7־יאָריקן איבעררייס — נאָך אונדזער גרוי־סן חורבן השלישי...

ווי אָפט דערמאָן איך יענעם אָוונט. מיט וויפל האַרציקייט, מיט וויפל היימישקייט — אָבער אויך מיט טרויער! — האָט עס אויף מיר אַ ווייע געטאָן נאָך די יאָרן פון נע־ונד...

(„דאָס נייע לעבן", יובל־אויסגאַבע, לאָדזש, מיי 1947).

## II

## ייִדישע שרייבערס אין לאָדזש

ווען מען פייערט דעם 3טן יאָרטאָג זינט דער אַנטשטייונג פון ייִדישן ישוב אין לאָדזש, מוז אויך אַוודאי דערמאָנט ווערן דאָס קאַפּיטל ייִדישע

---

* אַגב זיינען אין דער דאָזיקער טרויער־רשימה פון קדושים אַריין אויך די סאָוויעטישע הרוגי מלכות, ווי: ד"ר יהושע גאָטליב, פּראָפ' משה שאָר, הענריק ערליך, וויקטאָר אַלטער, זלמן רייזען, יוסף טשערניכאָוו און אַנדערע סתם אויסגעגאַנגענע אין סאָוויעטישן „גן־עדן", זיי אַלע האָבן פיגורירט אונטער אַ טיטל: „געשטאָרבן בעת דער מלחמה"...

שרייבערס. ווייל לאָדזש — ווי דער גרעסטער ייִדישער ישוב אין נאָך־מלחמהדיקן פּוילן — האָט קאָנצענטרירט אַלע ייִדישע שרייבערס, סיי די געראַטעוועטע אויף דער פּוילישער ערד: אין בונקערס צי אויף דער אַרי־שער זייט, סיי די אַלע רעפּאַטרייִרטע פון סאָוויעט־רוסלאַנד. דאָ, אין לאָדזש איז אין סאַמע אָנהייב געגרינדעט געוואָרן דער ליטעראַטן־פאַראיין;* דאָ האָט ער זיך צעוואַקסן און אַנטוויקלט זיין טעטיקייט. אָנגעהויבן פון גע־ציילטע, פון אַ הייפל, ציילט דער ליטעראַטן־פאַראיין ביים היינטיקן טאָג העכער פיר צענדליק מיטגלידער — שריפטשטעלער און זשורנאַליסטן.

לאָדזש איז דעריבער געוואָרן אַ ייִדישער גייסטיקער צענטער, ווו די שרייבערס קענען זיך אויסלעבן און קומען צו דער עפנטלעכקייט — סיי אין וואָרט, סיי אין שריפט.

לאָדזש האָט, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעט, געשלאָגן דעם רע־קאָרד מיט אירע ליטעראַרישע אימפּרעזעס, מיט אירע אַקאַדעמיעס, רע־פעראַטן און פאָרלעזונגען. פאַר אַ גאַסט איז גענוג זיך אַדורכצושפּאַצירן איבער נאַרוטאָוויטשאַ, ווסאָכדניע, אָדער שרודמייסקיע און צוקוקן זיך צו די ייִדישע פּלאַקאַטן אויף די ווענט, כדי צו באַקומען אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם ייִדישן קולטור־לעבן אין לאָדזש.

אַזוי ווי וואַרשע פאַר דער מלחמה, אַזוי איז לאָדזש (פאַרשטייט זיך, לײדער, אין מיניאַטור...) נאָך דער מלחמה פאַרן ייִדישן שרייבער דער לי־טעראַרישער צענטער. אין לאָדזש זיינען ייִדישע שרייבערס שעפעריש, אַחוץ ליטעראַריש, אויך אין קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן. זייער ראָל אין דעם היגן ישוב איז זייער אַ קענטיקע און בכבודיקע.

לאָדזש איז געוואָרן דער צענטער פון ייִדישן געדרוקטן וואָרט. דאָ דערשיינען כמעט אַלע ייִדישע צייטשריפטן. דאָ איז צו ערשט דערשינען דער ערשטער ייִדישער אָנגעזעענער אַלמאַנאַך „ייִדישע שריפטן“ — ווי דער ערשטער ליטעראַרישער גרוס פאַר דער גאַנצער ייִדישער וועלט, אַז מיר זיינען ווידער דאָ; אַז מיר לעבן ווידער אויף; אַז מיר ציִען ווייטער דעם המשך... דער רעזאָנאַנס פון דעם אַלמאַנאַך אין דער ברייטער ייִדישער

---

* לכתחילה איז געגרינדעט געוואָרן אַ בשותפותדיקער פאַרבאַנד פון די ווײי־ניקע שרייבערס און אַקטיאָרן. און פאָרזיצער פון דאָזיקן בשותפותדיקן פאַרבאַנד איז געווען יאָנאַס טורקאָוו. ווי נאָר די שרייבערס און אַקטיאָרן האָבן זיך פאַרמערט, האָבן זיך פאָרמירט צוויי באַזונדערע פאַראיינען.

וועלט איז געווען אַ שטאַרקער. פון אומעטום איז דערגאַנגען צו אונדז דער וואַרעמסטער אָפּקלאַנג.

נאָכן אַלמאַנאַך האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין לאָדזש דער ליטעראַ־רישער חודש־זשורנאַל „יידישע שריפטן", און איצט האַלטן מיר שוין ביים 11טן נומער.

אַ דאַנק דער ברידערלעכער הילף פון „רעטונג־פאָנד פאַר פּליטים־שרייבערס" (פון י. ל. פרץ שרייבער־פאַראיין און פען־קלוב) אין ניו־יאָרק, איז דער ליטעראַטן־פאַראיין איצט צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן אַ צווייטן אַל־מאַנאַך — לויטן פּאַרנעם נאָך אַ גרעסערן פונעם ערשטן. דער דאָזיקער אַלמאַנאַך — ווי דער ערשטער — וועט זיין אַ רעפּרעזענטאַטיווער און אין אים וועלן זיין פאַרטראָטן מיט זייערע שאַפונגען כמעט אַלע יידישע שריי־בערס פון היינטיקן פּוילן.

זינט אַ געוויסער צייט דערשיינען אויך אין לאָדזש (ביים פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן") יידישע ביכער פון אונדזערע שרייבערס. ביז איצט זיי־נען שוין דערשינען פינף ביכער („מלכות געטאָ" פון ישעיהו שפּיגעל; „דער מענטש וועט גוט זיין" פון לייב אָליצקי; „מיט אַש אויפן קאָפּ" פון אַברהם זאַק; „אויף די חורבות" פון חיים גראַדע; „חורבות דערציילן" פון בער מאַרק) און אין דער ריי קומען נאָך פיל אַנדערע ווערק.

עס דאַרף דערמאָנט ווערן מיט אָנערקענונג, אַז אויב דער ליטעראַטן־פאַראיין האָט די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זיין פּרוכטיקע טעטיקייט לטובת דעם יידישן געדרוקטן וואָרט, איז עס צו פאַרדאַנקען דער מאַטע־ריעלער הילף, אין דער ערשטער ריי פון „דזשאָינט", און אין אַ געוויסער מאָס פון צ. ק. פון די יידן אין פּוילן. זייער בכבודיק איז אויך, ווי שוין געזאָגט, די מאַטעריעלע הילף פון אונדזערע ברידערלעכע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע („רעטונג־פאָנד פאַר פּליטים־שרייבערס"), וועלכע האָבן די געהעריקע פאַרשטענדעניש פאַר אונדזערע נויטן און וויכטיקע אויפגאַבעס וייטער צו פלעגן דאָס יידישע קינסטלערישע וואָרט אויף דער פּוילישער ערד נאָך אונדזער גרעסטער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט דאָ אַלץ מיטן שורש אַרויסגעריסן... די אַרבעט פונעם שרייבער איז דאָ אַ פּיאָנע־רישע, ווייל מען מוז אַלץ אָנהייבן פון אָנהייב, פון ס'ניי, פון סאַמע בראשית.

פאַרשטייט זיך, אַז אַחוץ דעם גרויסן מאָראַלישן אַספּעקט פון אונ־דזערע ליטעראַרישע אויסגאַבעס, זיינען זיי אויך אַ מקור פון קאָנסטרוק־טיווער הילף פאַר אונדזערע שרייבערס.

אַחוץ אין לאָדזש, וועלכע האָט, פאַרשטייט זיך, די בכורה, קומען יידי־שע שרייבערס צו דער עפנטלעכקייט אויך אין דער פעריפעריע. די שרייבערס ווערן אויפגענומען מיט דער גרעסטער האַרציקייט אומעטום, אין אַלע יידישע ישובים. די שרייבער־בריגאַדעס,* אָדער די אינדיווידועלע אויפטריטן פון שרייבערס אין נידערשלעזיע, האָבן דעם גרעסטן דערפאָלג. די זאַלן זיינען אומעטום געפאַקט. אומעטום וואַרט מען אויפן שרייבער. דאָס הויבט ביים פען־מענטש די שטימונג און עס סטימולירט אים צו ווייטער־דיקער אַרבעט, צום ווייטערדיקן שאַפן.

אַ גרויסן אָפּקלאַנג אין די באַדייטנדיקע יידישע ישובים האָבן געהאַט די מענדעלע־אַקאַדעמיעס (צום „זיידנס" 30סטן יאָרצייט), אָרגאַניזירט דורך דער צענטראַלער יידישער קולטור־געזעלשאַפט, אויף וועלכע עס זיינען אַרויסגעטראָטן אַ ריי יידישע שרייבערס. דעם מענדעלע־חודש האָט אָנ־געהויבן דער ליטעראַטן־פאַראיין אין לאָדזש מיט אַ ריזיקער מענדעלע־אַקאַדעמיע, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט צוועלף שרייבערס.

אַגב אורחא: יענער מענדעלע־חודש האָט מיך אינספּירירט אָנצושרייבן מיין ליד „צום זיידן", צו וועלכן דער קאָמפּאָזיטאָר לעאָן ווייגער האָט גע־שאַפן אַ זייער טרעפלעכע פאָלקסטימלעכע מעלאָדיע, וואָס איז אַוועק אי־בער דער יידישער וועלט, אין די יידישע שולן.

אויך צו די באָראָכאָוו־אַקאַדעמיעס אין אַ גאַנצער ריי שטעט, אָרגאַ־ניזירט דורך די „פּועלי־ציון", זיינען איינגעלאַדן געוואָרן יידישע שריי־בערס צו לייענען זייערע שאַפונגען, כדי צו הייבן די חשיבות פון דער פייערונג.

מיט איין וואָרט: נישטאָ קיין וויכטיקע אימפּרעזע אין היינטיקן פוילן, צו וועלכער דער יידישער שרייבער זאָל נישט ווערן צוגעצויגן. דאָס זאָגט עדות וועגן דער חשובער פּאָזיציע פון דער שרייבער־משפחה אינעם יידישן קולטור־לעבן — הגם זי איז נאָכן חורבן אַזוי קליין אין צאָל.

צום בולטסטן איז עס פילבאַר אין לאָדזש, ווו דער יידישער שרייבער האָט באַוויזן צו שאַפן אַ שטיקל סביבה, זיין היימיש ליטעראַריש ווינקל.
כי מלאָדזש תצא תורה...

(„דאָס נייע לעבן", נומ' 9 (1778), לאָדזש 1948).

---

* בריגאַדעס — אַ טערמין וואָס איז אימפּאָרטירט געוואָרן פון סאָוויעט־רוסלאַנד.

# אַריינבליק אין דער חורבן־ליטעראַטור

ווען מיר רירן זיך צו צו דער טעמע „חורבן־השלישי״ אין דער ייִדישער ליטעראַטור בלייבן מיר שטיין פאַר אַ ריזיקער פּיראַמידע. אַזאַ שפע פון ביכער! אַ שפע אין אַלע זשאַנערן: דאָקומענטאַציע, מעמואַרן, טאָג־ביכער, יזכור־ביכער, דערציילונגען, לידער, פּאָעמעס אאַז״וו. ביכער געשריבענע סיי פון פּראָפעסיאָנעלע שרייבערס, סיי פון סתם ייִדן, וואָס קאָנען נאָר האַלטן אַ פּען אין האַנט און סיי אַפילו פון קינדער אין די געטאָס. ביכער געשריבענע פון שרייבערס, וואָס האָבן אַליין דורכגעמאַכט דעם גיהנום פון געטאָ, לאַגער און נע־ונד, און ביכער פון שרייבערס, וועלכע זיינען — לויט ה. לייוויקס אַ טיטל — „אין טרעבלינקע נישט געווען״.

אין דער ריזיקער סעריע חורבן־ליטעראַטור דאַרפן מיר אויך אַריינ־נעמען די ביכער פון ייִדישע שרייבערס, וואָס האָבן דורכגעמאַכט גלות־רוסלאַנד. זיינען דאָך הונדערטער טויזנטער ייִדן געווען קרבנות פון היטלערס שותף — פון סטאַלינען. מען איז זיך משער, אַז לערך עטלעכע הונדערט טויזנט ייִדן־פּליטים האָבן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה פאַרזוכט דעם טעם פון סאָוויעטישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן און „ספּעץ־פּערעסעלעניע״ (אַזוי גערופענע „פרייע פאַרשיקונגען״) אין די ווייטע טייגעס פון סיביר און עקסטרעמען צפון ביי די „ווייסע בערן״. און פון די דאָזיקע ייִדישע קרבנות איז אַ היפּשער טייל געבליבן אונטער די שניי־קברים.

פון די געטאָ־מקוננים פאַרנעמט דעם אויבן־אָן דער ייִדישער און העברעיִשער פּאָעט יצחק קאַצענעלסאָן מיט זיין אויפשוידערנדיקער פּאָעמע „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן ייִדישן פאָלק״. אין דער דאָזיקער פּאָעמע, געשריבן אין אינטערנירונג־הויז אין וויטעל (פראַנקרייך) אין 1943, וואַרפט דער פּאָעט מיט זיין אָנגעזאַמלטן צער און צאָרן די קללה

צו די מערדער און גלייכצייטיק צו דער גלייכגילטיקער וועלט, וואָס קוקט זיך צו פון דער ווייטנס ווי צו אַ סעפּקטאַקל ווי ייִדיש פּאָלק ווערט אויס־געשאָכטן פון די מענטשן־בעסטיעס. ער שרייט־אויס זיין ביטער געקלאָג צו דער פרייער ייִעלט און וואַרפט זיין פאַראַכטונג „צו די הימלען״:

די ערד טויב־שטום האָט ווי פאַרמאַכט די אויגן... איר הימלען, אָבער, איר האָט דאָך געזען,
איר האָט זיך צוגעקוקט פון אין דער הויך, פון אויבן — און נישט איבער זיך געקערט.
נישט פאַרוואָלקנט האָט זיך אייער ביליקע בלוי און האָט ווי שטענדיק פאַלש געשעמערירט;
די זון אין רויטן ווי אַ תליון גרויזאַם האָט אין שטענדיקן געקוילערט זיך אין קרייז;
די לבנה ווי אַן אַלטע הור אַ זינדיקע איז אין די נעכט אַרויס אויף איר שפּאַציר
און שטערן האָבן שמוציק געפינקלט מיט די אייגעלעך ווי מייז.
אַוועק! איך וויל אויף אייך נישט קוקן, איך וויל נישט זען אייך, נישט וויסן פון אייך מער.
אָ, הימלען פאַלשע, אָ, געמאַרערישע, נידעריקע הימלען אין דער הויך.
אַך ווי מיר פאַרדריסט!
איך האָב אַמאָל געגלויבט אייך, פאַרטרויט מיין פרייד, מיין אומעט אייך, מיין שמייכל און מיין טרער,
איר זענט נישט בעסער פון דער מיאוסער ערד, דעם גרויסן הויפן מיסט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַוועקט! אַוועקט! איר האָט אונדז אָפּגענאַרט, גענאַרט מיין פאָלק, גענאַרט מיין אַלטן שטאַם!

יאָ, אין אָנגעזיכט פון די מיליאָנען טויטן, ווען ייִדיש פאָלק ווערט טאָטאַל אויסגעשאָכטן, איז צו פאַרשטיין אַזאַ פאַרצווייפלונג, אַזעלכע פאַראַכטנדיקע אויסגעשרייען, וואָס שטייגן ווייט, ווייט אַריבער די צער־און צאָרן־פּערזן פון חיים נחמן ביאַליקס „שחיטה־שטאָט״.

ס׳איז צו באַוואונדערן: אַפילו אין די פינצטערסטע טעג אין די געטאָס און לאַגערן איז נישט פאַרשטומט געוואָרן די שעפערישקייט ביי אונדזערע שרייבערס און פּאָעטן. פּונקט ווי ביי קאַצענעלסאָנען אַזוי ביי אַנדערע. קאַצענעלסאָנס שריפטן זיינען דורך אַ נס געראַטעוועט געוואָרן. נישט אַלע איז עס באַשערט געווען. אַ געוויסן טייל האָט מען נאָך דער באַפרייונג

געפונען אין די אויסגעגראָבענע פאַרחתמעטע בלעכן פון רינגעלבלום־אַרכיוו אינעם געביט פון וואַרשעווער געטאָ.

דער פאָלקסדיכטער און קדוש מרדכי געבירטיק ברענגט צום אויס־דרוק זיין טיפן צער און ווי אויף זיין אייגנטימלעכן אופן. בעת מען דעפּאָרטירט אים פון זיין היימשטאָט קראָקע, אין אָקטאָבער 1940, געזעגנט ער זיך מיט אַ ליד:

בלייב געזונט מיר, קראָקע!
הייליק איז דיין ערד.
טאַטע־מאַמע רוען דאָך אין איר.
נעבן זיי צו ליגן
איז מיר נישט באַשערט.
ס׳וואַרט אַ קבר ערגעץ ווייט אויף מיר.

בלייב געזונט מיר, קראָקע!
בלייב זשע מיר געזונט!
ס׳וואַרט די פור געשפּאַנט שוין פאַר מיין הויז.
ס׳טרייבט דער ווילדער שונא,
ווי מען טרייבט אַ הונט,
מיט אכזריות מיך פון דיר אַרויס...

צו די געראַטעוועטע כתב־ידן געהערט אויך הערמאַן קרוקס „טאָג־בוך פון ווילנער געטאָ"; דער טאָגבוך פון וואַרשעווער שרייבער־פּעדאַגאָג ח. א. קאַפּלאַן; „כתבים פון געטאָ" פון עמנואל רינגעלבלום; „לך לך" פון פאָלקסדיכטער שאַיעוויטש, געשריבן אין לאָדזשער געטאָ. איך שטרייך אונטער: געראַטעוועטע כתב־ידן, אָבער נישט זייערע מחברים. די מחברים זיינען אַוועק אין די גאַזקאַמערן, אָדער אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

און זאָל דאָ אויך אַריינגיין אין דער רשימה אַנאַ פראַנק מיט איר טאָגבוך, וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש פון הדסה האַלפּערן און איז דערשינען אין היגן קולטור־קאָנגרעס.

די רשימה פון ווערק פון די על־פּי־נס ניצול געוואָרענע שרייבערס, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט געטאָ, לאַגער, צי פּאַרטיזאַנקע, איז גענוג אָנ־זעעוודיק. לאָמיר דערמאָנען כאָטש אַ טייל פון זיי:

טוביה באָזשיקאָווסקי, אַברהם סוצקעווער, שמערקע קאַטשערגינסקי, ד"ר מיכאל באָרוויטש, ד"ר הלל זיידמאַן, ד"ר פיליפּ פרידמאַן, מרדכי

שטריגלער, יאָנאַס טורקאָוו, לייב ראָכמאַן, ד״ר יוסף קערמיש, יהודה עלבערג, ק. צעטניק, י. הירשהויט, רבקה קוויאַטקאָווסקי, ישעיהו שפּיגעל, ירחמיאל בריקס, רחל אויערבאַך, ד״ר מיכאל וויכערט, ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי, משה קאַגאַנאָוויטש, מלך באַקאַלטשוק, העלענאַ שערעשעווסקאַ, לענאַ קיכלער, יוזעף זשעמיאַן, „דיאַדיאַ מישאַ״ (אינזש׳ מ. גילדעמאַן), בערנאַרד גאָלדשטיין, יעקב צעלעמענסקי און פיל אַנדערע געראַטעוועטע פון די דייטשישע קאַלכאויוונס. אָבער נישט אַלץ און נישט אַלע מחברים איז מעגלעך דאָ אויסצורעכענען. גענוג איז צו דערמאָנען, אַז בלויז דער פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום״ אין בוענאָס־איירעס האָט אַרויסגעגעבן — צווישן זיינע 176 פּובליקאַציעס — לערך אַ 70 ביכער, וואָס זיינען געווידמעט דער חורבן־טעמאַטיק.

די רשימה ווידער פון די שרייבערס, וועלכע זיינען „אין טרעבלינקע נישט געווען״ און האָבן געשריבן אויף חורבן־טעמעס, איז ביז גאָר לאַנג. וועלכן יידישן שרייבער האָט דען נישט אויפגעברויזט דער חורבן? זיין צער און צאָרן? ווער עס האָט פאַרעפנטלעכט גאַנצע ביכער; ווער ס׳האָט באַקלאָגט דעם חורבן אין ליד, ווער אין פּראָזע.

אין ערשטער ריי קומט ה. לייוויק מיט זיין דראַמאַטיש ווערק „די חתונה אין פערענוואַלד״ און „אין טרעבלינקע בין איך נישט געווען״; מיט אָן אַ שיעור זיינע קלאָג־לידער. פון שלום אַש האָבן מיר זיין „דער ברענענדיקער דאָרן״ מיט די רירנדיקסטע געטאָ־דערציילונגען. ז. סעגאַלאָוויטש זינגט אויס זיין פּיין אין זיין בוך „אַ בוים אין פּוילן״ און אין די פּאָעמעס „נישטאָ״, „דאָרטן״ און אין אַ ריי עלעגיעס. יעקב גלאַטשטיין האָט אָקאָרשט אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג חורבן־מאָטיוון א״נ „כ׳טו דערמאָנען״. דער ראַפּינירטער און סובטעלער פּאָעט יעקב גלאַטשטיין האָט נאָך אין 1938 העלזעעריש פאָרויסגעזאָגט דעם חורבן פון יידישן פאָלק און ער האָט שוין דעמאָלט געוואָרפן דער וועלט זיין צאָרן:

אַ גוטע נאַכט, ברייטע וועלט,
גרויסע, שטינקנדיקע וועלט.
נישט דו, נאָר איך פאַרהאַק דעם טויער.
מיט דעם לאַנגן כאַלאַט,
מיט דער פייערדיקער געלער לאַט,
מיט דעם שטאָלצן טראָט,

אויף מיין אייגענעם געבאָט —
גיי איך צוריק אין געטאָ.
— — — — — — — — — — — — —

חזירשער דאַטש, פיינטלעכער ליאַך,
עמלק גנב, לאַנד פון זויפן און פרעסן.
שלאַבערע דעמאָקראַטיע, מיט דיינע קאַלטע
סימפּאַטיע־קאָמפּרעסן.
אַ גוטע נאַכט, עלעקטריש צעחוצפּהטע וועלט.
צוריק צו מיין קעראָסין, חלבנעם שאָטן,
אייביקן אָקטאָבער, דריבנע שטערן,
צו מיינע קרומע גאַסן, הויקערדיקן לאַמטערן,
מיינע שמות, מיין סוואַרבע,
מיינע גמרות, צו די האַרבע
סוגיות, צום ליכטיקן עברי־טייטש,
צום דין, צום טיפן מיין, צום חוב, צום גערעכט,
וועלט, איך שפּאַן מיט פרייד צום שטילן געטאָ־לעכט.
אַ גוטע נאַכט. כ׳גיב דיר, וועלט, צושטייער
אַלע מיינע באַפרייער.

נעם צו די יעזוסמאַרקסעס, ווערג זיך מיט זייער מוט.
קראַפּיר איבער אַ טראָפּן פון אונדזער געטויפטן בלוט.
און איך האָב האָפן, אַז כאָטש ער זאַמט זיך,
גייט אויף טאָג־איין־טאָג־אויס מיין וואַרטן.

און אין פינאַל קלינגען נאָך שורות פון יידישן בטחון:

ס׳וועלן נאָך רוישן גרינע בלעטער
אויף אונדזער בוים דעם פאַרקוואַרטן.
— — — — — — — — — — — — — —
כ׳קוש דיך, פאַרקאַלטנט יידיש לעבן,
ס׳ווינט אין מיר די פרייד פון קומען.

ביכער וועגן יידישן חורבן האָבן פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַנדערע פּאָעטן, ווי: משה שולשטיין („אַ בוים צווישן חורבות"; „ביים פּנקס לובלין"); י. פּאַפּיערניקאָוו („איבער חורבות"); יוסף רובינשטיין („מגילת פוילן"); חיים גראַדע („שיין פון פאַרלאָשענע שטערן", „פליטים"); אַהרן צייטלין („לידער פון חורבן און לידער פון גלויבן); אַברהם זאַק („מיט אַש אויפן קאָפּ",

„וואַרשע 1939" א״אַנד); משה קנאַפּהייס („מגילה ייִד" און אַ ריי פּאָעמעס אין זיינע אַנדערע ביכער). אויך די סאָוויעטיש־ייִדישע דיכטער און פּראָזאַיקער זיינען אַריין אין כאָר מיט זייער חורבן־טעמאַטיק, ווי: פּרץ מאַרקיש (אין זיין בוך „מלחמה" א״אַנד), איציק פעפער („שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ" א״אַנד), שמואל האַלקין, דוד האָפשטיין, דוד בערגעלסאָן („לא אמות כי אחיה") און נאָך פיל אַנדערע.

סעריעס חורבן־מאָטיוון געפינען מיר ביי אונדזערע דיכטערס פון דער ברייטער וועלט בשפע אָן אַ צאָל. אין קאַדיע מאָלאָדאָווסקיס אַנטאָלאָגיע א״נ „לידער פון חורבן" געפינען מיר חורבן־מאָטיוון אַזש פון 64 פּאָעטן! די אַנטאָלאָגיע ווייזט אונדז, אַז נישטאָ קיין איין דיכטער, וואָס זאָל נישט האָבן באַווײנט אין זיינע לידער־קינות די קדושים פון אונדזער „אויסגעהרגעטן פאָלק"...

**
*

אַ באַזונדער פּאָזיציע אין דער חורבן־ליטעראַטור זיינען די פיל צענדליקער, צענדליקער יזכור־ביכער, וואָס זיינען שוין ביז איצט דערשינען אין דער וועלט. לעצטנס האָט זיך די פּראָדוקציע פון די יזכור־ביכער איבערגעטראָגן קיין ישראל, דער עיקר אין פאַרלאַג „אנציקלופּדיה של גלויות". דאָרט דערשיינען די יזכור־ביכער ס׳רוב אין ייִדיש און עברית. אין די יזכור־ביכער באַטייליקן זיך סיי שרייבערס, סיי געראַטעוועטע סתם ייִדן מיט זייערע פאַרצייכענישן און גבית־עדותן. דעריבער האָבן די דאָזיקע אויסגאַבן אַן אומגעהויער וויכטיקן דאָקומענטאַרן ווערט פאַרן קומענדיקן היסטאָריקער, וואָס וועט פאַרשרייבן לדורות די בלוטיקע קאַפּיטלעך פון ייִדישן חורבן און אומקום.

אין דער חורבן־ליטעראַטור גייט אויך אַריין אַ סעריע ביכער פון היסטאָריקערס: פון עמנואל רינגעלבלום, ד״ר יוסף קערמיש, ד״ר מיכאל באַרוויטש, יוסף וואולף, ד״ר פיליפּ פרידמאַן, בערל מאַרק א״אַנד.

טייל פון די מעמואַרן־ביכער זיינען געווידמעט דעם העראָישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ; דער העלדישקייט פון די לעצטע ייִדן, וואָס האָבן מיט זייער ביישפּיל געראַטעוועט דעם כבוד פון ייִד און מענטש. דער ביישפּיל, וואָס איז אַ חד במינו אין דער מענטשלעכער געשיכטע און וואָס די וועלט האָט באַוואונדערט.

אַגב: איצט, אין אונדזערע טעג, נאָך די לעגענדאַרישע „זעקס טעג"

אין ישראל, ווען די צעיושעטע אַנטיסעמיטישע העצע אין פוילן האָט זיך, אונטער דער קאָמאַנדע פון מאָסקווע, צעפלאַקערט, וויל מען אין פוילן בכלל פאַרטושן דעם הערא‫ָ‬יזם פון די וואַרשעווער געטאָ־קעמפער און מען שרייבט דאָרט צו אויף אַ ציניש ליגנערישן אופן דער עיקר דער באַטייליקונג און דער מיטהילף פון פּאָליאַקן אינעם געטאָ־אויפשטאַנד... און ווען מען האָט דורכגעפירט אַ דערמאָנונגס־צערעמאָניע אין אַשוויענטשים, האָט מען נישט דערמאָנט די ייִדן ווי דעם הויפּט־קרבן, נאָר מ'האָט זיי אויסגערעכנט צווישן אַנדערע: פּאָליאַקן, ייִדן, ציגיינערס... און דאָס געשעט ווען די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז די פוילישע ערד איז פאַרזייט מיט מאַסן־גריבער אַ־לאַ באַבי־יאַר און מיטן אַש פון זעקס מיליאָן פאַרגאַזטע און פאַרברענטע ייִדן.

אַ חוזק איבער אונדזערע גבורי ישראל און איבער אונדזערע מיליאָנען קדושים!

און ס'איז כאַראַקטעריסטיש צו דערמאָנען דעם לעצטן וואַנדאַלישן אַקט פון דער קאָמונאָ־נאַצישער מאַטשאַר־כנופיה אין וואַרשע:

נאָכן גלייכשאַלטן דעם היסטאָריקער־קרייז פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט האָט מען פון דאָזיקן אינסטיטוט קאָנפיסקירט די גאַנצע אַרכי־וואַלע זאַמלונג פון דאָקומענטן און מאַטעריאַלן וועגן ייִדישן חורבן און אומקום, כדי זיי אַליין, די „רויטע" ייִדן־פרעסערס, זאָלן קענען רעווידירן און „קאָרעגירן" די אַלע דאָקומענטן אויף אַזאַ אופן און אין אַזאַ ליכט וואָס זאָל רעהאַביליטירן די פוילישע קאָלאַבאָראַציאָניסטן און מיטהעלפערס פון דער „געסטאַפּאָ"; כדי צו וויזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז אַלע פּאָליאַקן זיינען געווען צו ייִדן זייער הומאַניטאַר; אַז זיי האָבן זיך מוסר נפש געווען פאַר ייִדן; אַז דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ איז אינספּירירט געוואָרן פון דעם פוילישן אונטערערד און מיטן געווער און מיטן אָנטייל פון פוילישן אונטערערד — פון דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ" און „אַרמיאַ לידאָוואַ"...

אָט זיי, די דאָזיקע קופערנע שטערנס, די העלדן פון צעיושעטן פוילישן אַנטיסעמיטיזם, די אָפיציעלע „קעפּ" פון דער איצטיקער פוילישער רעגי־רונג, גייען עס „אויסוויסן" די שוואַרצע דאָקומענטאַציע וועגן דער חרפּה־דיקער ראָל פון אַ סך, אַ סך פּאָליאַקן בעת דער אויסראָטונג און מאַרטיראָ־לאָגיע פון ייִדן אויף דער פוילישער ערד...

און כדאַי אַגב אורחא צו דערמאָנען דעם „יחוס" פון מיעטשיסלאַוו מאָטשאַר — דעם איצטיקן אינערן־מיניסטער און צענזאָר פון דעם קאָנ־פיסקירטן חורבן־אַרכיוו אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט. דער זעלבי־

קער מאַטשאַר איז בעתן קיעלצער פּאָגראָם אין יולי 1946 געווען אין קיעלץ דער שעף פון דער פּאָליציי, און ער האָט לחלוטין גאָר נישט געטאָן, כדי צו צוימען די פּוילישע כוליגאַנעס, וואָס האָבן זיך געלאָזט ווילגיין איבער די לעבנס פון דער גרופּע ייִדישע פּליטים. אַדרבה, צווישן די כוליגאַנעס, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער קיעלצער הריגה, זיינען אויך געוועזן איבערגעטאָענע פּאָליציאַנטן.

דאָס האָט נישט געשטערט, אַז מאַטשאַר זאָל שפּעטער נתעלה ווערן צום טיטל גענעראַל און איצט צום אַמט פון אינערן־מיניסטער.

די שולד פאַר די 42 ייִדישע הרוגים אינעם קיעלצער פּאָגראָם טראָגט אויך אָט דער גענעראַל, אָט דער מיעטשיסלאַוו מאַטשאַר — איינער פון די היינטיקע פּוילישע אַנטיסעמיטישע וואָרטזאָגערס אין דער רעגירונג פון דער כלומרשטער „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״!

**
*

ווי שוין אויבן באַמערקט, גייען אַריין אין דער חורבן־ליטעראַטור אויך די ווערק, וואָס באַשרייבן אין אַלערליי זשאַנערן די איבערלעבענישן פון די ייִדן־פּליטים אין גלות־רוסלאַנד. אויך דער דאָזיקער געביט איז אַ גענוג רייכער. מיר פאַרמאָגן שוין אַ היפּשע צאָל פאַרשיידענע פּובליקאַציעס און ביכער, וואָס גיבן אַ קלאָרן בילד וועגן לעבן פון די פאַרוואָגלטע ייִדן אין סאָוויעטישן „גן־עדן״. אין דער דאָזיקער רשימה גייען אַריין די ווערק פון די שרייבערס, וועלכע האָבן אַליין דורכגעמאַכט גלות־רוסלאַנד — ווער אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווי: משה גראָסמאַן, אַברהם זאַק, ישראל עמיאָט, י. ל. קאָהן, ל. לענעמאַן, ד. זאַקאַליק, ב. טערקל, דוד לעדערמאַן א״אַנד; ווער ס׳האָט קיין לאַגער נישט איבערגעלעבט, נאָר איז סתם געווען אין סאָוויעטישן גע־ונד. צו די געהערן: חיים גראַדע, מענדל מאַן, יוסף רובינשטיין, ישראל אַשענדאָרף, יצחק יאַנאַסאָוויטש, יוסף אָקרוטני, שמחה סנה, נחום באָמזע, חיים לייב פוקס, משה וואַלדמאַן, מנוחה ראָם, יצחק באָרנשטיין, יצחק גרודבערג, מרדכי בערענשטיין א״אַנד. ס׳איז נישט מעגלעך אויסצורעכענען אַלעמען און די ווערק, וואָס זיי האָבן פאַר־עפּנטלעכט וועגן די נע־ונדן אין רוסלאַנד.

דער הייסער דראַנג ביי אונדזערע שרייבערס צו פאַרפיקסירן אַלץ פאַר דער געשיכטע איז דער גורם פון דער שפּעדיקער חורבן־ליטעראַטור. למען ידעו! זאָלן די דורות וויסן וואָס די ממשלת זדון, דאָס רשעות פון

ביידע דיקטאַטורן האָבן אָפּגעטאָן דעם פאָלק ישראל. די קומענדיקע דורות וועלן האָבן פאַר זיך אַ קלאָר בילד וואָסערע טראַגישע רעזולטאַטן עס האָט געבראַכט פאַרן יידישן פאָלק דער שותפות צווישן „רויט" און „ברוין" — דער סטאַלין—היטלער־פאַקט אין אויגוסט 1939.

אויב דאָס היטלער־דייטשלאַנד איז צעבראָכן געוואָרן און די נאַציישע הידרע איז דערוואָרגן געוואָרן — בושעוועט נאָך עד היום הזה די צעיושע־טע יידן־שנאה אין לאַנד פון דער באַנקראָטירטער „גאולה"... שמאַכטן און וועגעטירן אונדזערע דריי מיליאָן ברידער אונטערן גייסטיקן גענאָסיד, מיט אַ פאַרשטומט לשון, מיט אַ דערוואָרגענער קולטור. קומט אין אונדזערע טעג פון יענעם לאַנד די ווילדסטע העצע קעגן לאַנד ישראל, און די דאָ־זיקע העצע אַ־לאַ געבעלס און שטרייכער איז באַגלייט מיט אַ שלל וואָפן און מיט מיליטערישע טעכניקערס אין די טויזנטער, וועלכע גרייטן צו ישראלס שונאים צו אַ רעוואַנש.

אָט די אַלע מעשים תעתועים פון די רויטע, שוואַרצע און ברוינע דיקטאַטורן לגבי פאָלק ישראל ווערן „פאַראייביקט" לדורות אין אונדזער חורבן־ליטעראַטור, אין אַלע אירע זשאַנערן. די דאָזיקע ליטעראַטור איז אונדזער שווערסטער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די דיקטאַטורן און זייערע גלייכגילטיקע שווייגנדיקע באַיאָער און די געשיכטע וועט זיי שטעמפּלען ווי די נעאָ־באַרבאַרן פון אונדזער טראַגישן יאָרהונדערט.

דאָס אַלטע פאָלק ישראל — ישראל סבא — וואָס האָט שוין אַ גע־שיכטע פון פיר טויזנט יאָר, האָט אין זיין געשיכטלעכן גאַנג איבערגעלעבט כלערליי קאַטאַקליזמען און חורבנות, כלערליי עמלקים און המנס און דערביי קיין מאָל נישט אויפגעגעבן דעם נביאים־אידעאַל פון יושר און צדק, און נאָך יעדן חורבן ווייטער געוועבט דעם חלום פון ווידעראויפלעבונג — —

בוענאָס־איירעס, מײַ 1968

# אַ ליטעראַטור אין קייטן

(צו דער טראַגעדיע פון די סאָוועטיש־ייִדישע שרייבערס)

## 1

די ייִדישע ליטעראַטור אין סאָוויעט־רוסלאַנד, אַפילו אינעם פעריאָד ווען זי איז געווען אין איר פולן גלאַנץ און פונאַנדערבלי, איז אַרויסגע־וואָקסן פון אַ קראַנקן, פאַרסמטן באָדן; אַ באָדן, וואָס איז געווען אַרומגע־צוימט מיט שטעכעדיקן דראָט. מיט יענעם שטעכעדיקן דראָט, וואָס ווערט באַנוצט פאַר די אָפּגעשלאָסענע זאָנעס פון די סאָוויעטישע לאַגערן אין די וויטע טײַגעס פון סיביר און עקסטרעמען צפון.

מיט „שטעכעדיקן דראָט״ סימבאָליש פאַרשטאַנען. סימבאָליש און אַ מאָל אויך — רעאַליסטיש. רעאַליסטיש פאַר יענע שעפערס, וואָס האָבן זיך אויסגעבראָכן און זיך פאַרזינדיקט קעגן דער גילטיקער „נאָרמע״ און „ליניע״, וואָס איז דיקטירט געוואָרן פון אויבן דורך די ליטעראַרישע „פּאָ־ליטרוקן״. די יעניקע, וואָס האָבן זיך „פאַרזינדיקט״ אין די אויגן פון די „פּאָליטרוקן״ — און אַ מאָל אין די אויגן פון אים אַליין, פון „טאַטן פון די פעלקער״ — יענע זיינען שוין אין די דרייסיקער יאָרן אַוועק אויף דער סאָוויעטישער גאָלגאָטאַ און זיינען אַריין אין די אומצייליקע רשימות פון די פאַרשוווּנדערע, „ליקווידירטע״, וואָס זייער זכר איז אויסגעמעקט געוואָרן — לא יזכר ולא יפקד. אַזוי ווי, אַ שטייגער, משה קולבאַק, איזי כאַריק, מאַקס עריק, ד״ר ישראל צינבערג און פיל, פיל אַנדערע צענדליקער ייִדי־שע שרייבערס און פּאָעטן.

אין סאָוויעט־רוסלאַנד איז נישטאָ קיין סתם ליטעראַטור לשם ליטע־ראַטור. די ליטעראַטור מוז דאָרט אויספירן אַ סאָציאַלע און אַ פּאָליטישע מיסיע. עס דאָמינירט די „סאָצבאַשטעלונג״. אַ ראָמאַן, צי אַ פּאָעטישע שאַ־

פונג מוז קודם כל אַנטהאַלטן אַ סאָציאַלע אָדער פּאָליטישע טענדענץ. מוז אַרויסבּרענגען דעם פון פאָרויס אָנגעצייכנטן מוסר השכל. קונסט לשם קונסט — נישטאָ אַזעלכעס. דאָס איז אַן ענין פאַר די בורזשואַזע ליטעראַ־טורן. די ליטעראַטור מוז גלאָריפיצירן נאָר איין קלאַס — דעם פּראָלע־טאַריאַט און פאַרניינען די גאַנצע נישט־פּראָלעטאַרישע וועלט. סתם שיינע קונסט, סתם פּסיכאָלאָגישע שטודיען, סתם פיינעזיע און שפּילעריי מיט פּאָעטישער שיינקייט — דאָס אַלץ איז אַן ענין פאַרן „צעפוילטן מערב".

סתם שטימונגען פון דיכטערישן מהות, די טיפע, לויטערסטע ליריק, די לירישע אויסגוסן פון דיכטערס אינטעלעקט — דאָס אַלץ איז געווען פּסול. דאָס שמעקט מיט מערבדיקן דעקאַדענץ.

ס'רוב יידישע שרייבערס האָבן ביסלעכווייז, בלית ברירה, זיך אונ־טערגעגעבן מיט פאַרביסענע ליפּן און זיינען געגאַנגען אין שפּאַן פון דער אויסטערלישער צייט. זיי זיינען — ווער קאָנפאָרמיסטיש, ווער מיט פאַר־שטיקטן אינערלעכן נשמה־געראַנגל — אַריין אין דער ראָל און האָבן גע־מוזט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז אַזוי איז עס טאַקע; אַז אַזוי דאַרף עס טאַקע זיין; אַז אַנדערש קאָן עס שוין נישט זיין; אַז דאָס איז דער געבאָט פון דער „אָקטאָבער־רעוואָלוציע". די דאָזיקע פראַזע: „אָקטאָבער־רעוואָלוציע" איז געוואָרן דער „שם המפורש" ר"ל.

ביי טייל שרייבערס אָבער איז די דאָזיקע איינשטעלונג געווען און געבליבן ביזן סאָמע בלויזן גזר — נאָר פאָזע. נאָר אַ געצוווּנגענע מאַס־קע, וואָס זיי האָבן — ווי מאַראַנען — געמוזט טראָגן אויף זייער פּנים. טיף אין דער נשמה האָבן זיי געטראָגן די טראַגיק פון דערשטיקטן קינסט־לערישן אמת און געוויסן. עס האָט זיי געעקלט פון זיך אַליין, ווען צו זייערע באַשריבענע העלדן אין אַ נאָוועלע צי ראָמאַן האָבן זיי געמוזט צו־טשעפּן, ווי אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז, אַ סאָציאַלע אָדער פּאָליטי־שע טענדענץ — אין די ראַמען פון דער „ליניע". עס האָט זיי בעת־מעשה טיף געפּייניקט דאָס שולד־געפיל איבער זייער זינד לגבי זייער שרייבע־רישער הייליקער מיסיע. מ'קאָן זיך משער זיין ווי, למשל, אַ דוד בערגעל־סאָנען האָט געגרילצט אין די אויערן און מסתמא אויך אין געוויסן בעת ער האָט אין זיין „פּענעק" געמוזט אָנקומען צו טענדענציעזע פאַרקריפּ־לונגען.

2

פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן געהאַט גענוג טענות צו טייל פון די סאָוויעטיש־יידישע שרייבערס. געוועזן אַ צייט, ווען זיי האָבן צו פיל נעגירט די יידישע ליטעראַרישע וועלט, וואָס איז אויסער דעם ראַטן־פאַרבאַנד. צו פיל האָבן זיי זיך איבערגענומען און פאַרכליניעט אין זייער פאַניגירזיק, אין זייערע לויב־געזאַנגען פאַר דעם באַלעבאָס פון קרעמל, די שפּאָגל־נייע אויפלאַגע פון אַ איוואַן גראָזני. אין איציק פעפערס אָדעס איז דאָך סטאַלין געווען „ליכטיקער פון דער זון" און העכער פון די בערג. עס גלויבט זיך נישט, אַז ער האָט עס טאַקע אַזוי אויפריכטיק געמיינט. מסתמא האָט עס אים אַליין געעקלט דערפון.

עס געדענקט זיך מיר נאָך ווי איצט די געזעגענונג מיט דוד בערגעל־סאָן, בעת ער איז דורכגעפאָרן וואַרשע, אויפן וועג פון בערלין קיין מאָס־קווע. געווען איז עס אין 1934. בערגעלסאָן איז דאַן אַהין געפאָרן שוין צום צווייטן מאָל, כדי דעפיניטיוו צו באַזעצן זיך. די וואַרשעווער יידישע ליטעראַרישע משפחה האָט לכבוד אים איינגעאָרדנט אין אַ שבת אַ פייער־לעכן אָפשייד־פרימאָרגן אין טעאַטער „נאָוואָשטשי". אויף די אַלע האַר־ציקע רעדעס פון קאָלעגן־שרייבערס האָט בערגעלסאָן אין זיין שלוס־וואָרט געענטפערט מיט אַ ירגזון, מיטן גרעסטן ביטול צו דער גאַנצער יידיש־שרייבערישער וועלט, וואָס — לויט זיינע ווערטער „שטעקט זי אין שימל און זומפּ". עס האָבן שרייבערס דעמאָלט אויפגענומען זיינע נישט־אויפריכ־טיקע רייד ווי — אַ „קלאַפּ מיט דער טיר". ווי אַ ווילערישן „זשעסט" פאַר מאָסקווע.

אויך משה קולבאַק איז נאָך פריער אַוועקגעפאָרן פון פוילן מיט אַ געוויסן „קלאַפּ מיט דער טיר", מיינענדיק אין זיין נאַיוון גלויבן, אַז אין רוסלאַנד וועלן זיך פאַר אים עפענען די טויערן פון גן־עדן. אַז דאָרט וועט זיך זיין מוזע צעזינגען ווי נאָך קיין מאָל נישט, מיט אַלע רחבותן.

איך געדענק נאָך אויך אַזוי קלאָר דעם אָפשייד־באַנקעט לכבוד משה קולבאַקן אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13. געווען איז עס אין 1928. אין זאַל איז געווען פאַרזאַמלט ביי געדעקטע טישן די גאַנצע שרייבער־משפחה. דעם פאָרזיץ פון יענער מסיבה האָט געפירט דער שרייבער און היסטאָריקער ד"ר יצחק שיפּער (שפּעטער דער קדוש פון

אָשוויענטשים). אויף די אַלע באַגריסונג־ווערטער פון קאָלעגן שרייבערס איז משה קולבאַק אַרויס מיט אַזאַ לשון, וואָס האָט געדאַרפט פאַרקלינגען אַזש אין סאָוויעטישן מינסק, וווהין קולבאַק איז עס דעמאָלט געפאָרן. אויך ער, פונקט ווי בערגעלסאָן שפּעטער, האָט געשאָטן מיט פראַזן: „געמיי־זשעכטס", „בירגערלעכע בלאָטע", „גייסטיקע פּוסטקייט" וכדומה. אַז „דאָ הערשט אידייענלאָזיקייט"; אַז „דאָ איז אַ גייסטיקער חורבן"; אַז „מען טאָר דאָ נישט פאַרבלייבן"; אַז „מען מוז זיך ראַטעווען, אַנטלויפן פון אייך"...

און קולבאַק האָט פאַרענדיקט:

„איך פאָר אַוועק פון דאַנען און טראָג אין זיך מיין גלויבן. איך גלויב אין זיג פון דער נייער יידישער קולטור; איך גלויב אין זיג פון דער נייער יידישער שול; איך גלויב אין זיג פון דער יידישער שפּראַך. אָט דאָס טראָג איך מיט זיך".

עס האָבן מיט קולבאַקן אויף יענעם אָונט פּאָלעמיזירט ד"ר שיפּער, ז. סעגאַלאָוויטש און אַנדערע שרייבערס. מען האָט אים קלאָר געזאָגט, אַז דאָ אין וואַרשע קוקט ער צו שוואַרץ און אַז אויף מינסק קוקט ער צו רויז.

און אַ ביסל שפּעטער, נאָך אין זעלבן יאָר, שוין אין מינסק, אויף אַן אָונט פון סאָוויעטישע שרייבערס, קינסטלערס און קולטור־טוערס, האָט משה קולבאַק גערעדט זייער האָפערדיק:

„אין פּוילן, אין אַמעריקע, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דאָרט זיי־נען אין דער יידישער ליטעראַטור פאַראַן אומגעהייער גרויסע טאַלענטן, האָט די יידישע ליטעראַטור קיין פּערספּעקטיוון נישט. דאָ אין סאָוויעט־רוסלאַנד האָט די יידישע קולטור אַ סך בעסערע פּערספּעקטיוון. די איינ־ציקע האָפענונג פאַרן אויפבלי פון דער יידישער קולטור בכלל איז סאָ־וויעט־רוסלאַנד" *.

אַזוי האָט ער גערעדט, משה קולבאַק, און אַזוי האָט ער מסתמא גע־גלויבט.

און כאַראַקטעריסטיש: אַפילו נאָך אַזאַ היציקער „דעקלאַראַציע" מצד קולבאַקן אויף דער דערמאָנטער פאַרזאַמלונג אין מינסק האָט ער באַלד אויפן אָרט באַקומען אַ קאַלטן „טוש" פון א. אָשעראָוויטשן, דעם דעמאָל־טיקן רעדאַקטאָר פון מינסקער „אָקטיאַבער":

— „די עוואָלוציע, — האָט געזאָגט אָשעראָוויטש, — וואָס משה קול־

* ציטירט לויט די באַריכטן אין דער היגער „די פּרעסע", יאָרגאַנג 1928.

באַק האָט דורכגעמאַכט אין פּוילן, איז נישט אין גאַנצן אַ גינסטיקע פֿאַר אים. דער ליטעראַרישער געמייזשעכטס, — (ווי איר זעט, קיין אַנדערע באַצייכענונג האָבן דאָן די סאָוויעטיש־ייִדישע שרייבערס נישט געהאַט פֿאַר דער ליטעראַרישער וועלט וואָס מחוץ סאָוויעט־רוסלאַנד) — דער ליטע־ראַרישער געמייזשעכטס האָט געהאַט אַ געוויסע השפּעה אויף אונדזער פּאָעט. מיט דעם דערקלערט זיך די מיסטישע ריכטונג אין קולבאַקס פּאָ־עזיע" (דאָס איז געמיינט געוועזן זיין „משיח בן אפרים").

און וואָס איז געוואָרן דער סוף פֿון קולבאַקס גלויבן אין סאָוויעטישן מינסק?

דעם טראַגישן עפּילאָג ווייסן מיר שוין פֿון לאַנג. נאָך אין די פֿאַר־מלחמה־יאָרן האָט משה קולבאַק באַצאָלט מיט זיין יונג, שעפּעריש לעבן פֿאַר דעם צו ראָזן גלויבן זיינעם.

און פּונקט ווי משה קולבאַק, איזי כאַריק, מאַקס עריק און אַנד' פריער — אַזוי דוד בערגעלסאָן, פּרץ מאַרקיש, איציק פעפער, דוד האָפשטיין און די פיל, פיל אַנדערע ייִדישע פען־קינסטלערס — שפּעטער. זיי אַלע האָבן פֿאַר זייערע פֿאַלשע אילוזיעס באַצאָלט מיטן טייערסטן — מיט זייער שע־פּעריש לעבן.

און נאָך טראַגישער איז געוועזן זייער אַלעמענס גורל, וואָס געפֿאַלן זיינען זיי נישט דערפֿאַר, וואָס זייער קינסטלערישער אויסדרוק האָט גע־שמעקט מיט אַפּיקורסות און איז געוועזן אין סתירה און אין קעגנערשאַפֿט צום עקסיסטירנדיקן רעזשים — אַדרבה, מיט זייער וואָרט און מיט זייער שריפֿט האָבן זיי כסדר גלאָריפֿיצירט דעם דאָזיקן רעזשים; געזונגען הלל, פֿאַרפֿאַסט אָדעס (ביי טייל קעגן אייגענעם געשמאַק...) צום „פירער" פֿונעם רעזשים.

בלויז איין איינציקער „חטא" זייערער — דער ייִדיש־נאַציאָנאַלער „אָפּנייג" בשייכות מיט מדינת ישראל; דאָס מאַניפֿעסטירן זייערע סימ־פּאַטיעס און צוגעבונדנקייט צום ייִדישן פֿאָלק, — האָט אויף זיי געבראַכט דעם טראַגישן גזר־דין. און דאָס אין אַ לאַנד פֿון כלומרשטן סאָציאַליזם, וואָס פּרעטענדירט צו ברענגען אויסלייזונג און פֿרייהייט אַלע פֿעלקער, אַלע נאַציעס אין דער וועלט.

און דאָס אין אַ לאַנד, ווו אַ סך אָפּגעשטאַנענע פֿעלקער זיינען נאַציאָ־נאַל אויפֿגעריכט געוואָרן. אַפילו אַזעלכע האַלב־ווילדע פֿעלקער, וואָס האָבן

קיין אַלף־בית נישט פאַרמאָגט — זיי האָט מען געהאָלפן, פאַר זיי האָט מען געשאַפן שולן, אַ שריפט, אַ קולטור; נאָר פאַר ייִדן — לאָ! פאַר ייִדן — דאָס פאָלק מיט אַן אַלטער, עטלעכע טויזנט־יאָריקער קולטור, דאָס פאָלק פון נביאים, פון אַ ביבל — פאַר ייִדן האָט מען עס געמאַכט דעם טרויעריקן יוצא מן הכלל; איבער דער גאַנצער ייִדישער קולטור און אירע שעפערס איז אויפגעהויבן געוואָרן די האַק פון פאַרניכטונג!

3

די פאַרטיליקונג פון דער ייִדישער קולטור איז לכתחילה — נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה — צוגעגאַנגען אין אַ לאַנגזאַמען טעמפּאָ. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז איז פאַרשמעלערט געוואָרן איר באַזע, איר פּע־ריפעריע. ס'איז כסדר רעדוצירט געוואָרן די צאָל ייִדישע צייטונגען, דאָס פאַרלאַג־וועזן; ייִדישע שולן זיינען געוואָרן אַלץ ווייניקער. עס האָט גע־הייסן, אַז די ייִדישע עלטערן אַליין ווילן כלומרשט נישט שיקן זייערע קינדער אין ייִדישע שולן; אַז ייִדן ווילן מער נישט קיין ייִדישע צייטונגען, קיין ייִדיש טעאַטער, קיין ייִדיש בוך.

דעם זעלביקן פוילן תירוץ האָט אויך שפּעטער, נאָך דער מלחמה, גע־געבן דער ליטעראַרישער „משולח" פון מאָסקווע, איליאַ ערענבורג, בעת מ'האָט אים ערגעץ אויף זיינעם אַ באַזוך אין אייראָפּע צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט. און דאָ אין בוענאָס־איירעס, בעת זיינעם אַ באַזוך, האָט ערענבורג אַפילו נישט געפונען פאַר נייטיק צו ענטפערן אויפן צוגעשיקטן מעמאָריאַל פון היגן שרייבער־פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג". אַפּנים ער האָט פאַר דעם נישט געהאַט די אַפּראָבאַטע פון זיין אַמבאַסאַדע. מיר — פון שרייבער־פאַראיין — האָבן דערפאַר דעם מעמאָריאַל פאַרעפנטלעכט אין „קלאַרין".

ווי אַזוי דאָס איז געמאַכט געוואָרן?

איך אַליין האָב געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט אַזאַ נישט היימלעכן „פּאַרס" אין גראָדנע (און נישט נאָר אין גראָדנע), אין 1940, — בעת היטלער מיט סטאַלינען האָבן זיך איינגעטיילט מיט די פוילישע גע־ביטן. אין גראָדנע איז פאַר דער מלחמה געווען אַ פאַרצווייגטע נעץ פון ייִדישע שולן — שולן פון פאַרשיידענע אידעאָלאָגיעס: וועלטלעכע שולן פון דער „צישאָ", „תרבות"־שולן, רעליגיעזע שולן. די סאָוויעטישע מאַכט אין גראָדנע האָט לכתחילה געעפנט נאָר איין איינציקע שול מיט ייִדיש ווי

אַ לימוד־שפּראַך, און דאָס נישט אויף לאַנג. אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט די שול־מאַכט גערופן אַ פּאַרזאַמלונג פון די לערערס און עלטערן און אַדורכגעפירט אַ באַשלוס, אַז די ייִדישע שול ווערט פּאַרוואַנדלט אין אַ רוסישער... ווער האָט געקאָנט וואַגן זיך אַנטקעגנצושטעלן דער סאָוויעטי־שער שול־מאַכט?

אַזוי איז געשען אומעטום. ווו פריִער, ווו שפּעטער.

די טאָטאַלע ליקווידאַציע פון דער ייִדישער קולטור — צוזאַמען מיט אירע שעפערס — איז געקומען אין 1948.

די ייִדישע וועלט האָט עס באַלד אויסגעטייטשט — און אַזוי איז עס טאַקע געוועזן, — דורך דעם פאַקט פון מדינת ישראל, וואָס גראַד סאָוויעט־רוסלאַנד, אין דער פּערזאָן פון איר שליח גראָמיקאָ — האָט צוגעהאָלפן שאַפן; נישט, פּאַרשטייט זיך, מאהבת ישראל, נאָר אַזוי האָט דעמאָלט דעם קרעמל דיקטירט די פּאָליטישע קאָניונקטור; אַזוי האָט דיקטירט די פּאָלי־טיק לגבי ענגלאַנד. והא ראיה: שפּעטער, ווען די „פּאָליטישע ווינטן" האָבן זיך געביטן, גיט סאָוויעט־רוסלאַנד די אַראַבערס אַ מעסער אין האַנט קעגן דער זעלביקער מדינת ישראל.

איז דעמאָלט, אין די עקזאַלטאַציע־טעג פון מדינת ישראל, ווען אויך אין סאָוויעט־רוסלאַנד האָבן ייִדן געמיינט, אַז שוין, אַז מען מעג שוין פראַנק און פריי זיך גייסטיק פאַרבינדן מיט ייִדן אין דער וועלט; מאַניפעסטירן די צוגעבונדנקייט צום ייִדישן פאָלק — דעמאָלט זיינען אויך די ייִדישע שרייבערס באַרירט געוואָרן פון די „פרייע ווינטן" פאַר ייִדן; אויך זייערע טענער האָבן גענומען קלינגען אַנדערש ווי תמיד. זייער דערשטיקטע ייִדי־שע בענקשאַפט האָט גענומען פריי אַרויסקלינגען פון זייערע לידער.

אמת, די ייִדיש־נאַציאָנאַלע „אָפּנייגן" זיינען ביי טייל דיכטערס געקו־מען נאָך פריִער, בעת די מלחמה־יאָרן, ווען פון די געטאָס איז אויפגעגאַנ־גען דאָס ייִדישע געשריי צו די הימלען.

אין זיין ליד „די שבועה", למשל, שווערט אַפילו איציק פעפער נקמה צו נעמען אין דעם פיינט. ער שווערט עס „דעם לאַנד פון די ראַטן" און „מיין אוראַלטן פאָלק, און מיין אַלטינקער מאַמען און טאַטן". „מיין אוראַלטן פאָלק" — איז שוין דער אָנהייב פון אַ ייִדיש־נאַציאָנאַלן „אָפּנייג".

דער קולמינאַציע־פּונקט פון פעפערס ייִדיש־נאַציאָנאַלע „אָפּנייגן" איז זיין עמאָטיוו ליד „איך בין אַ ייִד". דאָ זינגט ער ווי אַן עכטער ייִד, מיט טיפן נאַציאָנאַלן פּאַטאָס. פעפער שלאָגט־אָן אין אוראַלטע דורות ייִדישקייט;

דער ווײַן פֿון דורותדיקן דויער
האָט מיך געשטאַרקט אין וואַנדער־וועג;
די בייזע שווערד פֿון פּײַן און טרויער
קאָן נישט פֿאַרניכטן מײַן פֿאַרמעג —
מײַן פֿאָלק, מײַן גלויבן און מײַן בלי̇ען,
זי האָט מײַן פֿרײַהייט נישט געשמידט.
אונטער דער שווערד האָב איך געשרי̇ען:
איך בין אַ ייד!

און ווײַטער:

דער קלוגער קנייטש פֿון ר׳ עקיבא,
די חכמה פֿון ישעיהס וואָרט
האָבן גענערט מײַן דאָרשט — מײַן ליבע
און זי מיט האַס צונויפֿגעפּאָרט;
דער שווונג פֿון מכבייער־העלדן
אין מורדים־בלוט אין מײַנעם זידט,
פֿון אַלע שײַטערס פֿלעג איך מעלדן —
איך בין אַ ייד!

כאַראַקטעריסטיש זײַנען טאַקע די לעצטע צוויי שורות:

„פֿון אַלע שײַטערס פֿלעג איך מעלדן —
איך בין אַ ייד!״

אָבער פֿאַר זײַן „מעלדונג״ פֿון לעצטן שײַטער — פֿון סטאַלינס שײַ־טער — האָט ער מיט זײַן לעבן באַצאָלט.

אין דער לעצטער סטראָפֿע פֿאַרכליניעט זיך פֿעפֿער מיט נקמה:

און אויף צעפּיקעניש די שונאים,
וואָס גרייטן קברים שוין פֿאַר מיר,
וועל איך אונטער די רויטע פֿאָנען
נאָך האָבן נחת אָן אַ שיעור.
כ׳וועל מײַנע ווײַנגערטנער פֿאַרפֿלאַנצן
און פֿון מײַן גורל זײַן דער שמיד,
כ׳וועל נאָך אויף היטלערס קבר טאַנצן! —
איך בין אַ ייד!

שרײַבנדיק די לעצטע שורות האָט פֿעפֿער אַפֿילו קיין שמץ פֿאָרגעפֿיל נישט געהאַט וועגן זײַן טראַגישן סוף. עס זײַנען אים נישט בײַגעשטאַנען אַלע זײַנע פֿאַרדינסטן פֿאַרן סאָוויעטישן היימלאַנד, זײַן היפּער־היפּער־

פּאַטריאָטיזם; זיין פּראָפּאַגאַנדע־נסיעה צו ייִדן אין אויסלאַנד, צוזאַמען מיט שלמה מיכאָעלסן, לטובת דער רויטער אַרמיי, — ווייל דער דעספּאָט און פּאַראַנאָיקער פון קרעמל האָט נישט געקאָנט גורס זיין, אַז אַ ייִדישער פּאָעט זאָל זיך עפנטלעך דעקלאַרירן: „איך בין אַ ייִד!" וואָס „דאָס ווידער־קול פון חיפּהער האָפן הילכט־אָפּ אין זיין קול".

און אַז פעפער איז טיף אין האַרצן אַ ייִד, וואָס ווייטיקט אויפן צער פון זיין אומה, האָבן מיר עס בולט געזען און אַרויסגעפילט אויך אין די שורות פון זיין פּאַטעטישער פּאָעמע „שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ".

אָט איז ער, דער פּאָעט, אַ שאָטן צווישן שאָטנס; אָט זעט ער זיך דאָרטן אין דער ערשטער נאַכט פון פּסח. אָט שילדערט ער יענע סדר־נאַכט אין וואַרשעווער געטאָ. די הייליקע נאַכט, וואָס איז שוין געווען פול אָנגעלאָדן מיט אויפברויז פאַרן אויפשטאַנד.

אין דער דאָזיקער פּאָעמע האָבן מיר צוו״אַ אַזעלכע סטראָפעס:

...ווי שטענדיק האָט וואַרשע געריכטעט דעם סדר.
עס זיינען משפחות ביי טישן געזעסן,
די זין און די טעכטער פון וואַרשעווער עדה, —
געשלונגען חרוסת און מרור געגעסן,

ניט זיס איז געווען דער חרוסת אַצינדער
און ביטערער איז נאָך געווען דאָ דער מרור;
מיט שרעק איינעם בליק האָבן ייִדישע קינדער
געקוקט אויף דער נאַכט דער צעשיינטער און קלאָרער.

די טאַטעס די קלוגע אין קיטלען אין ווייסע,
אין קרוינען אין שוואַרצע אויף טראָגנען געבעטע,
די אָרעמע ייִדן — די מלכים פון געטאָ
דערציילט האָבן ווידער די אוראַלטע מעשה,
דעם ליכטיקן נס פון יציאת מצרים.

און ייִדישע מלכהס אין קליידער אין נייע
געשוועבט האָבן גרינגע פון טישן צו טישן;
געשוועבט האָט אין טונקל אַן אור־אַלטער סוד דאָ,
און ס'זיינען די ווערטער פון אַלטער הגדה
געפאַלן פאַרווונדעט אויף ציכטיקע קישנס.

— „עבדים היינו" — האָט ווידער געקלונגען,
מיר האָבן דאָס ברויט פון דער קנעכטשאַפט געשלונגען! —
„עבדים היינו" — די צייט איז פאַרגאַנגען,
„עבדים היינו" — און איצטער, און איצטער...

און ווייטער לייענען מיר:

ווען קומען אַ נביא? ווען קומען אַ טרייסטער?
און אויב עס ווען קומען אַ נביא, ווי הייסט ער?
און אויב עס ווען קומען אַ רעטער, וואָס וואַרט ער?
עס קוקן די מלכהס מיט אויגן מיט צאַרטע,
די מלכים פון געטאָ דערציילן מיט ציטער
ווי ס'האָבן געוויינט און געפרייט זיך די זיידעס,
די ייִדישע אותיות זיינען אַן עדות
פון רגעס, וואָס האָבן די דורות דערשיטערט,
און ס'שוועבן פאַר אויגן מיט אומרו מיט נייעם
די בלוטיקע טייכן אין אַלטן מצרים.

עס שטייען די כוסות צשוימטע און פולע.
ווען קומען בקרוב אַהער די גאולה?
עס זיינען די טונקעלע טירן שוין אָפן.
ווען קומען דער נביא? ווען קומען דער רעטער?

אַזעלכע שורות קען שרייבן נאָר אַ פּאָעט, וואָס פילט ייִדיש, וואָס איז באַהאָפטן נשמהדיק מיט דער ייִדישער אומה אין שעהען פון נסיונות.

און אַזוי ווי איציק פעפער, אַזוי אויך אַנדערע ייִדישע שרייבערס — ווער אין פערז, ווער אין פּראָזע. אַזוי לייב קוויטקאָ, שמואל ראַסין, עזרא פינינבערג, דוד האָפשטיין א״אַ. ביי אַ סך פון זיי איז געקומען צום אויס־דרוק אין זייערע שאַפונגען דאָס תמיד דערדריקטע „פּינטעלע ייִד". אין די דאָזיקע ייִדישע שטימונגען ווערט אויך געבוירן ביי דוד בערגעלסאָנען זיין „לא אמות כי אחיה"; זיין „ראובני"; דרינגט אַרויס פון צווישן די שורות דער גייסט פון ישראל סבא; די ייִדישע העראָיק, דער ייִדישער בטחון, וואָס רייסט זיך אַפילו דורך דורך די פלאַמען פון אויטאָ־דאַ־פעען; פון קאַלכ־אויוונס. פאַרנעמען זיי, די סאָוויעטיש־ייִדישע שרייבערס, אין זייערע שטי־לע מינוטן די מיסטעריע פון קידוש־השם און קידוש־העם. קלינגט עס אין זייערע געמיטער דער נצח ישראל לא ישקר.

האָבן אָט די שטימונגען ביי די ייִדישע שרייבערס שאָקירט דעם

טאָרקוועמאַדאָ פון קרעמל. דאָס, וואָס עס מעגן קאַזאַכן, טאַדזשיקן, טאָ־טערן, טורקמענער, אַפילו ציגיינערס — דאָס טאָרן נישט ייִדן! און ער האָט אין זיין מאָניאַקאַלישער טיף־פאַרבאָרגענער ייִדן־שנאה אַרויסגעגעבן זיין „רעכטער האַנט״ — בעריאַן — דעם „פּריקאַז״:

— ליקווידירן!

און אַזוי איז עס טאַקע תיכף געשען: די גרויזאַמע האַק פון דער „ג.ק.וו.ד.״ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קעפּ פון די ייִדישע שרייבערס, קינסטלערס, קולטור־בויערס; אויף דער גאַנצער ייִדישער קולטור! אַפילו דעם ייִדישן אַלף־בית האָט מען בעתן דאָזיקן פּאָגראָם אומגעבראַכט! אויס־געריסן מיטן וואָרצל! קיין שריד ופּליט נישט איבערגעלאָזט.

אַפילו די ייִדישע „אותיות מרובעות״ האָט מען געוואָרפן אין בליי־קעסלען פאַרן שמעלץ — אַזוי, אַז שפּעטער מיט יאָרן, שוין נאָכן טויט פון׳עם דעספּאָט און פאַראַנאָיִקער, ווען מ׳האָט אַרויסגעוויזן אַ „חסד״ דעם מאָסקווער רב שלייפער מיטן דערלויבן אים איבערצודרוקן אַ סידור, האָט מען נישט געהאַט אין רוסלאַנד קיין ייִדישע שריפט און מ׳האָט זיך געמוזט באַנוצן מיט אָוסעט, דורך קלישעען.

## 4

מען מוז אונטערשטרייכן, אַז די סאָוויעטיש־ייִדישע ליטעראַטור האָט טאַקע דורכגעמאַכט אַ פּעריאָד פון אַ שיינעם אויפבלי. אין יענעם פּעריאָד, וואָס האָט נישט געדויערט צו־לאַנג, האָבן טאַקע נישט ווייניקע געמיינט, אַז די סאָוויעטיש־ייִדישע ליטעראַטור שלאָגט רעקאָרדן און אין דער ייִדיש־ליטעראַרישער וועלט זיינען דעמאָלט אָנגעגאַנגען חלוקי־דעות: ווו איז דער צענטער פון דער ייִדישער ליטעראַטור — אין וואַרשע, אין ניו־יאָרק, צי אפשר אין מאָסקווע? אַזוי ווייט איז עס שוין דערגאַנגען.

פּאָעטן און פּראָזאַיִקערס האָבן געשאַפן באַדייטנדיקע ווערק, — ווערק פון קינסטלערישן ניוואָ. פאַרשטייט זיך, אַז על־פּי־רוב האָבן זיי געמוזט אויך יוצא זיין פאַר דער „ליניע״, כדי נישט צו ציִען אויף זיך דאָס אויג פון די „פּאָליטרוקן״ איבערן געדרוקטן ייִדישן וואָרט. אַ געוויסע צייט איז עס צווישן אַנדערע געווען דער רעדאַקטאָר פון מאָסקווער „עמעס״, משה ליטוואַקאָוו; אַ „געוויסע צייט״ — ווייל אויך ער, דער שטרענגער ממונה

אויף סאָוויעטישער „כשרות" אין דער ליטעראַטור, האָט דאָך טראַגיש פאַרענדיקט זיין לעבן אין דער מאָסקווער „בוטירקי"־תפיסה.

דער אויפריכטיקער גוטער לייענער האָט געוווּסט און געקענט עלימי־נירן דאָס פּסולת, וואָס דער און יענער שרייבער האָט געמוזט צושטעפּן צו זיין ווערק.

איציק פעפער, וואָס האָט נאָך משה ליטוואַקאָוון געשפּילט די ראָלע פון אַ ליטעראַרישן „פּאָליטרוק", האָט אינעם פּעריאָד פון אויפבלי געזען נאָר איין ליטעראַרישן צענטער — מאָסקווע! אין וואַרשע און ניו־יאָרק האָט ער אין דער יידישער ליטעראַטור נאָר געזען — סאָציאַל־פאַשיזם! דעקאַדענץ, ירידה!

ס'איז כדאי צו ציטירן עטלעכע בלימלדיקע פּאַראַגראַפן פון זיין בראָ־שור — אייגנטלעך פּאַמפלעט — „די יידישע ליטעראַטור אין די קאַפּי־טאַליסטישע לענדער" (כאַרקאָוו—קיִעוו, 1933).

דאָרט לייענען מיר (הערט אַ לשון!):

„די אַקטיוויזאַציע פון פאַשיזם האָט געבראַכט ביאַליקן צו זיין פּראָ־וואָקאַטאָרישער דאָלער־אינקוויזיציע־פּראָפּאַגאַנדע, וואָס ווערט געשטיצט דורך אַ ריי בורזשואַזע שרייבערס".

„צו זייערע גרויסע ליטעראַרישע „זיגן" קען מען נאָך צורעכענען י. י. זינגערס פאַרנאָגראַפיש־רבנישן „יאָשע קאַלב", לייוויקס מאַלפּע־ראָמאַנ־טיזם, זיין טרוים זיך אומצוקערן צו די צייטן פון אוראַנג־אוטאַנג, צו דער ווילדקייט, צום אוראַלטער; לעיעלעסעס פאַשיסטישע נישטיקע פּיעסע וועגן טראָצקין און סטאַלינען".

וועגן אַשן, ווּעמען פעפער קרוינט מיטן נאָמען „פּילסודטשיק", לייענען מיר:

„ער האָט זיך געשטעלט אויפן וועג פון אַוואַנטורעס, פון בולוואַרשטשי־נע. שלום אַש גייט מיט זיכערע טריט צום ערגערן שמ"ר. זיין גרויס „ווערק", די טרילאָגיע, וואָס ווערט אַזוי פלייסיק רעקלאַמירט דורך די סאָציאַל־פאַשיסטן, באַשטעטיקט אַמבעסטן אונדזער מיינונג".

אַגב: בעת פעפער און מיכאָעלס זיינען מלחמה־צייט געווען אין ניו־יאָרק, האָט פעפער פאַרגעסן זיינע אַמאָליקע פלוידערייען וועגן אַשן און ער האָט אין זיין רעדע געזאָגט: „מיר זיינען גליקלעך, וואָס יידן אין אַמע־ריקע, פונעם גרויסן געלערנטן אַלבערט איינשטיין און ביז שלום עליכמס אייניקל מיטשעל גאָלדבערג, וואָס געפינט זיך אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי,

פון סטיפען וויז ביז בען גאָלדן, פון דעם גרויסן און באַליבטן שרייבער פון אונדזער פאָלק שלום אַש און אַזוי ווייטער, פאַראייניקן זיך אין קאַמף קעגן אונדזער גרעסטן שונא".

בכן, אַ ביסל אַ קורצער זכרון.

מיר לייענען ווייטער איציק פעפערס פערלדיק מענה־לשון:

„און וואָס האָט יוסף אָפּאַטאָשו געשריבן נאָך „די פוילישע וועלדער"? און וואָס האָט נאָכן „גולם" געגעבן לייוויק? וועגן דעם רעאַקציאָנערן ווערט פון די דאָזיקע ווערק ריידן מיר איצט נישט".

„ס'איז אויך נישט שייך צו ריידן וועגן אַ מלך ראַוויטש". „זיינע לעצ־טע „קאַפּיטאַלע ווערק" האָבן זייער אַ קנאַפּן ווערט".

„די פוילישע קאַדיע מאַלאָדאָווסקי רופט זיך איבער מיט די אַמערי־קאַנער. ס'גייט אַ געוועט: ווער וועט טיפער זינקען אין די ליטעראַרישע בלאָטעס?"

„איציק מאַנגער — דער דיכטער פון מאָנאַכן, גלחים, מכשפות, קבלה, מיסטיק, זוהר, פּיפּערנאָטערס".

אַזוי צערעכנט זיך פעפער אויך מיט ראָלניקן, מיט אַהרן צייטלינען, מיט משה בראָדערזאָנען און אַנדערע:

„דאַר און טויט איז די פרעמדלאַנגערדיקע דיכטונג. חוץ דעם אַנטי־פּראָלעטאַרישן אינהאַלט אירן איז זי ,לויט איר פאָרעם, דאַר און טויט, אַנעמיש און אומבאַהאָלפן".

„טויט אַ בלעטער מלך ראַוויטשעס פאַטשקערייען. זייט רויק, כ'וועל די נייע ווערק פון דאָזיקן יונגגמאַנטשיק נישט ציטירן. נישט אינטערעסאַנט פון אַלע שטאַנדפּונקטן".

מיט איין וואָרט: אומעטום, ביי אַלע שרייבערס פון „צעפוילטן מערב" זעט פעפער נאָר איין זאַך — סאָציאַל־פאַשיזם, ירידה, רעאַקציע ר"ל!

אַזוי כאַפּן־אַריין פון פעפערן ז. סעגאַלאָוויטש, יואל מאַסטבוים און פיל אַנדערע שרייבערס.

ער שוינט אַפילו נישט אַברהם רייזענען, דוד פינסקין. אָן אויסנאַם מאַכט ער נאָר פאַר משה נאַדירן, וועלכער האָט נאָך דאַן נישט אי־בערגעריסן מיט דער „מאָרגן־פרייהייט"; האָט ער פאַר אים דעריבער גע־האַט לויב־ווערטער...

„דער שטעמפּל פון דעגראַדאַציע, פון אונטערגאַנג ליגט פעסט אויף

אַלע געביטן פון דער פרעמד־לאַגערדיקער ליטעראַטור־פּראָדוקציע" — אַזוי שרייבט פּעפּער אין דער דערמאָנטער בראָשור.

דעם איינציקן שטראַל זעט פּעפּער נאָר אין די פּראָלעטאַרישע לינקע שרייבער־גרופּעס דאָ און דאָרטן אין די מערב־לענדער.

איך האָב געבראַכט די אויבן דערמאָנטע אומזיניקע פּלאַפּלערייען פון איציק פעפערן אויפן אַדרעס פון אַ גאַנצער ריי וואָגיקע שרייבערס אונדזערע, כדי צו אילוסטרירן ווי אַזוי אַ סאָוויעטיש־ייִדישער שרייבער האָט געקאָנט ביי זיך פועלן אַזוי פּאַיאַציש צו חוזקן און קיבעצן איבער דער ייִדישער ליטעראַטור און ייִדישע שרייבערס פון „צעפוילטן מערב", כדי אַפּנים נושא חן צו זיין אין די אויגן פון זיין „נאַטשאַלסטוואָ"...

און גראָד די שרייבער־קריטיקערס פון מערב זיינען נישט צוגעגאַנגען צו דער סאָוויעטיש־ייִדישער ליטעראַטור מיט אַזאַ מידת־הדין. זיי האָבן אָפּגעטיילט די אויסגעשפּראָכענע „אַגיטקעס", די ווערק געשריבענע אויף „באַשטעלונג", און אָפּגעשאַצט ערלעך די פּאָזיטיווע שאַפונגען פון העכערן קינסטלערישן ניוואָ און זיי ניט געקאַרגט קיין שבחים, אויב זיי האָבן עס פאַר־דינט. פּשוט דערפאַר, ווייל נישט אין פּוילן, נישט אין אַמעריקע, נישט אין אַנדערע לענדער האָבן ייִדישע שרייבערס נישט געמוזט אַרונטערדרייסן אַלץ, וואָס ווערט געשאַפן אין רוסלאַנד! פּעפּער, דאַקעגן, האָט דווקא יאָ געוואָלט פון אַלץ מאַכן אַש און בלאָטע, גלייך ווי אויף עמעצנס ווונק; גלייך ווי דערמיט וואָלט ער אויסגעפירט עמעצנס אַ „באַשטעלונג"... ווייל ס'איז שווער צו גלויבן, אַז פּעפּער זאָל זיין ליטעראַרישן פּאַמפלעט (ריכטי־קער: פּלוידערײ...) האָבן געשריבן לויט אייגענער איבערצייגונג, לויט איי־גענעם געוויסן. אַזאַ פּאַמפלעט וואַרפט, פאַרשטייט זיך, אַ שווערן טונקעלן שאָטן אויף פּעפּערס פּערזענלעכקייט, און נישט בחינם זיינען אויפגעשווומען קעגן אים טענות, תרעומות און חשדים...

און דאָס איז אויך כאַראַקטעריסטיש, ווי ווייט די גייסטיקע אינקוויזי־ציע איז דערגאַנגען אויף יענער זייט פון „אייזערנעם פאָרהאַנג". אַן איב־קוויזיציע איבערן גייסט פון אַ ליטעראַטור. און טאַקע אָט די באַרויבטע פרייהייט פון די שרייבערס איז דער ערשטער טייל פון זייער דראַמע, פאַרן אָנקומען פון צווייטן טייל — דעם פיזישן אומקום.

מיר אָבער, — מיר פון דער ברייטער און פרייער מערב־העמיספער, — האָבן פון דעסט וועגן אַלע פאַרקוקט אויף די גרילצנדיקע טענער, וואָס האָבן זיך אָפּט געהערט פון מאָסקווע, פון געוויסע ייִדישע שרייבערס, וואָס

האָבן זיך געזעגנט געצוווּנגען צו זינגען „הלל", — אַבי די ליטעראַטור האָט דאָרט געבליט; אַבי שרייבערס האָבן געשאַפן; אַבי פּאָעטן האָבן געזונגען. ווען מיר האָבן אָפּגעוואָרפן אין ים אַריין דעם פסולת פון יעדן שרייבער און פּאָעט, די שאַפונגען פון טענדענציעזן כאַראַקטער, איז דאָך נאָך פאַרט געבליבן ביי יעטוועדן פון זיי אַ סך, אַ סך פּערל פון קינסטלערישן ווערט. האָבן מיר אַלע געדענקט דוד בערגעלסאָנען פון „אַרום וואָקזאַל", פון „נאָך אַלעמען", פון „אָפּגאַנג" און אַנדערע ווערק פון הויכן קינסטלערישן גראַד. זיינען מיר צוגעגאַנגען מיט רעזערוו, מיט קריטישן צוגאַנג צו זיינע שאַפונגען פון מאָסקווער פּעריאָד — צו „פּענעק", צו „בירא־בידזשאַנער", צו „ביים דניעפּער" — וועלכע האָבן שוין געשמעקט מיט טענדענציעזקייט, מיט „סאָצ־באַשטעלונג" און וועלכע האָבן שוין שטאַרק געזינדיקט קעגן קינסטלערישן אמת.

אויפן זעלביקן אופן האָבן מיר עלימינירט די אַלע גרילצנדיקע, פּאַלשע אַקאָרדן פון אַ איציק פעפער, פון אַ פּרץ מאַרקיש און אַנדערע פּאָעטן — און מיר האָבן זיך געפרייט מיט זייערע אמת־קינסטלערישע לידער און פּאָעמעס, און מיר האָבן זיי תמיד מצרף געווען ווי די קינסטלערס פון וואָרט און פערז צו דער שרייבער־משפּחה אין דער וועלט. מיר האָבן סוף־כל־סוף ווייל פאַרשטאַנען, אַז זייער „ליטעראַרישער פסולת" איז אַ פּועל־יוצא פון זייער ספּעציפישן מצב; אַ מצב פון מאַראַנען.

מיר האָבן אויך נחת געהאַט פון די גרויסע דערפאָלגן פון מאָסקווער ייִדישן קאַמער־טעאַטער, בראש פונעם בינע־מייסטער שלמה מיכאָעלס. אַ טעאַטער, וואָס האָט זיך דערוואָרבן אַזאַ גוטן שם סיי מיט זיין אַנסאַמבל פון טאַלאַנטירטע אַקטיאָרן, סיי מיט זיין ערנסטן רעפּערטואַר. אַחוץ מענדעלעס „מסעות בנימין השלישי", שלום עליכמס „טוביה דער מילכיקער" און „200.000", שעקספּירס „קעניג ליר", אינסצעניזאַציעס פון גאָלדפאַדענס טעאַטער־שטיק זיינען דאָרט געוואָרן אויפגעפירט אויך פיל ווערק פון היינטצייטיקע שרייבערס, ווי: ל. רעזניקס „דער אויפשטאַנד", דאָברושינס „דער געריכט גייט", בערגעלסאָנס „דער טויבער" און „מידת הדין", דאַניעלס „4 טעג", אָרלאַנדס „הרעבלעס" (אַן אינסצעניזאַציע לויט אָרלאַנדס פּראָזע־ווערק), פּרץ מאַרקישעס „נישט געדאַגהט", ש. האַלקינס „שולמית" און „בר־כוכבא"; „הערשעלע אָסטראָפּאָליער" און פיל אַנדערע פּיעסעס.

אויף די פאָרשטעלונגען פון מאָסקווער קאַמער־טעאַטער פלעגט מען זען אַחוץ ייִדן — אויך אָפילו רוסן, אַזוי פּאָפּולער איז ער געוואָרן.

אָבער דאָס האָט נישט גורם געווען, אַז עס זאָלן אַ ציטער טאָן די הענט ביי די מערדערס פון שלמה מיכאָעלסן און בנימין זוסקינען; אַז עס זאָל אויפגעהאַנגען ווערן אַ שלאָס אויף יענעם קונסט־טעמפּל.

## 5

עס זיינען עדות די ייִדישע שרייבער־פּליטים פון פּוילן, וועלכע זיינען בעת די מלחמה־יאָרן געווען אין מאָסקווע, אַז מיטן האַרץ און נשמה זיי־נען די סאָוויעטיש־ייִדישע שרייבערס תמיד געווען פאַרבונדן מיטן ייִדישן שרייבער־כּלל אין דער וועלט. און נישט נאָר מיט די שרייבערס, נאָר זיי האָבן זיך בכלל געפילט ווי שפּליטערן פון ייִדישן פאָלק אין זיין צעשפּריית־קייט. דאָרטן, אין רוסלאַנד, האָבן מיר, די שרייבער־פּליטים, גוט דער־קענט די סיטואַציע און גוט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס דער אָדער יענער פּאָעט האָט געמוזט אַ מאָל זינדיקן מיט אָדעס צו סטאַלינען.

זיי, די סאָוויעטיש־ייִדישע שרייבער־מאַראַנען, האָבן בשום אופן נישט געקאָנט דעמאָנסטרירן עפנטלעך זייערע סימפּאַטיעס, זייער צוגעבונדנקייט צו דער ייִדישער וועלט אין „צעפּוילטן מערב".

והאָ ראיה: דעמאָלט, ווען זיי האָבן געמיינט, אַז „מען מעג שוין"; אַז מען קאָן זיך שוין יאָ אָנשליסן אָן ייִדישן כּלל אין דער וועלט און צו ישראל — האָבן זיי ביטער באַצאָלט דערפאַר. קיין שום זכות איז זיי דעמאָלט נישט בייגעשטאַנען: נישט דער „הלל", נישט די אָדעס צום טיראַן.

כּדאַי דאָ צו דערמאָנען אַ כאַראַקטעריסטישן פאַל:

נאָך דער אַזוי־גערופענער „שיקאָרסקי־אַמנעסטיע", ווען כ׳בין אַרויס פון סאָוויעטישן לאַגער (כ׳האָב געהאַט דעם „כּבוד" און דאָס „פּאַרגעניגן" צו פאַרברענגען העכער אַ יאָר דאָרט, ווו „די ווייסע בערן"), בין איך אָנ־געקומען קיין טאַשקענט. כ׳בין דעמאָלט געווען קרוע־בלוע. נאַקעט, הונגע־ריק און אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. ס׳איז געווען אַ טאַשקענטער רעגנדיקער דעצעמבער אין 1941. קומען איין טאָג צו מיר צוויי וואַנדער־חברים — ייִנגע־רע שרייבערס פון וואַרשע — מרדכי אַלעי און ד. זאַקאַליק — און דער־ציילן מיר אַ נייס: מאַרקיש, פעפער, בערגלסאָן זיינען אין טאַשקענט; אַז איך זאָל זיך אומבאַדינגט גיין זען מיט מאַרקישן, מיט וועמען כ׳בין גוט באַקאַנט פון זיין וואַרשעווער פּעריאָד אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן,

אפשר וועט ער עפּעס קענען טאָן פאַר אונדז? איך האָב אָבער בשום אופן נישט מסכּים געווען און כ׳בין צו מאַרקישן נישט געגאַנגען — פשוט דערפאַר, ווייל כ׳האָב אים נישט געוואָלט שטעלן אין אַ דעליקאַטער לאַגע און אפשר אין געפאַר. זען זיך מיט אַ מענטשן פון לאַגער! און דערצו נאָך אין אַזאַ הולך! *

אין רוסלאַנד האָב איך שוין אַנדערש באַגריפן דעם ענין.

און נאָך אַ כאַראַקטעריסטישער פאַל:

אויף דעם זעלבן פּרץ מאַרקישן, ווי אויף אַנדערע סאָוויעטיש־ייִדישע שרייבערס, וועלכע האָבן באַזוכט ביאַליסטאָק, גראָדנע אין 1940, האָב איך געהאַט געטראָגן אַ פאַרדרוס. אין יוני־יולי פון יענעם יאָר האָט די „נ.ק.וו.ד.״ אין די אָקופּירטע ראַנד־געביטן פון פּוילן דורכגעפירט אַן אַקציע פון גרויסן פאַרנעם: זי האָט געמאַכט אָבלאַוועס און צעשיקט אין די לאַגערן עטלעכע הונדערט טויזנט פּליטים פון פּוילן: ייִדן, וואָס זיינען אַנט־לאָפן פון די נאַציס און געזוכט שוץ אונטערן „האַמער און סערפּ״. כ׳בין געווען איינער פון זיי. און אָט, אין מיטן די אָבלאַוועס, שרייב איך פון גראָדנע צו לעאָ פינקעלשטיין קיין ביאַליסטאָק און אַליאַרמיר אים: „זעט זיך מיט מאַרקישן און פעפערן. אַליאַרמירט זיי, מ׳זאָל ראַטעווען די שרייבערס״. אָבער פינקעלשטיין האָט מיר געענטפערט אַ רעזיגנירטער: „נישטאָ צו וועמען צו ריידן — ווי צו אַ טויבער וואַנט. פאַרפאַלן, מיר מוזן אויסטרינקען דעם כּוס ביטערקייט ביזן דנאָ״... **

נו, בין איך דערפאַר געהאַט געווען ברוגז אויף די ייִדישע שרייבערס פון מאָסקווע פאַר וואָס זיי האָבן אונדז נישט געראַטעוועט פון לאַגער. זייענדיק אָבער אין רוסלאַנד האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן גאָר־נישט געקאָנט טאָן פאַר אונדז. אין רוסלאַנד טאָר מען נישט אָנווייזן אויף עוולות. אין סאָוויעטישן רוסלאַנד מוז מען נאָך בענטשן די רוט, וואָס שמייסט.

אין רוסלאַנד איז נישטאָ קיין שום אינדיווידועלע איניציאַטיוו, קיין אינדיווידועלער ווילן. אַלץ מוז געטאָן ווערן אין הסכם מיט דער „ליניע״, וואָס ווערט באַשטימט פון אויבן — פון קרעמל. און ביי דעם ערשטן „אָפּ־נייג״ מצד די סאָוויעטיש־ייִדישע שרייבערס אין דער ריכטונג צום ייִדישן

* זע מיין ווערק „אויף שליאַכן פון הפקר״, באַנד I, ז״ז 122, 123, 124.

** זע מיין ווערק „קנעכט זיינען מיר געווען״, באַנד I, ז׳ 204.

כלל אין דער וועלט, צו ישראל — איז, ווי דערמאָנט, געקומען די קאַטאַסטראָפע; איז געקומען די שטראָפנדיקע רוט פון קרעמל; איז געקומען דער גרויל־אַקט אין נוסח פון סטאַלינס געוועזענעם פאַרבינדעטן — אין נוסח־היטלער. איז געקומען דער טראַגישעד פינאַל אין 1952 — „צום ווענטל“...

טויט! פאַרניכטונג! פאַרטיליקונג פון די בעסטע יידישע וואָרט־זאָגערס, פון די שעפערס און קינסטלערס און פון דער גאַנצער יידישער קולטור. גענאָסיד!

דאָס יידישע לשון איז מיט איין מאָל פלוצלונג אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון עפנטלעכן לעבן. חרם! גזר־דין! אַ גזר־דין אויף דעם לשון יידיש, וואָס איציק פעפער האָט אַזוי האַפערדיק באַזונגען אין זיין ליד „יידיש“:

יידיש שמעקט מיט פרוכט מיט רייפער,
יידיש שמעקט מיט פויסט מיט שטייפער,
ס'האָט די שפּראַך אַ דאַך אַ גרויסן
און אַ פרעכטיקן אינדרויסן,
ווי אַ גלייכע צווישן גלייכע
גיט זי קיינעם זיך נישט אונטער:
ווי אַ רייכע צווישן רייכע
קלינגט זי יום־טובדיק און מונטער!

אין זעלבן ליד איז אַפילו פאַראַן אַ סטראָפע, וואָס פאָלעמיזירט מיט פרצן:

ביי דעם גרעסטן דרך ארץ
צו דעם גרויסן שרייבער פרץ
מוז מען דאָ מיט ווערטער קלאָרע
מאַכן אויס פון זיין השערה:
אַנדערש גאָר זיין ליד וואָלט קלינגען,
ווען ער זאָל נישט יידיש זינגען.

דאָס באַציט זיך צו פרצעס „מאָניש“, צום ערשטן פעריאָד זיינעם אין דער דיכטונג, ווען פרץ האָט זיך מתנצל געווען:

אַנדערש וואָלט מיין ליד געקלונגען,
ווען כ'וואָלט פאַר גוים גויש זינגען.

אָבער, זעט אויס, די פינצטערע כוחות, וואָס האָבן אויף יידיש אַרויפ־

געלייגט אַ שלאָס, האָבן זיך נישט גערעכנט מיט פּעפּערס האָפּערדיקייט, אַז —

„ס'האָט די שפּראַך אַ דאַך אַ גרויסן
און אַ פּרעכטיקן אינדרויסן".

און ווו עס לעבט נאָך עמיצער פון די ייִדישע שרייבערס אין סאָוויעט־רוסלאַנד, זיצט ער ביחידות אויף אַ שבעה־בענקעלע נאָך דער פאַרשני־טענער ייִדישער קולטור. „עמיצער" — אָבער שוין נישט פּעפּער אַליין, דער מחבר פון ליד „ייִדיש" — ער איז דאָך שוין לאַנג נישטאָ צווישן די לעבעדיקע.

היינט די פאַרגלויבטקייט און פּאַטריאָטיזם פון אַ פּרץ מאַרקיש?

לאָמיר פון די אַלע פאַרטיליקטע שרייבערס איצט אויסטיילן מאַר־קישן. לאָמיר אַ שטייגער דערמאָנען זיין לעצט בוך „מלחמה", וואָס איז דערשינען אין 1948, ד"ה אין זעלבן יאָר, ווען ער איז שוין אַריבער אין רשות פון „נ.ק.וו.ד." די דאָזיקע עפּאָפּייע מאַרקישעס — מ'קאָן זאָגן זיין שוואַנען־געזאַנג — איז, אַחוץ אירע גרויסע קינסטלערישע וואַלאָרן; אַחוץ אירע ייִדישע מאָמענטן, גלייכצייטיק אויך דער טיפסטער אויסדרוק פון סאָוויעטישן פּאַטריאָטיזם.

די דאָזיקע פּאָעמע, צעוויקלט אויף אַ ברייטן לייוונט, איז כולל אַ שלל בילדער, אַ שלל עמאָציעס. איר האָט דאָרט די ייִדישע עקידה און די ייִדישע גבורה, די ייִדישע העראָיִק. איר זעט דאָרט געטאָס, פּאַרטיזאַ־נער־קאַמפן, אויפשטאַנד, מרידה קעגן די נאַצישע רוצחים. ווי מייסטער־האַפט שילדערט מאַרקיש די צוגן, וואָס האָבן געפירט ייִדן אין די גאַז־קאַמערן. ייִדן פון פּראָג און אַמסטערדאַם, פון פּאַריז און אַטען, פון האַמ־בורג און אַנטווערפּן.

מאַרקיש צעוויקלט די גאַנצע ייִדישע טראַגיק.

און אין מיטן די אַלע קינסטלערישע שילדערונגען פאַרגעסט אויך נישט מאַרקיש צו צאָלן זיין מס, זיין שטייער סטאַלינען:

נאָר זיכער האָט דער קרעמל זיך געטראָגן אין דער הויך.
אין מאָסקווע ביי דעם רודער איז געזעסן סטאַלין.

אין וואָסער הערואָישער פּאָזע שטעלט עס אַוועק מאַרקיש סטאַלינען אין קאַפּיטל „סטאַלינס באַפעל". נאַפּאָלעאָן לגבי אים איז געווען אַ קאַרליקל...

הערט, אַ שטייגער:

„איבערן האַלדז פאַרטאָן אין אויפשטייג פון אוראַל,
נישט אָפּגעווענדט דאָס אויג פון די קאַווקאַזער הייכן,
און טראַגנדיק די וואַך אויף ראַנדן איבעראַל,
צווישן אַש און בראַך און שרפהדיקע רויכן,
אין זאָרג פאַר יעדער קלייניקייט געשפּאַנט,
דאָס בלוט דאָס טריפנדע פון געגנטן פאַרהאַמענד,
האָט ער נאָך צוועלף חדשים אויסהערן דאָס האַרץ פון לאַנד
געשריבן דעם באַפעל, פונקט ווי אַזאַ קאַרדיאָגראַמע
פון טעג און נעכט אין כוואַליקן צעוויג,
אין שטורעם פון צעשטערונג און פון פיינען.“

אָבער אויך אַזעלכע „קאָמפּלימענטן“ האָבן נישט ווייכער געמאַכט דאָס שטאָלענע האַרץ פון קאַלטן גזלן לגבי זיין באַזינגער.

## 6

איך מוז דאָ ווידער דערמאָנען מיין לאַגער אין קאָמי־אַסס״ר. ווי אַ געוועזענער „זע־קאַ“ („זאַקליוטשאָנני“), אַ פאַרשלאָסענער אין אַ שווערן קאָנצענטראַציע־לאַגער אויפן ווייטן צפון, פלעג איך דאָ צווישן היימישע לכתחילה אַרויסזאָגן די מיינונג, אַז די פאַרשטומטע ייִדישע שרייבערס זיינען נישט אומגעבראַכט געוואָרן פיזיש; אַז איצט האַלט מען זיך דאָרט ביי דער סיסטעם פון שקלאַפן־אַרבעט. אַ קלייניקייט, אומזיסטע מיליאָנען שקלאַפן־הענט!... איך האָב נאָר נישט געגלויבט, אַז די שרייבערס האָבן געקאָנט לאַנג אויסדויערן אין דער קאַטאָרגע. כ׳בין זיכער געווען, אַז כמעט אַלע זיינען ביסלעכווייז אויסגעגאַנגען מיט אַ נאַטירלעכן טויט מחמת די גרויזאַמע לאַגער־באַדינגונגען (אויב דאָס קאָן בכלל הייסן אַ „נאַטירלעכער טויט“). האָב איך דאָך דאָרטן אין לאַגער אויך געוווּסט, אַז בשכנות פון מיין „זאָנע“, אין אַן אַנדער לאַגער, לעבט דער ייִדיש־רוסישער שרייבער איסאַק באַבעל (דער מחבר פון „קאָנאַרמיאַ“); אַז איסאַק באַבעל האָט גראָד אַ גרינגערע אַרבעט — ער אַרבעט אַלס „קאָניוך“ ביי פערד (דאָס האָט מיר דערציילט איינער אַ לאַדזשער געוועזענער קאָמוניסט, וועלכער איז איבערגעפירט געוואָרן אין מיין לאַגער. איך זאָג, אַגב, „געוועזענער קאָמוניסט“, ווייל אין לאַגער ווערט מען פולשטענדיק גע־

היילט פון דער דאָזיקער מחלה...). אָגב לויט לעצטע ידיעות איז שוין אויך באַבעל לאַנג אויפן עולם האמת. אַפילו אַלס „קאַניוך" האָט ער לאַנג נישט געקאָנט אָנצין.

אין מיין לאַגער גופא האָבן זיך געפונען אויך אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן; אַ רעדאַקטאָר פון אַ פּראָווינציעלער רוסישער צייטונג הינטער מאָסקווע; געוועזן אויך די פּרוי פון באַקאַנטן ייִדיש־סאָוויעטישן דיפּלאָמאַט אַדאָלף יאָפע. מ׳האָט זיי געטאָן דעם חסד און נישט אומגעבראַכט „ביים וועגטל". נו, דערפאַר טאַקע בין איך זיכער געוועזן, אַז איצט בדרך כלל פּראַקטיצירן שוין נישט די באָלשעוויקעס, ווי אין ערשטן פּעריאָד, „ק׳סטיענקע".

דעריבער איז פאַר מיר, דעם געוועזענעם „זע־קאַ", געווען אויסער אַ דערשיטערונג, אויך אַן איבערראַשונג, ווען ס׳איז אָנגעקומען די באַשטעטיקטע גרויליקע ידיעה וועגן דעם פיזישן אומברענגען פון די סאָוויעטיש־ייִדישע שרייבערס אין 1952.

פאַר וואָס טאַקע אַזאַ גרויל־אַקט? זיינען די שרייבערס דען געווען קאָנטררעוואָלוציאָנערן? האָבן זיי זיך דען פאַרמאָסטן אויף סטאַלינס „בענקל"? פאַר וואָס אַזאַ פינצטערער גזר־דין אויף אַ גאַנצן קאָלעקטיוו? אויף אַ קולטור פון אַ פאָלק? צי „ייִדישע סענטימענטן" זיינען אַזאַ מוראדיקער פאַרברעכן, פאַר וואָס מען איז חייב מיתה?

גיי פרעג קשיות אויף דעם נעאָ־פאַשיזם, וואָס פּוצט זיך אין רויטע פעדערן.

## 7

ווי האָבן רעאַגירט די ייִדישע שרייבערס אין די סאַטעליטן־לענדער און די „פּראָגרעסיווע" שרייבערס אין די דעמאָקראַטישע מערב־לענדער אויף דער מוראדיקער טראַגעדיע פון די ייִדישע שעפערס אין רוסלאַנד?

זיי האָבן גאָרנישט רעאַגירט! אַדרבה, זיי האָבן געלייקנט שטיין און ביין; אַז לא דובים ולא יער; אַז די אַלע קלאַנגען פאַרשפּרייטן ייִדישע שרייבערס און זשורנאַליסטן, כדי צו באַשמוצן דעם ראַטנפאַרבאַנד.

דערמיט זיינען זיי געוואָרן שטילע מיט־שותפים צום גרויזאַמען פאַרברעכן. ווייל זיי אַלע האָבן גוט געוווּסט, פּונקט ווי מיר, וועגן דעם מוראדיקן גענאָסיד איבער די ייִדישע שרייבערס און דער ייִדישער קולטור.

ערשט שפּעטער — נאָך כרושטשאָווס רעוועלאַציעס אויפֿן 20סטן קאָמוניסטישן פּאַרטיי־קאָנגרעס אין קרעמל — איז געקומען די „אָדליגע״. דער קאַלטער שניי האָט ביסלעכווייז גענומען זיך שמעלצן. ס׳האָט אַ בלאָז געטאָן אַ פרישער ווינטל און שרייבערס — לכתחילה רוסישע — האָבן גענומען אויסזאָגן פון חדר. קומט אַרויס באָריס פּאַסטערנאַק מיט זיין „ד״ר זשיוואַגאָ״; קומט אַרויס סאָלזשעניצין מיט זיין לאַגער־באַשרייבונג „איין טאָג אין לעבן פון איוואַן דעניסאָוויטש״; קומט אַרויס יעווטושענקאָ מיט זיין „באַבי יאַר״ וכדומה.

קומען נאָך דעם אויך אַרויס יידישע שרייבערס — קאָמוניסטן אין סאָוויעטיזירטן פּוילן מיט ווידויים. אַפילו אַזאַ קאָמוניסטישער דיכטער ווי בינם העלער פון וואַרשע* האָט באַקומען קוראַזש און זיך דערלויבט אַזעלכע פערזן:

און אפשר פאַלט אַ טייל פון אָט דער שולד
אויף מיר — דערפאַר וויַל איך האָב אויך געשוויגן?
די שרעק האָט מיך פאַרגליווערט און צעדולט
און איך האָב נישט געוועוט זיך קעגן ליגן.

און ווייטער אַ ביסל:

פּחדנות האָט דערנידערט אויף דער ערד
און איינער פאַרן צווייטן האָט פאַרבאָרגן.
דעם פריינטס געשריי מען האָט אָפט נישט דערהערט,
און אָפטער אויך — דאָס אייגענע דערוואָרגן.
ווי אַ מגפה האָט דער שוואַרצער חשד
אין הערצער אויסגעמאָרדעוועט דעם גלויבן.
דעם מוט האָט מען געשטעמפּלט פאַר פאַרראַט,
דעם בילבול — צו אַ העלדישקייט דערהויבן.
דעם פּסק האָט מען דערלאַנגט פאַר דעם געריכט
געהיימערהייט, פון פריִער שוין אַ גרייטן.
פון שאַנד און צאָרן האָט געזידט דאָס ליכט,
געוואַרט, אַז איינער כאָטש זאָל אַ געשריי טאָן,
אַז איינער כאָטש זאָל וואַגן זאָגן: ניין!
נאָר אָט דער איינער האָט זיך נישט באַוויזן, —
מען האָט אים אויסגעהאַקט פון מויל די ציין.

* בינם העלער האָט שוין זינט יאָרן פאַרלאָזט פּוילן און — אַן אויסגעניכטערטער — פאַרלאָזט אויך די קאָמוניסטישע רייען.

און אַז בײַם העלער פֿון פֿאָלקס־דעמאָקראַטישן וואַרשע האָט געקאָנט אַרויסגיין מיט אַזאַ עפּנטלעכן ווידוי, האָט זיך שוין דער קאָמוניסטישער פּאָעט ז. ווײַנפּער פֿאַרגונען אַרויסצוטרעטן אין פֿרייען ניו־יאָרק מיט אַ דרייסטן „קדיש” און דווקא אין דעם „איקוף”־זשורנאַל „ייִדישע קולטור”:

יתגדל ויתקדש, ברידער מײַנע, שוועסטער מײַנע —
קדושים וטהורים!
פֿאַרשאָלטן און באַפֿלעקט זאָל ווערן
דאָס געדעכעניש פֿון יענעם,
וואָס האָט גורם געווען
אַזוי פֿיל בלוט אומשולדיקס
אויף זײַן וויסטן מזבח.
געמיינט — אַ כּהן גדול בײַ עבֿודה
און זע — אַ פּשוטער רוצח!”

די דאָזיקע און ענלעכע שטימען אין יענעם לאַגער זײַנען נאָר אַ באַשטעטיקונג פֿון דער שפֿלות, פֿון דער געפֿאַלנקייט און הכנעה, אין וועלכער עס זײַנען געצוווּנגען צו לעבן די פּען־מענטשן פֿון אַזוי גערופֿענעם „פּראָגרעסיוון” לאַגער און אַוודאי די שרײַבערס הינטערן „אײַזערנעם פֿאָרהאַנג”, ווו, ווי בײַם העלער קלאָגט שפּעטער:

„פּחדנות האָט דערנידערט אויף דער ערד
„און אײנער פֿאַרן צווייטן האָט פֿאַרבאָרגן”...

זייער טרעפֿלעך און מיט טיפֿן אויפֿריכטיקן ווייטאָג קלינגען ה. לייוויקס ביטערע רייד צו די דאָזיקע לײַט, וואָס האָבן יאָרנלאַנג פֿאַרשוויגן די דערמאָרדונג פֿון די ייִדישע שרײַבערס און ייִדישער ליטעראַטור אין סאָוויעט־רוסלאַנד. דאָס קומט צום אויסדרוק אין זײַן ליד „בנים פֿון אַרמילוס”: *

אַכטע לאַנגע יאָר האָט איר פֿאַרברעכעריש געשוויגן און פֿאַרשוויגן
דעם אומקום מאַרקישעס און בערגעלסאָנס, געשטומט געמיין,
און איצט פֿאַרשלײַערט איר דאָס שווײַגן מיט אַ ניי־מאַסקירטן ליגן
בשעת איר וואַרפֿט אין אײַער אייגענעם געקרוינטן געץ אַ שטיין.

* אַרמילוס — אַ לעגענדאַרע געשטאַלט, אין משיחס צײַטן; געבוירן פֿון אַ שטיין, זײַן הויפּט־שטריך: ער איז אָן אַ געוויסן.

צי זענט איר ניט געווען מיט אים איין בונדשאַפט פון פאַרניכטער?
צי האָט איר ניט געצערטלט זיינע קוילן און זיין טורמע־קנוט?
אָ, בנים פון אַרמילוס, מיט די קרום־פאַרשמייכלטע געזיכטער,
אויף אייער קאָפּ פאַלט כאַריקס, קוויטקאָס, האָפּשטיינס בלוט.

דעם ווייטאָג אונדזערן האָט איר פאַרשפּיגן און פאַרשפּאָטיקט,
געגאַרט האָט איר אי זיך, אי פריינט מיט שקרדיקער טרייסט;
אויך איצטער, ווען איר וואַרפט אום אייער אָפּגאָט און פאַרבלאָטיקט,
איז טוט איר עס דערפאַר נאָר וויל אַן אַנדער אָפּגאָט הייסט.

איר, בנים פון ארמילוס — שטייניקע ווי אייער טאַטע —
אַ נעמט כאַטש איצט דעם שמייכל־שמינק פון אייער ליפּ אַראָפּ;
באַווייזט אַ נס: זיצט שבעה לעבן קולבאַקס טורמע־גראַטע,
און טוט זיך אָן אין זעק און קלאָגט און רייסט די האָר פון קאָפּ!

***

איצט שטייען מיר אַלע אין דמיון איבער די נאָמענלאָזע קברים פון די פאַרטיליקטע שרייבערס, ערגעץ אין די פאַרוואָרפענע טייגעס, און מיר מאַכן דעם טרויעריקן סך־הכל, — אַ סך הכל פון אַ ליטעראַטור אין קייטן. דער שלייער פון דער טראַגעדיע איז אַראָפּגעריסן און מיר זעען אַלץ אַזוי קלאָר, אַזוי מוראדיק קלאָר.

איז אַ חידוש, וואָס אַ ליטעראַטור איז געגאַנגען באַרג־אַראָפּ? וואָס דער מאָסקווער ליטעראַרישער צענטער איז געוואָרן דעגראַדירט? די שרייבערס פאַרשקלאָפּט? דערשטיקט דער קינסטלערישער ניצוץ? דער אויפּבליק פון זייערע נשמות?

ס'האָט זיכער יעדער פון די פּען־מענטשן אין זיין אַליין־פּייניקונג ביחידות, אין זיין ווידוי, געקלאַפּט זיך אַליין „על חטא" פאַר די ליגנערישע רייד, פאַר די פאַלשע, געצנדינערישע פּזמונים צו דעם מאַניאַקאַלישן אָפּגאָט.

די דערשיטערנדיקע דראַמע פון די פאַרטיליקטע סאָוויעטיש־ייִדישע שרייבערס האָט נאָך עד היום איר המשך אין דעם גייסטיקן גענאָסיד איבער דעם איזאָלירטן ייִדישן דריי־מיליאָניקן קיבוץ איבעם לאַנד פון דער ליגנערישער „גאולה"...

# די אָקופּאַציע פון וואַרשעווער „מאָמענט" *)

זינט 1930 איז דער וואַרשעווער „מאָמענט" געווען אַ קאָאָפּעראַטיוו. די פּריִערדיקע באַלעבאַטים (צבי פּרילוצקי און זיין זון נח פּרילוצקי, די ברידער חיים און אַברהם פּרושאַנסקי און אליעזר זילבערבערג) האָבן זיך צו שפּעט געכאַפּט, אַז דער „מאָמענט" איז ערב באַנקראָט און זיי האָבן פאַררופן די פּערסאָנאַלן, ווען זיי האָבן אָנגעבאָטן די אונטערנעמונג — מיט איר אַקטיוו און פּאַסיוו. די חובות האָבן באַטראָפן שווערע צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן. בלויז דער מינכענער פירמע „גראַפיקאַ", ביי וועלכער מ'האָט איינגעקויפט די מאָדערנסטע ראָטאַציע־מאַשין און לינאָטיפּן, איז מען שולדיק געווען 82 טויזנט דאָלער.

ס'איז געווען אַ דראַמאַטישער מאָמענט פאַר דער צייטונג. איינער פון די באַלעבאַטים, חיים פּרושאַנסקי, איז מחמת עגמת־נפש באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד...

חיים פּרושאַנסקי איז געווען דער איניציאַטאָר פון אַ ריי אינוועסטי־ציעס אין „מאָמענט": דאָס אויסבויען דעם נייעם „מאָמענט"־בנין אין דריטן הויף נאַלעווקעס 38, — אַ בנין, וואָס איז לכתחילה געבויט געוואָרן נישט ווי אַן אייגנטום פון דעם פאַרלאַג, נאָר פאַרן באַלעבאָס, ווען מען האָט געדאַרפט באַלד פון ערשטן טאָג אָן נאָך צאָלן דירה־געלט. אַחוץ דעם די ריזיקע אונטערנעמונג פון קויפן די גרויסע מאָדערנע ראָטאַציע־מאַשין, וואָס האָט געקאָסט דרוקן די צייטונג אין עטלעכע קאָלירן, — דאָס אַלץ האָט גורם געווען, אַז דער „מאָמענט" זאָל מוזן אָנקומען צו „ליכוויאַ־זשעס", ווען מ'האָט געמוזט צאָלן חודשלעך איבערגעשרויפטע ציִנזן. און אַז עס האָט זיך דערנענטערט דער צוזאַמענברוך, האָט עס באַזונדערס

---

* פראַגמענט פון אַ גרעסערער אַרבעט.

געטראָפן דעם דערמאָנטן הויפּט־איניציאַטאָר און עס האָט אים פּסיכיש דערפירט צו זיין פאַרצווייפלטן שריט.

נישט געקוקט אויף די דאָזיקע שווערע באַדינגונגען האָבן אַלע דריי פּערסאָנאַלן — העכער הונדערט משפחות — איבערגענומען די צייטונג און זי פאַרוואַנדלט אין אַ קאָאָפּעראַטיוו; האָבן זיך אונטערגענומען צו טראָגן אַלע לאַסטן, ברענגען קרבנות — אַבי די אַלטע פּאָפּולערע צייטונג זאָל נישט אונטערגיין.

נאָך יאָרן ראַנגלעניש האָט זיך די צייטונג לסוף — שוין אין 1937 — געמוזט ווענדן צום געריכט וועגן אַ „נאַדזור סאַנדאָווי" (געריכט־אויפזיכט), כדי צו באַקומען אַ מאָראַטאָריום אויף די חובות און אַזוי אַרום דערגרייכן אַ געוויסן גלייכגעוויכט און סאַנירן די אונטערנעמונג. דאָס איז געטאָן געוואָרן לויט דער עצה פון באַקאַנטע יידישע פינאַנסיסטן און זאַכקענערס.

דער געריכט־אויפזיכט אין „מאָמענט" האָט געגעבן גוטע רעזולטאַטן און די „מאָמענט"־משפחה האָט שוין געהאַט אַ גרונט צו האָפן, אַז עס קומען ווידער „גוטע צייטן".

און נישט קיין חידוש: די פּערסאָנאַלן אַרבעטן דאָך כסדר פאַר הונגער־לוינען און אין דער גאַנצער ווירטשאַפט גייט אָן די גרויסע שפּאָרזאַמקייט. קיין חובות צאָלט מען דאָך אויך נישט דערווייל אַ דאַנק דעם מאָראַטאָריום. אַזוי אַז אין „פּ. ק. אָ." (פּוילישע אָפּשפּאָר־קאַסע) און אין דער באַנק־קאָנטאָ איז אויסגעוואַקסן אַ געוויסער קאַפּיטאַל.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָט די אָנפירונג פון „מאָמענט", נאָך אַ באַראַטונג מיט די זעלביקע פינאַנסיסטן און זאַכקענערס געקומען צום באַשלוס, אַז מיר קענען שוין אָנהייבן מאַכן שריט אַראָפּצונעמען דעם געריכט־אויפזיכט. דערצו איז קודם־כל נייטיק געווען אַדורכצוקומען אויף אַ פרידלעכן אופן מיט די קרעדיטאָרן. מ'האָט אָנגעהויבן פירן אונטערהאַנדלונגען מיט יעדן איינציקן בעל־חוב באַזונדער. אַזוי האָט מען אַלעמען אויפגעקלערט, אַז דער איינציקער אויסוועג סיי פאַר אונדז, סיי פאַר זיי, איז רעגולאַציע פון די חובות. מ'האָט איטלעכן פאָרגעלייגט אין פּרינציפּ צו שניידן די חובות אויף אַ העלפט. און די העלפט איז די אונטערנעמונג גרייט אויסצוצאָלן אין נאָרמאַלע ראַטעס. די לאָגיק איז געלעגן פון אויבן־אויף: די ערשטע געליטענע זיינען דאָך די פּערסאָנאַלן, וועלכע האָבן פאַרלוירן מער ווי אַ העלפט פון זייערע לוינען. יעדער „מאָמענט"־מיטאַרבעטער פאַרדינט

איצטער העכסטנס אַ דריטל פון דעם, וואָס ער האָט אַמאָל פאַרדינט. און די בעלי־חובות ווערט געגעבן די מעגלעכקייט צו ראַטעווען אַ העלפט פון זייער קאַפּיטאַל. די קרעדיטאָרן האָבן זיך לכתחילה געבייזערט, פּראָטעס־טירט; אָבער לסוף האָבן זיי איינגעזען — יעדער איינער באַזונדער — אַז מ׳מוז ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך פון דער שריפה...

בעת מיר האָבן שוין געהאַלטן ביים פאַרענדיקן די אונטערהאַנדלונגען מיט אַלע קרעדיטאָרן האָבן אונדזערע אַדוואָקאַטן נח פּרילוצקי און מיכאל סוריץ אָנגעהויבן זאָנדירן דעם באָדן אין געריכט וועגן אַראָפּנעמען דעם „נאַדזור סאָנדאָווי" (געריכט־אויפזיכט).

אָבער אַ מענטש טראַכט און דער געריכט־אויפזעער לאַכט...

אין אַ שיינעם פרימאָרגן — אָנהייב 1938 — איז דורכן האַנדלס־גע־ריכט דער פירמע „גאַשאַ פּראַסאַ" (דעם פאַרלאַג פון „מאָמענט") דערקלערט געוואָרן „אופּאַדלאָשטש" (באַנקראָט). און שריי חי וקים!

עס איז באַלד אַנטפּלעקט געוואָרן דער גורם פון באַנקראָט: דער געריכט־אויפזעער, דער רעוויזיאָניסט מאַרעק קאַהאַן, האָט געוואָלט פאַר־וואַנדלען דעם „מאָמענט" אין אַ רעוויזיאָניסטישע טריבונע. און כך הוה. דאָס האָט ער דערגרייכט. ווייל אַלס „סינדיק" פון דער באַנקראָטירטער אונטערנעמונג איז באַשטימט געוואָרן טאַקע ער גופא, דער געריכט־אויפ־זעער; אָבער איצטער שוין אין דער ראָלע פון אַ פאָלנעם באַלעבאָס.

און ס׳האָט זיך געביטן די גאַנצע פּאַנאָראַמע: אין פאַרוואַלטונג־צימער איז שוין נישט געזעסן מער די פאַרוואַלטונג פון דער קאָאָפּעראַטיוו, נאָר דער „סינדיק" בכבודו ובעצמו. ער אַליין האָט כמעט יעדן טאָג אַמטירט אַ פּאָר שעה און דערליידיקט די לויפנדיקע ענינים פון דער אונטערנעמונג. ווי אַ פאַרטרויונג־מאַן אין אַדמיניסטראַציע האָט ער אַריינגענומען אַן איי־גענעם מענטשן — אַ געוויסן סוויסלאָצקי (אַ קרוב פון ש. סוויסלאָצקי, רע־דאַקטאָר פון „פּיאָנטאַ ראַנאַ"), וועלכער האָט אויסגעפירט זיינע דיספּאָזי־ציעס און איז אַגב געווען דאָס „אויג" פונעם „סינדיק"... די גאַנצע גע־שעפטלעכע פירונג איז אַזוי אַרום געלעגן אין די הענט פונעם „סינדיק" און זיין געהילף. אָן זייער אונטערשריפט האָט די קאַסע קיינעם נישט גע־קענט אויסצאָלן קיין גראָשן.

דערליידיקט מיט דער אַדמיניסטראַציע, האָט אַדוו׳ מאַרעק קאַהאַן גע־נומען מאַכן „רעפאָרמעס" אויך אין רעדאַקציע:

דער שעף־רעדאַקטאָר — דער אַלטער צבי פּרילוצקי — איז ווייטער

געבליבן אין זיין אַמט. געבליבן אָפיציעל. פּאַקטיש איז ער מחמת זיקנה און אָפטע שלאַפקייטן זעלטן געקומען אין רעדאַקציע. זיין פּאָליטישער אי־בערזיכט „דער מאָמענט" פלעגט אָפּט פעלן און עמעצער אַנדערש אין רע־דאַקציע פלעגט עס מאַכן אונטער אַן אַנדער „קאָפּ". דער רעדאַקציע־קאָ־מיטעט איז לכתחילה כלומרשט ווייטער געווען טעטיק; אָבער פּאַקטיש האָט ער שוין נישט געהאַט קיין דעה און האָט זיך לסוף כמעט ווי אויפגעלייזט.

פריינדלעך מיטגעאַרבעט מיטן „נייעם רעזשים" האָט דעמאָלט דער „עת לבנותניק" ד"ר יהושע גאָטליב.

גאָר אין גיכן האָט דער „סינדיק" צוגעצויגן אין רעדאַקציע אַ פּאָר נייע מענטשן פון זיין פּאַרטיי: צו ערשט יוסף קלאַרמאַנען און אין אַ קור־צער צייט אַרום איז ספּעציעל געבראַכט געוואָרן פון ארץ־ישראל אורי צבי גרינבערג — דער פּאָעט, וואָס האָט אָנהייב צוואַנציקער יאָרן אַ גלאַנץ געטאָן אין וואַרשע אויף „טלאָמאַצקע 13" מיט זיין לידער־בוך „מעפּיסטאָ". אין ארץ־ישראל האָט ער שפּעטער פאַרנומען אַ ביז גאָר חשובן פּלאַץ ווי אַ מאָדערנער העברעישער פּאָעט, אַזוי אויך עד היום הזה. אורי צבי גרינ־בערג איז אין ארץ־ישראל געווען אויך אַן אַקטיווער רעוויזיאָניסטישער טוער און געווען אַ וואָרטזאָגער אין דער פּאַרטיי־פּרעסע *. אין „מאָמענט" האָט גרינבערג אָנגעהויבן שרייבן לייט־אַרטיקלען כמעט יעדן טאָג. אַרטיק־לען עקסטרעמע, פּאַרטייִש־רעוויזיאָניסטישע פון פּאָלעמיש־אָנגרייפערישן כאַראַקטער. זיין סטיל פון די מאמרים איז געווען אַ שרייִקער, אַ באָמבאַס־טישער, מיט לאָזונגען, מיט וואָרענונגען, מיט זייער שאַרפע אַקצענטן. מען האָט זיינע אַרטיקלען ס'רוב געזעצט צוויי־שפּאַלטיק, מיט גרעסערער שריפט (קאָלאָנעל, אָדער 11ער שריפט). ער האָט געשאָטן פעך און שוועבל אויף די קעגנערס, מיט וועמען ער האָט פּאָלעמיזירט; געריסן פון זיי פּאַסן און געמאַכט כעפרא דארעא פון דער יידישער אַגענץ און פון די ציוניס־טישע מנהיגים, סיי פון בירגערלעכן פּראָגנט, סיי פון דער מפּא"י אין ארץ־ישראל און אין גלות. כ'פלעג זיך וווּנדערן: פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אַ משלנודיקן שרייבער, צו אַ באַפליגלטן פּאָעט, אַזוי פיל אויפרייס־שטאָף?...

יוסף קלאַרמאַן ווידער איז געווען אַ פּאַרטיי־זשורנאַליסט, וואָס איז אָנגעגאַנגען מיט דער „ליניע" פון דער פּאַרטיי און געליפערט אין „מאָ־

---

* אורי צבי גרינבערג איז אויך געווען דעפּוטאַט אין דער ערשטער כנסת.

מענט" רעוויזיאָניסטישן מאַטעריאַל. גלייכצייטיק איז ער אויך געווען דאָס „אויג" פון רעדאַקציע. אמת, די רעדאַקציע־מיטאַרבעטערס האָבן געשריבן וואָס זיי האָבן געשריבן; אָבער דער רעוויזיאָניסטישער טאָן האָט זיך אָנ־געהייבן צו פיל וואַרפן אין די אויגן. אין רעדאַקציע זיינען געגאַנגען שטי־לע מורמלערייען קעגן דער דאָזיקער נייער הנהגה; אָבער מ׳האָט זיך גאָר נישט געקאָנט העלפן: דער באַלעבאָס איז ער געווען, דער „סינדיק". ווען עס וואָלט געקומען מיט אים צו אַ ריס, האָט ער געהאַט די ברירה אָפּצו־שטעלן די צייטונג און דורכפירן אַ ליציטאַציע פון גאַנצן איגווענטאַר. און אַדוואָקאַט מאַרעק קאַהאַן האָט געהאַט די מאַכט צו שאַלטן אין רעדאַקציע אַזוי ווי ער געפינט פאַר נייטיק. הינטער די קוליסן האָט ער געהאַט די שטיצע פון דער מאַכט. דער אַנטיסעמיטישער מאַכט אין פוילן איז גראָד געפעלן געוואָרן, אַז אין וואַרשע זאָל אַרויסגיין אַ יידישע צייטונג — דערצו נאָך אַזאַ פּאָפּולערע צייטונג ווי „דער מאָמענט", — וואָס פּריידיקט אָפן, אַז יידן דאַרפן עמיגרירן פון פוילן...

וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי ווידער, וועלכער פלעגט — פאַר אַ הפסקה אין זיין מיטאַרבעטערשאַפט — שרייבן זיינע מאמרים אָדער עסייען אויף אַלגעמיינע טעמעס אין מאָל אין וואָך — פּרייטיק, — האָט אָנגעהויבן לי־פערן קלענערע אַרטיקלען אויף פּאָליטישע טעמעס; שוין ריין רעוויזיאָניס־טישע, כדת וכדין לויט דער פּאַרטיי־אידעאָלאָגיע און ווי אין אַן אייגענעם פּאַרטיי־אָרגאַן.

אויך דער רעוויזיאָניסטישער טוער און זשורנאַליסט ד"ר יוסף שעכט־מאַן, פון ניו־יאָרק, האָט גענומען ליפערן אין „מאָמענט" אַרטיקלען מיט פּאַרטייישער באַפאַרבונג.

צו די אויבן דערמאָנטע איז צוגעקומען נאָך אַ מיטאַרבעטער, וואָס פלעגט צושיקן זיינע רעוויזיאָניסטישע אַרטיקלען: דאָס איז געווען ד"ר וואָלפגאַנג פאָן וויזעל.

„דער מאָמענט" איז גאָר גיך געוואָרן פּאַקטיש די טריבונע פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי, — הגם אָפיציעל האָט „דער מאָמענט" זיך דעקלאַרירט ווי אַן אומפּאַרטייאישע, אומאָפּהענגיקע צייטונג, ווייל נישט הלל צייטלין, נישט ש. י. סטופּניצקי און אַוודאי נישט נח פּרילוצקי האָבן געענדערט דעם נוסח פון זייערע אַרטיקלען, זייערע פּרינציפּיעלע איינשטע־לונגען. זיי האָבן אָבער נישט געקאָנט אַרויסטרעטן אין „מאָמענט" גופא

קעגן די אַרויסזאָגונגען פון די רעוויזיאָניסטישע וואָרטזאָגערס. די פרייהייט האָבן זיי שוין פאַרלוירן.

דערפאַר אָבער האָבן יידישע פובליציסטן אין אַנדערע יידישע צייטונ־גען יאָ עס געקאָנט טאָן. יידישע שרייבערס און פובליציסטן זיינען סיי אין „היינט", סיי אין דער „פאָלקסצייטונג" און סיי אין „אונדזער עקספרעס" שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דער טראַנספאָרמאַציע אין „מאָמענט", וואָס איז אויף אַ נישט־סאָלידן אופן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טריבונע פון אַ פאַרטיי — קעגן דעם ווילן און איינשטעלונג פון דער רעדאַקציע, און נאָר אַ דאַנק דער הינטערקוליסן־מיטהילף פון געוויסע אָפיציעלע פאַקטאָרן...

ווייל נאָר אַ דאַנק די „אָפיציעלע פאַקטאָרן" האָט „דער מאָמענט" גע־קאָנט נאָך ווייטער דערשיינען, ביז וואַנען דער „סינדיק" אַליין האָט גע־וואָלט; אַנדערש וואָלט דאָס האַנדלס־געריכט לאַנג דאָך שוין דורכגעפירט די ליציטאַציע פון דער באַנקראָטירטער פירמע, ווי עס פאָדערט געוויינט־לעך דאָס געזעץ פאַר באַנקראָטן. אָבער אַ האַנדלס־געריכט איז דאָך נישט שטאַרקער פון אַ רעגירונג־קאָמיסאַר, און ווער רעדט נאָך פון אַ מיניס־טער בעק, אַ שטייגער.

איז „דער מאָמענט" אַזוי ווייטער געגאַנגען, ביי דער גרויסער פאַר־ביטערונג פון די מיטאַרבעטערס. יעדער האָט אויסגעפירט זיין רעדאַק־ציאָנעלע פונקציע און געוואַרט, אַז אפשר וועט די צייט דאָך ברענגען אַ שינוי. עס האָט ווייטער מיטגעאַרבעט זלמן שניאור מיט זיין ראָמאַן אין המשכים „דער קיסר און דער רבי"; אַזוי אויך אַנדערע שרייבערס.

**
*

צווישן נח פרילוצקין און דעם „סינדיק" איז געקומען צו אַ שאַרפן ריס און נח האָט דער ערשטער פאַרלאָזן די רעדאַקציע. און שוין זייענדיק אויסער דער צייטונג, האָט ער פאַרפירט אַ פראָצעס קעגן דער האַנדלונג פון „סינדיק", — פאַר ענדערן די ריכטונג פון דער צייטונג, וואָס דאָס גייט נישט אַריין אין זיין קאָמפּעטענץ. דער יורידישער פאַרשטייער פון רעדאַק־ציע־פערסאָנאַל איז געווען דער באַקאַנטער אַדוואָקאַט לעאָן בערנסאָן. פאַר־שטייט זיך, אַז דער „סינדיק" איז אויך נישט געשלאָפן און האָט קעגנגע־ווירקט דורך זיינע הינטער־קוליסן־קאַנאַלן. און דער פראָצעס איז קיין מאָל נישט דערגאַנגען צו קיין פינאַלער לייזונג.

פּאַראַלעל מיטן געריכט האָט זיך מיטן ענין „מאָמענט״ פאַרנומען אויך דער יידישער ליטעראַטן- און זשורנאַליסטן-פאַראיין; אָבער פאַרן שרייבער-פאַראיין איז דער ענין געווען אַ צו-דעליקאַטער. ער האָט נאָר געקאָנט פריי אינטערוועניר ן אויפן פּראָפעסיאָנעלן באָדן, און עקאָנאָמישע סיכסוכים מיטן „מאָמענט״ האָבן אויך נישט געפעלט. זינט „דער מאָמענט״ איז געוואָרן אַ רעוויזיאָניסטישע טריבונע האָט דער טיראַזש אָנגעהויבן פאַלן. די לייענערס זיינען געווען צוגעבונדן צום „מאָמענט״ ווי צו אַן אומ-פּאַרטייישער צייטונג. אָבער אַז די צייטונג איז געוואָרן באַהערשט פון איין פּאַרטיי, בפרט פון אַ פּאַרטיי, וואָס איר איינפלוס אויף דער יידישער גאַס איז געווען צום שוואַכסטן, זיינען זיי אַריבער צום „היינט״, צו דער „פאָלקס-צייטונג״, צו „אונדזער עקספּרעס״. זיינען די הכנסות געפאַלן. האָט דער „סינדיק״ געפּרוווט גיין אויפן וועג פון לייכטן ווידערשטאַנד און ווידער שניידן די אַזוי אויך איינגעשרומפּענע לוינען. די פאַראייניגע האָבן זיך נישט געלאָזן. דאָ האָט זיך דער ליטעראַטן-פאַראיין דער ערשטער געשטעלט אין אַ קריג-פּאָזיציע און דערקלערט אַ שטרייק אין „מאָמענט״. דער שטרייק האָט געדויערט דריי וואָכן צייט. דאָ האָט דער „סינדיק״ געהאַט די בעסטע געלעגנהייט צו דערקלערן אַ ליקווידאַציע. אָבער ער האָט עס נישט געטאָן, ער האָט פאַר יעדן פּרייז געוואָלט דערהאַלטן די צייטונג פאַר זיין פּאַרטיי.

אין משך פון שטרייק האָבן די פּערסאָנאַלן זיך פאַרמאָסטן אַרויסצו-געבן אַן איינמאָליקע שטרייק-צייטונג, אין וועלכער עס איז געקומען אַן אויפקלערונג מצד דער רעדאַקציע וועגן דער געשאַפענער סיטואַציע אין „מאָמענט״; אָבער באַלד אין דער פרי, ווי נאָר די צייטונג איז דערשינען, איז זי קאָנפיסקירט געוואָרן לויט אַ באַפעל פון וואַרשעווער רעגירונג-קאָמי-סאַר... דאָס זאָגט אַ סך...

אין דער צייט פון שטרייק האָט דער רעדאַקציע-פּערסאָנאַל באַקומען אַ וועכנטלעכע אונטערשטיצונג פון פאַראיין. דער ליטעראַטן-פאַראיין פלעגט בעת אַ שטרייק אַראָפּנעמען צען פּראָצענט פון די לוינען אין די אַנדערע רעדאַקציעס און דערפון איז באַשטאַנען דער שטרייק-פאָנד.

ס'איז כאַראַקטעריסטיש צו פאַרצייכענען: בעתן דאָזיקן שטרייק אין „מאָמענט״ האָבן די אָנגעשטעלטע פון דער יידישער גמינע (קהילה) אויף גזשיבאָווסקע 26 — אויף דער איניציאַטיוו פון דאָרטיקן מיטאַרבעטער

נחום רעמבאַ* — אויך זיך בייגעשטייערט מיט אַ געוויסן פּראָצענט פון זייערע פאַרדינסטן לטובת די שטרייקנדיקע רעדאַקציע־מיטגלידער פון „מאָמענט" — ווי אַן אויסדרוק פון סימפּאַטיע און ווי אַ דערמוטיקונג אין דאָזיקן קאַמף.

דער עקאָנאָמישער שטרייק (און אפשר איז ער געווען פּסיכאָלאָגיש מער ווי אַן עקאָנאָמישער...) איז לסוף געווונען געוואָרן און די פּערסאָנאַלן האָבן זיך אומגעקערט צו דער אַרבעט. אומשטיינס געזאָגט, „געווונען"! מ׳האָט סיי ווי סיי ווייטער געאַרבעט פאַר הונגער־לוינען, וועלכע האָבן נישט געקלעקט אויף וואַסער צו דער קאַשע... ווען די רעוויזיאָניסטן וואָלטן מער נישט געווען פאַראינטערעסירט אַז די צייטונג — איצט „זייער" צייטונג — זאָל דערשיינען, וואָלט שוין זיכער געקומען צו אַ ליקווידאַציע פון דער אונטערנעמונג „נאַשאַ פּראַסאַ". נאָכן שטרייק זיינען אַרויסגעטראָטן פון דער צייטונג מאַרק טורקאָוו און שפּעטער אַ ביסל — בנציון כילינאָוויש, וועלכע זיינען געווען אַקטיווע טוערס אין זשורנאַליסטן־סינדיקאַט און האָבן אָנגעפירט מיטן שטרייק אין „מאָמענט", קומענדיק אין אַ שאַרפערן קאָנפליקט מיטן „סינדיק".

איבער אַ שאַרפערן ווערטער־אויסטויש מיטן „סינדיקס" געהילף סוויסלאָצקי איז אויך פון מיר צוגענומען געוואָרן מיין עקסטראַ־אַרבעט פון רעדאַגירן די ליטעראַרישע זייט „מענטשן און ווערק" און די אַרבעט איז איבערגעגעבן געוואָרן ליפּאַ קעסטינען (דאָס איז שוין געווען אין מיטן 1939). מען האָט עס קריטיקירט ווי אַ נישט־קאָלעגיאַלע האַנדלונג מצד דעם לעצטן. דערין האָט מען געזען ווי אַ מין קאָלאַבאָראַציע מיטן „אָקופּאַנט". אין ערנסטערער קאָלאַבאָראַציע מיטן „סינדיק" איז אויך געשטאַנען דער פירער פון דער וואַרשעווער כראָניק אין „מאָמענט", א. גראַפּמאַן, וואָס איז געוואָרן זיין פאַרטרויונג־מענטש לגבי דער רעדאַקציע. אָבער ביידע — סיי קעסטין, סיי גראַפּמאַן — זיינען שפּעטער אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשישע תליונים און מיר דערמאָנען זיי ווי קדושים: ליפּאַ קעסטינען (צוזאַמען מיט זיין בן־יחיד), וואָס איז אַנטלאָפן פון וואַרשע אין דער בהלה פון די ערשטע מלחמה־טעג, איז אַרויסגענומען געוואָרן פון אַ שטוב אינעם שטעטל לוקאָוו און ביידע זיינען זיי אויף דער גאַס דערשאָסן געוואָרן.

---

* אַ ברודער פון באַקאַנטן זשורנאַליסט און אַקטיוון טוער פון דער חרות־פּאַרטיי אין ישראל, אייזיק רעמבאַ.

און א. גראַפמאַן איז מגולגל געוואָרן אין קאָוונער געטאָ און פון דאָרטן אין אַן אומקום־לאַגער, פון וואַנען ער איז שוין נישט צוריקגעקומען.

די טראַגישע דערפאַרונג פון אונדזער צייט האָט געשאַפן דעם באַגריף אָדער סינאָנים „קוויסלינג". אָט די „קוויסלינגס" דערשיינען אָפט דאָ—דאָרטן אין אונדזער געזעלשאַפט אין מאָמענטן פון צערודערונג און כאַפּן פיש אין מוטנעם וואַסער. און אויך אַ רעדאַקציע פון אַ צייטונג איז אין אַ שעת הכושר נישט פריי פון אַזעלכע „קוויסלינגס", וואָס קומען אונטער דעם „באָס", אָדער דעם אָקופּאַנט — לרעה די אינטערעסן פון די רעדאַקציע־קאָלעגן, אָבער לטובת זייער אייגענער קעשענע און זייערע אַמביציעס...

***

די היטלעריסטישע אינוואַזיע אויף פּוילן האָט באַלד אין דעם ערשטן חודש — אין דראַמאַטישן סעפּטעמבער — געבראַכט אויך די „ענדגילטיקע ליזונג" פאַרן „מאָמענט"...

די וואַרשעווער צייטונגען זיינען לכתחילה אַרויסגעגאַנגען יעדן טאָג. אַרויסגעגאַנגען מיט שוועריקייטן, ווייל וואַרשע איז ביסלעכווייז געוואָרן אָפּגעשניטן פון דער פּראָווינץ און אַוודאי פון דער וועלט. אַלע צייטונגען זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קאַמפּס־אָרגאַנען, וואָס האָבן געהאַט די אויפגאַבע צו הייבן די שטימונג פון דער באַפעלקערונג. יידן צוזאַמען מיט פּאָליאַקן האָבן אין פאַרשיידענע פּלעצער געגראָבן שוץ־אָקאָפּעס. סעגאַלאָוויטש, ד"ר גאָטליב, פּערלע, סטופּניצקי און אַנדערע שרייבערס זיינען אַרויס פון לאָקאַל מיט רידלען און זיך געלאָזט צו די באַשטימטע פּלעצער. איך מיט מיין זון האָבן געגראָבן אָקאָפּעס אויף „פּלאַץ בראַני".

דעם 6סטן סעפּטעמבער האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער עקזאָדוס פון וואַרשע. מענטשן אין די הונדערטער, אין די טויזנטער — כמעט אַלץ יידן — האָבן זיך געלאָזט מיט רוקזעק אויף די אַקסלען אין נע־ונד אַריין. אָפט פלעגן דייטשישע אַוויאָנען עפּענען אַ פייער פון פּולעמיאָטן אויף די וואַנדערנדיקע מענטשן איבער די שאָסייען. אויף די אָפענע וועגן האָבן זיך לאַנג אַרומגעוואַלגערט די קערפּערס פון דערשאָסענע יידן, פאַרפלעקטע אין זייער אייגן בלוט.

מיטן דאָזיקן שטראָם זיינען אויך אַוועק אַ צאָל יידישע שרייבערס און זשורנאַליסטן. אין רעדאַקציע „מאָמענט" איז געבליבן אויפן פּלאַץ אַ גרופּע פון אַ פינף־זעקס טעטיקע מיטאַרבעטערס, וואָס האָבן יעדן טאָג אַרויס־

געלאָזט לכתחילה סיי דעם „מאָמענט", סיי דעם „וואַרשעווער ראַדיאָ" און נאָך דעם בלויז דעם „מאָמענט", און דאָס — אין אַ רעדוצירטער פאָרעם. אמת, עס זיינען אויך געבליבן אין וואַרשע מיטאַרבעטערס פון עלטערן דור, ווי: דער אַלטער צבי פרילוצקי, הלל צייטלין, ש. י. סטופּניצקי און אַנדערע. אָבער מחמת סכנה פאַר די לופט־אַנגריפן האָבן זיי זיך פאַר דער גאַנצער צייט נישט באַוויזן אין רעדאַקציע. איבעריקנס, קיין אַרטיקלען קיין פעליעטאָנען האָט מען דעמאָלט סיי ווי סיי נישט געדרוקט אין דער רעדוצירטער צאָל זייטן און זייער מיטאַרבעט איז לחלוטין נישט געווען נייטיק. מען האָט נאָר אויסגעפילט די צייטונג מיט וואָס מער מלחמה־אינ־פאָרמאַציעס, אויף וואָס די גאַס האָט געוואַרט מיט דער גרעסטער שפּאַנונג.

באַלד אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה איז פון „מאָמענט" נעלם געוואָרן דער „סינדיק". אורי צבי גרינבערג איז שוין אויך נישט געווען אין וואַרשע. אַדוואָקאַט מאַרעק קאַהאַן האָט פאַרן אַוועקגיין פון וואַרשע מיטן שטראָם נישט פאַרגעסן איבערצולאָזן אַ שריפטלעכע פאַראָרדענונג, אַז די צייטונג ווערט אָפּגעשטעלט... ער האָט גוט געוווסט, אַז אַן אים איז אויס מיטן רעוויזיאָניזם אין „מאָמענט"... (ר'האָט דערין קיין טעות ניט געהאַט...).

מיר אָבער, די קליינע צאָל מיטאַרבעטערס וואָס זיינען געבליבן אויפן פּלאַץ, האָבן דורכגעפירט אַ „פּוטש" און באַשלאָסן — אין אַנבליק פון די געשיכטלעכע טעג — די צייטונג יאָ אַרויסצוגעבן. מיר האָבן אַפילו גע־מאָלדן וועגן דעם דעם „סענדזיאַ קאָמיסאַזש" (געריכט־קאָמיסאַר) איבער אונדזער באַנקראָטירטער אונטערנעמונג, גראָד אַ פּאָליאַק. דער לעצטער האָט, אַדרבה, געהאַלטן מיט אונדז, די „פאַרשווערערס":

— טוט ווי איר פאַרשטייט... — האָט ער אונדז דערקלערט, — און זאָל איך די געשיכטע משפּטן...

און אַזוי האָבן מיר — אַ קליינע גרופּע יינגערע צייטונגס־מענטשן (אַ. מ. אַפּעלבוים, י. מ. ברוין, אַברהם זאַק, דער צוריקגעקומענער ב. כי־לינאָוויטש און לכתחילה אויך ב. מאַרק) אונטער די דונערן פון דייטשישע באָמבעס, — אַרויסגעגעבן דעם „מאָמענט" ביז ערב ראש־השנה, ווען די דייטשישע משחיתים האָבן אונטערגעצונדן דעם גאַנצן יידישן ראַיאָן און אַ באָמבע איז אויך געפאַלן אינעם הויף אויף נאַלעווקעס 38. דער „נומער", וואָס בלויז איך מיט י. מ. ברוין האָבן דעמאָלט געהאַט צוגעגרייט, האָט שוין נישט געקאָנט דערשיינען. דאָס איז געווען דער לעצטער נומער פון דער פּאָפּולערער צייטונג „דער מאָמענט" אין אַמאָליקן יידישן וואַרשע.

# דער דיכטער פון לובלין של מעלה

(צו יעקב גלאַטשטיינס 70סטן געבוירן־טאָג)

די ייִדישע קולטור־וועלט פייערט איצט דעם 70סטן געבוירנטאָג פונעם פראָמינענטן ייִדישן דיכטער און וואָרט־מייסטער, איינעם פון די קאָריפייען פון דער מאָדערנער ייִדישער דיכטונג און גלייכצייטיק גייסטרייכן עסייִסט, ליטעראַטור־קריטיקער און פובליציסט יעקב גלאַטשטיין.

אין יעקב גלאַטשטיינס שעפערישער וועלט קומען זיך צונויף צוווייערליי נוסחאות: געלייטערטע אַלט־ייִדישקייט נוסח לובלין (זיין געבוירן־שטאָט) מיט אוניווערסאַלישקייט, מיט די ברייטע האָריזאָנטן פון דער מאָדערנער קולטור אין איר פיל קאָלירקע אויסשטראַלונגען. גלאַטשטיין איז אין זיין שאַפן סיי ייִדישלעך־פאָלקסטימלעך, לובלין־שטייגעריש, סיי אוניווערסאַל. אַזוי פילן מיר זיין אינטעלעקט אין דער דיכטונג זיינער.

ס'איז גלאַטשטיינען דעם דיכטער באַשערט געווען צו ווערן דער מקונן פון זיין אויסגעשאָכטענער ייִדן־שטאָט לובלין.

אין גלאַטשטיינס לידער־בוך „שטראַלנדיקע ייִדן" איז פאַראַן אַ נאָכוואָרט אין פראָזע, וואָס הייסט „לובלין, מיין הייליקע שטאָט". ס'איז כדאי צו ציטירן פון דאָרט עטלעכע פאַראַגראַפן, וואָס ווייזן דעם קוואַל, פון וועלכן עס האָט זיך אין זיינע פריִע יאָרן געגערט און פאָרמירט יעקב גלאַטשטיינס אינטעלעקט:

„לובלין, מיין הייליקע ייִדישע שטאָט, שטאָט פון גרויסן ייִדישן דלות און פריילעכע ייִדישע יום־טובים. דיין ייִדן־גאַס האָט געשמעקט מיט פרישע ראָזעווע און געבייטלט ברויט, געזייערטע אוגערקעס, בשמים, הערינג און ייִדישן בטחון. דעם רבינס בית־מדרש, די מהר"ם־שול און די מהרש"ל־שול, די באַלמעלאָכישע שטיבלעך און שולכלעך האָבן געשאָנקען דעם קודש צום חול פון דעם וואָכעדיקן גרויסהאַנדל, משטיינס געזאָגט. די

פאַרמעליקטע טרעגערס, וואָס זיינען געשטאַנען און געוואַרט אויף אַ צוויי־ער, האָבן זיך בינו־לבינו אַריינגעכאַפּט אין רבינס בית־מדרש און הנאה געהאַט פון קול יעקב, פון די בחורים מיט די אַטלאַסענע און סאַמעטענע קולכלעך".

„לובלין, מיין הייליקע שטאָט, שטאָט פון אויפגעוואַכטן קלאַסן־קאַמף. דיינע שניידער־יונגען, שוסטער־יונגען, דיינע געזעלן און משרתים זיינען אויפגעשטאַנען איינצופירן יושר, גלייכהייט, ברידערלעכקייט פאַר אַלע „חברים און בערגער". אַ הייליקער פלאַם האָט זיי געלייטערט די אויגן, ווען זיי זיינען מיט שמחה געגאַנגען אין קרימינאַל אַריין און אויפן וועג געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער".

און ווייטער:

„הייליקע שטאָט מיינע, דאָס האָסטו אויסגעבעטן די זכיה פאַר זיך, אַז ווען מען וועט ברענען און בראָטן אָנדערטהאַלבן מיליאָן יידן, זאָל מען עס טאָן אין שאָטן פון דיינע קנאָפּע טויזנט יאָר יידישקייט. דעם אַ הייליקן בית־עולם האָסטו געוואָלט פאַר זיך, כדי פון אַלע דיינע הייליקע גוטע־ערטער זאָל ווערן איין הייליק גוט־אָרט פאַר איין גרויסן צדיק — דאָס יידישע פאָלק. כ'צי אַרונטער די שיך פון מיינע פיס ווען כ'קום־צו צום מאַידאַנעק־וועלדל. די ערד איז קודש־קדשים, ווייל ס'יידישע פאָלק רוט דאָרט אין שאָטן פון הונדערטער פרומע דורות".

און דער דיכטער פרעגט אין זיין צער און צאָרן:

„ווער וועט דיך צוריקשטעלן און צוריקבויען, מיין הייליקע שטאָט, אַז פאַרוויסט ביסטו געוואָרן ביז דיינע פונדאַמענטן און ביסט איין מורא־דיקע מצבה.

„מען שלאָגט שינדלען, מען לייגט דעכער, מען פאַרריכט און מען פאַרניצעוועט אַן אַלטע פאַסקודנע וועלט, אָבער מיין הייליקע שטאָט, די שטאָט פון מיין וועלט, וועט קיין מאָל נישט צוריקגעבויט ווערן".

און אין זיין גרויסער נאָסטאַלגיע מעדיטירט גלאַטשטיין וועגן זיין הייליקער שטאָט אויך אין אַ ליד, טאַקע אינעם זעלביקן בוך „שטראַלנ־דיקע יידן":

„די תורה האָבן מיר מקבל געווען ביים סיני,
און אין לובלין האָבן מיר זי אָפּגעגעבן.
נישט די מתים לויבן גאָט,
די תורה איז געגעבן געוואָרן צום לעבן.



**יידישע שרייבער-פּליטים אין פּאַריז געזעגענען זיך מיט יעקב גלאַטשטיין ביים סוף פון זיין באַזוך**

1טע שורה, פון לינקס: שמערקע קאַטשערגינסקי ע״ה, פרוי פון אליעזר גרינבערג, ג. זילבערבערג, ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי, מרדכי שטריגלער, חיים־לייב פוקס, יעקב גלאַטשטיין, יהודית מאָרעצקי, איציק מאַנגער (גאַסט פון לאָנדאָן), יצחק יאַנאַסאָוויטש, פרוי פון יוסף רובינשטיין.

2טע שורה, פון רעכטס: פרוי פון יוסף וואָלף, ישראל אַשענדאָרף ע״ה, אַברהם זאַק, ל. דאָמאַנקעוויטש, לייב ראָכמאַן, משה וואַלדמאַן, פרוי פון ל. דאָמאַנקעוויטש, פרוי פון לייב ראָכמאַן, ל. לענעמאַן, פרוי לענעמאַן, יוסף וואָלף.

און אַזוי צוזאַמען ווי מיר זיינען אַלע באַזאַמען
געשטאַנען ביי מתן־תורה
אַזוי וואָר זיינען מיר אַלע געשטאָרבן אין לובלין".

דער חורבן השלישי האָט זיך געלייגט ווי אַ שוואַרצער שאָטן אויפן געמיט פונעם דיכטער און דער דאָזיקער טרויער, די דאָזיקע טיפע נאָס־טאַלגיע רעדט־אַרויס פון אַ סך, אַ סך גלאַטשטיינס לידער און פּאָעמעס, וואָס דערמאָנען דירעקט, אָדער צווישן אַנדערן, זיין „הייליקע שטאָט" לובלין; לובלין, וואָס האָט געהאַט דאָס „מזל" צו האָבן בשכנות די „פּאַב־ריק פון טויט" — מאַידאַנעק, ווו אויך די לובלינער עדה איז פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרן... אָבער פאַר יעקב גלאַטשטיינען דעם דיכטער לעבט תמיד לובלין של מעלה, אין זיין געמיט און אין זיין טעמאַטיק, אין זיינע דיכטערישע אימאַזשן לעבט די „הייליקע שטאָט" און זי מאַכט היי־ליק זיין טרויער — — —

און אַזוי איז ער געוואָרן דער דיכטער פון לובלין של מעלה.

אמת, די אימאַזשינירטע לובלין איז נאָר אַ „כותל־מערבי", ווו מ'קען אויסוויינען און אויסקלאָגן די קינות פון האַרצן, דעם ווייטאָגלעכן „יזכור" נאָך די קדושים וטהורים:

אין אַלע תפילות לאָמיר זיי דערמאָנען.
אין אַלע יזכורס וועלן מיר זיי באַוויינען.
אין אַלע יתגדלס זאָל מען זיי דערקאָנען.
אונדזערע אַלע התקווהס זאָלן זיי באַשיינען.

יעקב גלאַטשטיין איז, פונקט ווי לייוויק, „אין טרעבלינקע נישט גע־ווען"; אָבער אַ סך, אַ סך לידער און פּאָעמעס זיינע זיינען אַ גרונטיקער טייל פון אונדזערע קינות וועגן חורבן השלישי.

***

יעקב גלאַטשטיין פיבערט־מיט תמיד מיט דעם אומרו פון דער צייט. אַזוי אין אַלע זיינע זשאַנערן. ער האָט אַפילו בשעתו, ווי אַ סייסמאָגראַף, פאָרויסגעפילט אין דער אַטמאָספער דעם שטורעם, וואָס האָט זיך אָנגע־רוקט אויף זיין פאָלק. ווי אַ שוואַרצע נבואה האָט אין 1938 געקלונגען זיין באַרימט ליד „אַ גוטע נאַכט דיר, וועלט"...

גלאַטשטיין איז ביי אונדז איינער פון די שעפערישסטע שרייבערס. ער

האָט ביז איצט שוין פֿאַרעפֿנטלעכט אַ גאַנצע ריי ביכער: לידער, פּראָזע, עסייען און ליטעראַטור־קריטיק. זיין ערשט בוך, וואָס טראָגט דעם נאָמען „יעקב גלאַטשטיין" (עס קלינגט „אינזיכיסטיש"...) איז דערשינען אין 1921. זיין רעפּרעזענטאַטיווסטער בוך איז זיין לידער־אַנטאָלאָגיע „פֿון מיין גאַנצער מי". די דאָזיקע אַנטאָלאָגיע נעמט־אַרום גלאַטשטיינס דיכטערישע שאַפֿונגען אין משך פֿון די יאָרן 1919—1956. ס'איז אַ יובל־אויסגאַבע צו גלאַטשטיינס 60סטן געבוירנטאָג. דאָרט קומען־אַריין גרעסערע ציקלען לידער פֿון אַלע זיינע לידער־ביכער, פֿון אַלע זיינע שאַפֿונג־פּעריאָדן. איצט קומען צו נאָך 10 שעפֿערישע יאָרן. יענע אַנטאָלאָגיע איז שוין איצט נישט קיין קאָמפּלעטע. עס פֿעלט די דיכטערישע דאָקומענטאַציע פֿון גלאַטשטיינס נייעסטע שאַפֿונגען.

אַחוץ ליטעראַריש און דיכטעריש איז יעקב גלאַטשטיין תמיד אויך שעפֿעריש ווי אַ פּובליציסט. זיינע טריבונעס — אין לשון רבים — זיינען דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", די בוענאָס־איירעסער „די אידישע צייטונג", „דער אידישער קעמפּער" און פֿיל אַנדערע פּעריאָדישע אויסגאַבעס פֿון פֿריִער און פֿון איצטער; איז רעדאַקטאָר פֿון „פֿאָלק און וועלט", וואָס דער ניו־יאָרקער ייִדישער וועלט־קאָנגרעס גיט אַרויס. אין „אידישן קעמפּער" האָט גלאַטשטיין זיין שטענדיקע רובריק „אין תוך גענומען". דאָרט דרוקט ער זיינע אָפּשאַצונגען וועגן שרייבערס און ביכער. זיין גרויסער כוח היצירה דערמעגלעכט אים צו אַרבעטן „אויף אַלע פֿראָנטן".

און פּונקט ווי אין דער ליטעראַטור פֿאַרנעמט גלאַטשטיין אַ בכבודיקן פּלאַץ ביי דער סאַמע מזרח־וואַנט — אַזוי אויך אין דער פּובליציסטיק. אין דער פּובליציסטיק רעאַגירט ער אויף אַלע וויכטיקע דערשיינונגען אין ייִדישן לעבן אין אַלע תפֿוצות־ישראל. ער איז אַזוי אַרום געוואָרן איינער פֿון די וויכטיקסטע וואָרטזאָגערס אין אונדזער קולטור־וועלט. זיינע אַרטיקלען ווערן געדרוקט און איבערגעדרוקט אין אַלע ייִדישע צעשפּרייטקייטן.

אַליץ, וואָס גייט אַרויס פֿון יעקב גלאַטשטיינס פּעדער, איז ווייט פֿון שאַבלאָן. וועגן וואָס ער זאָל נישט שרייבן — בליצן זיינע שורות מיט אַ באַזונדערן חן, מיט פֿיינער אינטעליגענץ און עלעגאַנץ, און — דער עיקר — אויך מיט דרייסטקייט. אַזוי איז ער אין אַלע זיינע זשאַנערן: סיי אין זיינע לידער, סיי אין זיינע עסייען און ליטעראַרישע אָפּשאַצונגען, סיי אין זיין טאָג־טעגלעכער פּובליציסטיק. אַז איר עפֿנט אַ צייטונג, אַ זשורנאַל

און איר זעט צווישן די אָנטיילנעמערס גלאַטשטיינס נאָמען, ווייסט איר באַלד, אַז איין זאַך וועט איר זיכער לייענען... גלאַטשטיינס... און דאָס איז אַ מדרגה, צו וואָס עס קען דערגרייכן אַ שרייבער מיט הויכער קולטור.

ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער פאַרנעמט גלאַטשטיין איצט דעם סאַמע אויבן־אָן. אמת, מיר האָבן נאָך אַנדערע ליטעראַטור־קריטיקערס, ווי דער דיכטער און עסייִסט אַ. גלאַנץ־לעיעלעס, אַ. טאַבאַטשניק, י. ראַפּאָפּאָרט, ד"ר שלמה ביקל און אַנדערע. טייל סתם שרייבערס „זינדיקן" אויך אונ־טער פון צייט צו צייט מיט אַ ליטעראַרישער אָפּשאַצונג וועגן דעם אָדער יענעם מחבר צום דערשיינען פון אַ בוך. אָבער ביי אַ סך שרייבערס איז עס נאָר אַ זייטן־שפּרונג, אַ צופעליקער „ספּאָרט" אַזאַ. נאָך שמואל ניגערס אַוועקגיין פון לעבן איז יעקב גלאַטשטיין ביי אונדז איצטער דער ליטע־ראַטור־קריטיקער מיטן ה׳ הידיעה. ער גיט זיך אָפּ סיסטעמאַטיש מיט אָט דעם זשאַנער, און זיינע ליטעראַרישע אָפּשאַצונגען וועגן שרייבערס און ביכער דערגייען שוין אַוודאי צו די הונדערטער. גלאַטשטיין דרינגט־אַריין אין אַ ווערק תוכיק. נישט אומזיסט הייסן עטלעכע פון זיינע עסייען־בי־כער (ווי די רובריק אין „אידישן קעמפער") „אין תוך גענומען". כשמו כן הוא.

ייִדישע שרייבערס אין דער גאָרער וועלט, וואָס גיבן־אַרויס ביכער, קוקן־אויס אויף גלאַטשטיינס אַן אָפּרוף, אויף זיין אָפּשאַצונג. ער איז גע־וואָרן דער וויכטיקסטער אויטאָריטעט אויף דעם דאָזיקן געביט.

גלאַטשטיין איז תמיד ווייט פון שרייבן „טובה־רעצענזיעס". נעמט ווער אויס ביי אים, טיילט ער יענעם אויס זיין דאָזע שבחים, וואָס אים קומט; טאָמער פאַרקערט — איז ער גענוג דרייסט צו זאָגן וואָס ער טראַכט וועגן אַ ווערטלאָז ווערק. ער זאָגט עס אָפּן, אָדער אַ ביסל דיפּלאָמאַטיש־פאַרשלייערט (כמו אַ צוקערל אין אַ ביטערער מעדיצין...), כדי דעם „גע־ליטענעם" נישט שטאַרק ווי צו טאָן... והמבין יבין...

**

יעקב גלאַטשטיין — דער פּאָעט פון געלייטערטן ייִדישן וואָרט און עלאָקווענטער עסייִסט — טראָגט זיין באַרוף ווי אַ הייליקע שליחות שוין העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט.

צו זיין ווערן אַ בן־שבעים ווינטשן מיר אים פון דער ווייטנס, אַז די דאָזיקע שליחות זאָל ער נאָך טראָגן לאַנגע שעפערישע יאָרן!

ב. איירעס, סעפּטעמבער 1966

# דער שיינגייסט פון אונדזער דיכטונג

(צום טויט פון אַהרן גלאַנץ־לעיעלעס ז״ל)

## 1

פאַראַן שרייבערס, וואָס זייער פּערזענלעכקייט שטראַלט־אויס תמיד ליבשאַפט צו זייער סביבה — סיי צו דעם שרייבערישן כלל, סיי צום שרייבער־יחיד. צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע שרייבערס האָט געהערט דער לעצטנס פאַרשטאָרבענער אַהרן גלאַנץ־לעיעלעס ז״ל — דער פּראָמינענטער דיכטער, עסייִסט, דראַמאַטורג און פּובליציסט. זיין אַהבת־סופרים איז שטענדיק געקומען צום אויסדרוק אין זיין ליטעראַטור־קריטיק, אין די עסייען זיינע וועגן שרייבערס און ביכער. לעיעלעס איז געווען פאַרליבט אין דער ייִדישער ליטעראַטור און אין ייִדישן שרייבער. און ביז גאָר איז גרויס געווען זיין פּיעטעט און ליבע צו אונדזער מאַמע־ייִדיש, וואָס ער איז מיט זיין ראַפינירטן סטיל איינער פון אירע פורעמער געווען. און זייער אָפט פלעגט זיך לעיעלעסן אויסקומען איינצושטעלן פאַר אונדזער געקריוודעט לשון, קעגן די אַלערליי פאַרלוימדערס און בעגירערס אויף דער ייִדישער גאַס דאָ און דאָרט — אין די תפוצות, צי אין ישראל. דער דאָזיקער צאַרטער מענטש האָט געקאָנט זיין ביז גאָר קעמפעריש מיט זיין פען קעגן די נעגאַטיווע דערשיינונגען אין אונדזער ייִדישער ווירקלעכקייט.

צוליב אָט די שיינע מידות זיינע איז לעיעלעס שטאַרק באַליבט געווען אין די ניו־יאָרקער ליטעראַרישע קרייזן (און נישט נאָר אין די ניו־יאָרקער) און מהאי טעמא איז ער יאָרן לאַנג, מיט געוויסע איבעררייסן, געשטאַנען אין אָנפירערשאַפט פון ניו־יאָרקער ייִדישן פּען־צענטער.

***

אַ. גלאַנץ־לעיעלעס, ווי אַ פּאָעט, איז געווען איינער פון די באַדייטנ־דיקסטע קאָריפייען אין אונדזער מאָדערנער דיכטונג. אָנגעהויבן זייער פרי זיין דיכטערישן אויפגאַנג, נאָך אין פוילן (אין לאָדזש), פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער נאָך באַוויזן באַווירקט צו ווערן פון פרצעס אויס־שטראַלונג און שפּעטער, שוין אין זיינע אַמעריקאַנער יאָרן, האָט ער נאָך געזונגען „צו פרצן":

איך ווייס נישט, צי איך וואָלט דיר פאַר אַ זון געפעלן,
נאָר דו פאַר טאַטע מ י ר — אַ בילד, וואָס איז פּערפעקט.
ווי נאָר דו קומסט מיר אויפן זינען, ווערט אַנטפּלעקט
פאַר מיר די שטוב מיט מוטנע שויבן, קרומע שוועלן,
די שטוב פון בעקער־שניידער־שוסטערשע געזעלן,
די שטוב פון ערלעכן, „זשאַרגאָנישן דיאַלעקט".

אין אָט דער שטוב האָסטו געטראָגן הימל, חלום:
דאָס זאַמד פאַרוואַנדלט אין אַ גאַנצער, רונדער ערד
מיט גאָלדן ליכט אויף איר, וואָס מענטש זאָל זיין זי ווערט;
געמאָנט דעם חוב צום קעלער־קינד: אָ, וועלט, באַצאָל אים!
די שוועלן אויסגעגלייכט, די שויבן ריין געמאַכט —
ערשט פאַרביק האָט דורך זיי געשטראָמט אי וואָר, אי פראַכט.

נישט אַלץ געוואָרן ווי עס האָט דיין גייסט געשטורעמט,
דיין בליציק אויג געוויזן און דיין האַנט געפורעמט.
אַ טאַטע וויל פאַר קינדער העכסטן אויבנאָן —
די קינדער קריגן נישט דאָס טעלערל פון הימל.
נאָר הויך געוואַקסן איז דיין אויסגעצערטלט בלימל,
די שפּראַך פון שטוב, דער העלער, כשרער זשאַרגאָן.

אַ פּאָטער חלומט נס, ער חלומט גאָלד פון אייזן
פאַר זיינע זין. די זין — זיי פעלשן אָפּט אין אים.
אין איינס וועל איך מקיים זיין דיין רוף און שטים:
דעם לשון פון דער שטוב וועל איך ביז סוף געטריי זיין.

נאָך זיין לאָנדאָנער עטאַפּ קומט לעיעלעס אויפן אַמעריקאַנער באָדן. אין סאַמע אָנהייב פון זיינע אַמעריקאַנער יאָרן הייבט זיך אָן זיין גרויסער אויפשטייג ווי אַ פּאָעט. ער ווערט דער פּאָרויסגייער און טעאָרעטיקער פון דער רעבעלישער „אין־זיך"־גרופּע, צו וועלכער עס זיינען אויך צו־

געשטאַנען די ייִנגערע פּאָעטן יעקב גלאַטשטיין, נחום ברוך מינקאָוו און אַנדערע. דער „אינזיכיזם“ (אינטראָספּעקטיוויזם) האָט געפֿונען זיין אויסדרוק שוין בעת די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין די שאַפונגען פון די דערמאָנטע פּאָעטן; אָבער פאָרמירט זיך ווי אַן אייגנאַרטיקע גרופּע, מיט זייער באַזונדער טעאָריע און נוסח, האָבן זיי זיך אין יאָר 1920 דורך דעם מאַניפעסט, וואָס זיי האָבן פאַרעפנטלעכט אין זייער אַנטאָלאָגיע „אין־זיך“. ביי לעיעלעסן האָט דער „אינזיכיזם“ זיך מאַניפעסטירט אין זיין לידער־בוך א"ט „לאַבירינט“ (דערשינען אין 1918).

די דאָזיקע פלעיאַדע דיכטערס האָט, אַזוי ווי פּאַראַלעל די „יונגע“ מיט לייוויק־אָפּאַטאָשו בראש, אַריינגעשריבן אַ הערלעך קאַפּיטל אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער דיכטונג. דער אָפּגלאַנץ פון יענער תקופה איז פאַרבליבן אין די שאַפונגען פון אַ גאַנצער ריי ייִדישע דיכטערס אין צפון־אַמעריקע.

לעיעלעס איז געשטיגן אַלץ העכער און העכער ווי אַ פּאָעט. ער האָט מיט דער צייט דערפירט זיין פערזן־קונסט צו פּאָעטישע הייכן — סיי אין פאָרעם, סיי אין דער מוזיק, סיי אין אינהאַלט. ער האָט געשאַפן דעם סינטעז פון נאַציאָנאַל־ייִדישן מיט אוניווערסאַליזם. נאַציאָנאַליזם האָט ביי אים געלעבט בשלום מיט סאָציאַליזם. זיינע ייִדיש־היסטאָרישע און ביבלישע מאָטיוון זיינען געווען אין פולער האַרמאָניע מיט זיינע סאָציאַלע און אוניווערסאַלע מאָטיוון. דערביי איז לעיעלעסן געווען אייגן דער ווייסער פערז, וואָס פאָדערט אויך אַ שטאַרק מוזיקאַליש געהער, אַזוי ווי דאָס געצוימטע ליד, געשריבן אין דער קלאַסישער פאָרעם פון שטרענגער געמאָסטנקייט און ריטמיק. די דאָזיקע לידער זיינע און פּאָעמעס מאַכן דעם איינדרוק פון פערפעקטע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס פון אַ גרויסמייסטער מיט אַן אַבסאָלוטן געהער. אין שעהען פון אַליינשאַפט, ווען איר פאַרטיפט זיך אין זיי, פילט איר, אַז איר ווערט פאַרטראָגן אין אַ וועלט פון קלאַנג און געזאַנג.

ווי אַ מוסטער פון לעיעלעסעס אַבסאָלוטער מוזיקאַלישקייט לאָמיר ברענגען אַזאַ מין צאַרט ליד פון אים — „אַ וויג־ליד“:

חלום, קינד מיינס, שווער די שעה,
חוץ דעם חלום גאָרנישט דאָ.
האַלט די אייגעלעך פאַרמאַכט
דורך דער גאַנצער שוואַרצער נאַכט.

חלום, קינד מיינס, שיין און קלוג,
ערגעץ שטייט אַ פולע קרוג;
פול מיט שלעכטס און בייזן פּלאַם,
מיידן זאָל דיך יעדער סם.

חלום, קינד מיינס, גוט און גרויס,
נישט כדאי פון שלאָף אַרויס.
באַלד וועט שלאָגן זייגער צוועלף,
דרויסן שלייכן שלענג און וועלף.

באַלד וועט שלאָגן זייגער איינס,
ס'לעבן איז געווען אַ שיינס,
האָבן מענטשן עס פאַרשעמט
און פאַרחורבנט און פאַרפרעמדט.

באַלד וועט שלאָגן זייגער פיר,
שטיל איז דאָרט נאָך, פאַר דער טיר.
אַז ס'איז שטיל, איז גאָט צו דאַנק,
זאָל נאָר רויק, שטיל זיין לאַנג.

חלום, קינד מיינס, וויל דער שלאָף.
זאָל דיך מיידן שרעק און שטראָף,
זאָל דיך מיידן פיין און פּלאָג.
חלום, קינד מיינס, — באַלד איז טאָג...

פאַראַן דיכטערס, וואָס לייגן דעם עיקר־טראָפּ אויף דער פאָרעם, אויף האַרמאָניע און קלאַנג, און דער אינהאַלט איז ביי זיי אַ טפל־זאַך. מאַכן אָבער זייערע לידער דעם איינדרוק פון פּראָסטע געשליפענע גלעזלעך, מיט פאַלשן גלאַנץ, אַנשטאָט עכטע בריליאַנטן. ביי לעיעלעסן איז דאָס ליד אַ סינטעז פון פאָרעם־מייסטערשאַפט און אינהאַלט, פון קלאַנג מיט פּאָעטישער אידעע, פון ריטעם מיט פאַרטיפטער סענטענץ. דאָס איז דער סימן מובהק פון אַן אויטענטישן דיכטער, וואָס לעבט אין דער וועלט פון שיינקייט און מחשבה.

***

עטלעכע דערמאָנונגען:

פוילן. אַפּריל 1946. כ'בין אָנגעקומען ווי אַ רעפּאַטריאַנט פון סאָוויעט־רוסלאַנד און זיך פאַרהאַלטן אין לאָדזש, וואָס איז נישט געווען אַזוי

צעשטערט ווי וואַרשע. אין לאָדזש האָט שוין עקסיסטירט אַ שרייבער־פאַר־אײן. דער שרייבער־פאַראײן איז באַלד געוואָרן אַקטיוו. פאָרזיצער איז דעמאָלט געווען לעאָ פינקעלשטיין ע״ה, סעקרעטאַר משה גראָסמאַן ע״ה. ס׳איז שוין דערשינען די צייטונג „דאָס נייע לעבן״, אָרגאַן פון צ. ק פון די ייִדן אין פוילן. רעדאַקטאָר איז געווען בער מאַרק ע״ה (ליידער אַזוי פיל „עליו השלומס״...). עס זיינען אויך דערשינען נאָך אַנדערע צייט־שריפטן פון אַלע פאַרטייען. מ׳האָט נאָך דעמאָלט געקאָנט... אין פוילן האָט נאָך געהערשט דער גייסט פון „בורג־פרידן״... דער שרייבער־פאַראײן האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ ליטעראַרישן חודש־זשורנאַל „ייִדישע שריפטן״ און דעם ערשטן אַלמאַנאַך אונטערן זעלביקן נאָמען. אין 1947 איז לעאָ פינקעל־שטיין אַוועקגעפאָרן צייטווייליק (ס׳איז שפּעטער געוואָרן אויס „צייטוויי־ליק״...) קיין צפון־אַמעריקע און משה גראָסמאַן — קיין שטאָקהאָלם און די פאַרוואַלטונג פון שרייבער־פאַראײן איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן: פאָרזי־צער — בער מאַרק און סעקרעטאַר — אַברהם זאַק. אויך די רעדאַקציע פון זשורנאַל „ייִדישע שריפטן״ האָט זיך געביטן: אפרים קאַגאַנאָווסקי ע״ה, דוד ספאַרד און איך (אַנשטאָט לעאָ פינקעלשטיין).

אַנטקעגן וואָס דערצייל איך דאָס אַלץ?

כ׳דערמאָן עס דערפאַר, ווייל סיי דער זשורנאַל, סיי דער אַלמאַנאַך זיינען דערשינען אַ דאַנק דער הילף, ערשטנס, פון „דזשאָינט״ און, צווייטנס, פון „רעטונגס־פאָנד פאַר פּליטים־שרייבערס״, וואָס איז געבילדעט געוואָרן דורכן י. ל. פרץ־שרייבער פאַראײן און פען־קלוב אין ניו־יאָרק.

און היות ווי איך בין געווען סעקרעטאַר פון שרייבער־פאַראײן, איז מיר אויסגעקומען צו שטיין אין שריפטלעכן קאָנטאַקט מיטן ניו־יאָרקער „רע־טונגס־פאָנד״, בראש פון וועלכן עס איז אויך געשטאַנען א. גלאַנץ לעיעלעס (ווי פאָרזיצער פון ייִדישן פען־קלוב). זיינע בריוו זיינען געווען נישט סתם געשעפטלעכע. עס האָט זיך געשפּירט אין זיי ליבשאַפט, די אויסגעשטרעקטע האַנט פון אַ ברודער.

דער בריוו־אויסטויש מיט לעיעלעסן איז געוואָרן נאָך אָפטער ווען מיר האָבן געשאַפן אויך אַן אָפּטייל פון פען־קלוב. ס׳איז נאָך געווען פאַר „יציאת פוילן״, ווען שרייבערס זיינען נאָך נישט געלאָפן אַזוי בהלהדיק. געווען אַ גאָר פיינע גרופּע שרייבערס דעמאָלט אין לאָדזש. און אויך פון דעם פען־קלוב־אָפּטייל בין איך געווען סעקרעטאַר און געפירט דעם בריוו־אויסטויש מיטן ניו־יאָרקער פען־צענטער.

כדאַי דאָ צו דערמאָנען אַ קוריאָז:

איין מאָל באַקומען מיר אַ בריוו אין ליטעראַטן־פּאַראיין פון ניו־יאָרקער „רעטונגס־פאָנד", אין וועלכן מען פרעגט מיט שפּאָס: „וואָס איז דער שכל, וואָס מיר, יידישע שרייבערס אין אַמעריקע, שטיצן אייער זשורנאַל און איר אַטאַקירט אונדז אַזוי שאַרף?"...

אין דער זעלבער צייט ברענגט מיר אַריין דער מיטרעדאַקטאָר דוד ספּארד אַ מאמר פאַר די „יידישע שריפטן" מיט אַ נייעם שאַרפן אָנגריף קעגן אַמעריקאַנער יידישע שרייבער (איך געדענק נישט אין שייכות מיט וועלכן ענין). האָב איך גענומען דאָס אַרטיקל צוזאַמען מיטן בריוו פון „רעטונגס־פאָנד" און געוויזן עס בערל מאַרקן (דעם פאָרזיצער פון שרייבער־פאַראיין).

— איינס פון די ביידע, — האָב איך געטענהט, — אָדער מיר זאָגן זיך אָפּ פון דער הילף פון די ניו־יאָרקער שרייבערס, אָדער מיר דרוקן נישט אַזעלכע אָנגריפן... הגם פון רעטונגס־פאָנד שרייבט מען אונדז נאָר אין שפּאַסיקן טאָן.

— איר זייט פולשטענדיק גערעכט! — האָט מאַרק מיט מיר מסכים געווען.

און מיר האָבן ביידע ספּאַרדס אַרטיקל „אויסרעדאַגירט" און באַזייטיקט די דראַסטישע שטעלן. ווארים קעגן דער עצם פּאָלעמיק קאָן קיינער גאָר נישט אָנווענדן. הלוואַי וואָלט מען אין די „פּאָלקס־דעמאָקראַטיעס" מיט סאָוויעט־רוסלאַנד בתוכם געקאָנט זיך האַלטן אָן פּרינציפּ פון פרייער פּאָלעמיק אויך לגבי אַלע זייערע איבלען.

## 2

די אויפמערקזאַמקייט פון ניו־יאָרקער „רעטונגס־פאָנד" האָט אונדזער עולם שרייבער־פּליטים באַגלייט אויך בעת „יציאת פוילן", קיין פּאַריז. אויך אין פּאַריזער עטאַפּ, אין דעם ראָטשילד־הויז אויף גי פּאַטען 9, האָבן דאָס רוב שרייבער־פּליטים זיך געניטיקט אין הילף. האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט טיילוויז דער „קאָזשאַסאָר" (אָפּטייל פון „דזשאָינט"), טיילוויז דער „רעטונגס־פאָנד" פון ניו־יאָרקער שרייבערס.

אין פּאַריז בין איך ווידער געווען אין שריפטלעכן קאָנטאַקט מיט לעיע־לעסן. אַ מאָל וועגן פּען־קלוב־ענינים (ס'איז אויך אין פּאַריז געגרינדעט

געוואָרן אַן אָפּטייל פון פען־קלוב), אַ מאָל אויך וועגן ענינים פון שרייבער־פּליטים־קאָמיטעט, ווו איך בין פאָרזיצער געוועזן.

כאַראַקטעריסטיש איז זיין ערשטער בריוו צו מיר, וואָס כ׳האָב באַקומען שוין אין פּאַריז (פון 25טן אויגוסט 1948). ער שרייבט צווישן אַנד.:

„אייער בריוו פון פּאַריז האָט מיך אי דערפרייט, אי אַ ביסל פאַרטרויערט. איך פריי זיך, וואָס איר זייט אויף דער פריי, וואָס איר קאָנט לעבן און ריידן און אויסדריקן געפילן אַזוי ווי איר אַליין פילט. מיך פאַרדריסט, וואָס דער קליינער ייִדישער קיבוץ פון פּוילן פאַרלירט זיין גאַנצע אינטעליגענץ. אָבער דאָס האָט, נאַטירלעך, גאָר נישט צו טאָן מיט דער באַציִונג צו אייך. עס איז גאַנץ קלאָר, אַז אַנדערש האָט איר מסתמא נישט געקאָנט. באַגריס איך אייך מיטן גאַנצן האַרץ אויף אייער נייעם אָרט און ווינטש אייך אין נאָמען פון ייִדישן פען־קלוב, און פון אַלע חברים און קאָלעגן שרייבערס, ברכה און הצלחה אין אַלץ וואָס איר וועט טאָן“.

איך האָב פאַרשטאַנען זיין ווייטאָג איבער דעם קליינעם קיבוץ אין פּוילן. אַ קיבוץ, וואָס ווערט אַלץ קלענער און איינגעשרומפּענער. אויך מיך האָט באַהערשט דער זעלביקער צער, דער זעלביקער ווייטאָג. מהאי טעמא בין איך געוועזן פון די שפּעטסטע, וואָס זיינען פון דאָרט אַרויסגעפאָרן, — הגם די קאָלעגן פון שטאָקהאָלם (משה גראָסמאַן, נחום באָמזע, ע״ה, יוסף רובינשטיין, רחל קאָרן) האָבן אין זייערע בריוו צו אונדז, די ערב־עמיגראַנטן, דערמאָנט, אַז זיי וואַרטן דאָרט אויף אונדז ביי די פיאָרדן... אָבער ס׳איז מיר פּסיכיש שווער געוועזן דאָס אַרויספאָרן. ס׳איז מיר שווער געוועזן זיך צו שיידן מיט די קופּעס ציגל אין וואַרשעווער געטאָ... אָבער...

אויך לעאָ פינקעלשטיין, וואָס איז פון פּוילן אַרויסגעפאָרן ציטווייליק, בלויז אויף אַ באַזוך אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט לכתחילה דאָרט פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל „אדמת קודש“; אַז ייִדן דאַרפן בלייבן אויף דער פּוילישער ערד, וואָס איז געהייליקט געוואָרן מיט אַ מבול ייִדיש בלוט... אָבער לסוף, אַז דער פּאָליטישער קלימאַט אין פּוילן האָט זיך געענדערט און ס׳האָבן אַ בלאָז געטאָן קאַלטע ווינטן, איז ער אַליין — דער פּריידיקער פון „דאָ׳קייט“ — שוין נישט צוריקגעקומען.

פון לעיעלעס׳ בריוו האָב איך תמיד אַרויסגעפילט זיין ליכטיקע פּערזענלעכקייט. ס׳איז ביי מיר תמיד געוועזן אַ פאַרלאַנג אים פּערזענלעך צו זען. ס׳האָט מיך אינטעריגירט: ווי זעט אויס דער מענטש מיט אַזאַ פיינער נשמה?

פּאַריז איז דאָך אַ וועלט־צענטער, ווו עס פלעגן זיך אָפּט ווייזן ייִדישע שרייבער פון ניו־יאָרק און פון אַנדערע מקומות. אַזוי האָבן מיר אויפגענו־מען ה. לייוויקן, יעקב גלאַטשטיינען, איציק מאַנגערן, מלך ראַוויטשן, אפרים אויערבאַכן, יואל מאַסטבוימען, בעריש וויינשטיינען, ש. מאַרגאָשעסן, הלל ראָגאָפן, יעקב פּאַטן, ד״ר הענדינגען א״אַנד. אָבער נישט געוויזן האָט זיך קיין מאָל אין אונדזער צייט גלאַנץ־לעיעלעס.

די געלעגנהייט לעיעלעסן צו זען פּנים־אל־פּנים האָב איך געהאַט ערשט מיט יאָרן שפּעטער — אין 1959, ווען כ׳בין געקומען קיין ניו־יאָרק פון אַרגענטינע ווי אַ דעלעגאַט פון היגן אָפּטייל צום צווייטן צוזאַמענפאָר פון קולטור־קאָנגרעס. אויפן קבלת פּנים־אָוונט פאַר די דעלעגאַטן, בעת איך בין געזעסן אויף דער טריבונע, איז אַהין אויך אַרויפגעקומען לעיעלעס, ווי אַ נאָנטער מיטבויער פון קולטור־קאָנגרעס. ער האָט זיך געגריסט מיט דעם און מיט יענעם און צוקומענדיק צו מיר, האָט ער גלייך ווי אַן אַלטער באַקאַנטער פריינד, זיך צעקושט מיט מיר. כ׳בין געווען גערירט: אַ האַרץ אַפּנים פילט אַ האַרץ.

מחמת די אומשטענדן אין יענעם אָוונט האָבן מיר געהאַט די געלעגנ־הייט קוים נאָר צו טוישן זיך מיט געציילטע פראַזן. אַ בעסערע געלעגנהייט פאַר אַ ברייטערן שמועס האָבן מיר געהאַט ביי אַן אויפנאַמע אינעם גאַסט־פריינטלעכן הויז פון פּראָפ׳ מרדכי קאָסאָווער. געווען דאָרט אַן עכטע ליטעראַרישע מסיבה: דער גאַסטגעבער מרדכי קאָסאָווער, אהרן גלאַנץ־לעיעלעס, יעקב גלאַטשטיין, יודל מאַרק — אַלע מיט זייערע פרויען, פאַר־שטייט זיך. געווען אויך ליפאַ לערער, דער מעצענאַט יעקב בערג און אַנדערע. אין מיין וואָרט, וואָס פּראָפ׳ קאָסאָווער האָט מיר צוגעטיילט, האָב איך אויסגעדריקט צוו״אַנד מיין באַדויער, וואָס מיר איז שוין נישט באַ־שערט צו טרעפן דאָ צווישן זיי אַלעמען דעם דיכטער נחום ברוך מינקאָוו ז״ל — דעם נאָנטסטן „אין־זיך״־חבר פון לעיעלעסן און גלאַטשטיינען. אויך מינקאָוון האָב איך געקענט נאָר דורך אַ לאַנגן בריוו־אויסטויש (אין שייכות מיט דער אויסגאַבע פון מיכל ליכטס ביכער אין בוענאָס־איירעס, וועלכע זיינען דערשינען אונטער מיין השגחה) און אין שייכות מיט דער „צוקונפט״, ווו מינקאָוו איז געווען יאָרן־לאַנגער רעדאַקציע־סעקרעטאַר. אויך מינקאָוו איז געווען אַ ליכטיקע פּערזענלעכקייט מיט אַ זעלטן אײדעלער נשמה. דאָס האָב איך שטענדיק אַרויסגעפילט פון זיינע אָפּטע בריוו. בריוו אייגנטלעך

דאָס רוב ריין געשעפטלעכע, אָבער פון צווישן די שורות האָט תמיד אַרויסגעשטראַלט אצילות.

גלאַנץ־לעיעלעס איז תמיד, פון זיינע יונגע יאָרן אָן, געוועזן אויך געזעלשאַפטלעך און פּאָליטיש אַקטיוו און דעמאָלט איז ער אגב געוועזן אויך מיין אידעען־חבר (איך מיין דאָ די „ס.ס.־ישע" צייטן. אין אַמעריקע האָט די פּאַרטיי געהייסן „ס. ט." — סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן, וואָס דאָס איז אַ ריכטיקערע באַצייכענונג). אָבער גראָד די דאָזיקע טעמע איז אונדז ביי די קאַרגע טרעפונגען אין ניו־יאָרק נישט אויסגעקומען צו באַרירן. אגב איז דאָס שוין אַן ענין פון דער פאַרגאַנגענהייט. בלויז סענטימענטן בינדן די פאַרבליבענע, די שרידים פון יענער עפּאָכע און איר אַראָמאַט. ס׳איז לעיעלעסן געבליבן דאָס ברייטע פעלד פון אַרבעט פאַר דער ייִדישער קולטור, פאַר די ייִדיש־פּאָזיציעס אין ייִדישן סעקטאָר.

אויף דעם גרויסן פייערלעכן באַנקעט פון קולטור־קאָנגרעס ביים סיום פון צוזאַמענפאָר אין סטאטלער־האָטעל האָט לעיעלעס געהאַלטן די פּאַטעטישע שלוס־רעדע. געוועזן אַ צוויי טויזנט־קעפּיקער עולם. ער האָט גערעדט וועגן דער המשכדיקייט פון דער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס איז אויפגעגאַנגען ווי אַ וווּנדער. ער האָט דערמאָנט די דורות שעפערישקייט. „דאָ אין זאַל — האָט ער געזאָגט — געפינען זיך שרייבער פון דריי דורות."

און ס׳האָט מיך דורכגענומען ווי אַ ציטער, אַ מין אימתה דציבורא, בעת ער האָט דערביי דערמאָנט מיין נאָמען ווי פון איינעם פון די יונגסטע פון פרצעס דור.

איך האָב איין טאָג זיך אָפּגערעדט מיט לעיעלעסן אויף אַן עקסטרע באַגעגעניש; אָבער פּלוצלונג טעלעפאָנירט ער מיר אין האָטעל, אַז ער דאַרף צופאָרן קיין מאָנטרעאָל צו סוקסעווערן, וועמען די אַמעריקאַנער באַהערדן ווילן בשום אופן נישט געבן קיין אַריינפאָר־וויזע מחמת „אַלטע חטאים"...

אויך אין בוענאָס־איירעס האָב איך פון צייט־צו־צייט באַקומען בריוו פון לעיעלעסן. איין מאָל (אין 1959) אין שייכות מיט שאַפן דאָ אין אַרגענטינע אַן אָפּטייל פון פּען־קלוב (וועגן זעלבן ענין האָט מיר אויך געשריבן דער פּאָעט לעאָן פיינבערג). אָבער נאָך דעם ווי עס איז פריִער דורכגעפאַלן דער פּרוּוו אין ד״ר יעקב שאַצקיס קאַדענץ, האָב איך לסוף שוין נישט געזען קיין מעגלעכקייט צו באַנייען די דאָזיקע איניציאַטיוו: שווער געווען די היגע ביסל צעקריגטע שרייבערס צונויפברענגען ביי איין טיש...

אַ צווייט מאָל האָט ער (ווי אויך לעאָ פיינבערג) געשריבן וועגן דעם פּראָ־

יעקטירטן וועלט־צוזאַמענפאָר פון ייִדישע שרייבערס, וואָס דער ניו־יאָרקער פען־צענטער פלאַנט צונויפצורופן. דער מצב פון ייִדיש און די מערכה פון דער ייִדישער קולטור האָט אים רוען נישט געלאָזט. איז ער אַרויס מיט אַ „ס.אָ.ס.״ צו ייִדישע שרייבערס אין דער וועלט, וועמען ער׳ האָט געוואָלט צונויפברענגען אויף אַ גרויסן פאָרום. אָבער פון דעם דאָזיקן פאַרמעסט האָט זיך גאָר נישט אויסגעלאָזט. דאָס קאָנען באַווייזן אונדזערע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס מכל המינים און פאַרבן: יענע באַזיצן אַפּאַראַטן און פאָנדן... דערויף מאַכט מען דאָך קאַמפּיינען...

דעם לעצטן בריוו פון גלאַנץ־לעיעלעס האָב איך באַקומען אין ערשטער העלפט פון פאָריקן נאָוועמבער. אַ בריוו געשריבן אין אַ זייער חברישן טאָן. דערביי איז געווען בייגעלייגט זיינע אָפּשאַצונג וועגן מיין נייעם בוך „אין קיניגרייך פון ייִדישן וואָרט״, געדרוקט אין „טאָג־מאָרגן־זשור־נאַל״. אַן אָפּשאַצונג מיט אַ סך האַרץ און סענטימענט. ער שרייבט, אַז סיי די דאָזיקע אָפּשאַצונג, סיי אַ פריִערדיקע אָפּשאַצונג זיינע וועגן אַן אַנדער בוך מיינעם („אין אָנהייב פון אַ פרילינג״) וועלן אַריין אין זיין נייעם בוך ליטעראַרישע עסייען, וואָס איז שוין גרייט צום דרוק.

באַטראַכט איך עס איצט פאַר זיין לעצטן גאָב פאַר מיר... ווי אַ רעליק־וויע...

ווייטער דערציילט לעיעלעס אינעם דערמאָנטן בריוו:

„מיר, — כ׳מיין דער ניו־יאָרקער פען־צענטער, — גרייטן זיך אַרויס־צוגעבן אַ זאַמלונג פון אַלע אַרטיקלען וועגן און אַרום דעם פען־קאָנגרעס, וואָס איז דאָ פאָרגעקומען אין ניו־יאָרק צווישן זעקסטן און צוועלפטן יוני. מיר האָבן געדאַרפט פירן אַ ביטערע באַטאַליע קעגן די קאָמוניסטישע און פּראָ־קאָמוניסטישע כוחות. אָבער מיר האָבן דורכגעהאַלטן און געוווּנען. אויב נישט אין ניו־יאָרק, איז אין אַרנהעם, האָלאַנד, ביי דער סעסיע פון דעם נייעם עקזעקוטיוו־ראַט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּ.ע.נ.״ (געמיינט די רעזאָלוציע קעגן חרם אויף דער ייִדישער שפּראַך און קולטור אין סאָוויעט־רוסלאַנד. א. ז.).

צום סוף בעט ער כ׳זאָל אים צושיקן פאַר דער זאַמלונג יעקב גלאַט־שטיינס אַן אַרטיקל וועגן דעם פען־קלוב־קאָנגרעס, וואָס איז בשעתו גע־דרוקט געווען אין דער היגער „די אידישע צייטונג״. כ׳האָב, פאַרשטייט זיך, גלייך דערפילט לעיעלעסעס בקשה און דערביי אים אָנגעפרעגט עפּעס וועגן אַן אַנדער ליטעראַרישן ענין. אויף מיין בריוו האָב איך שוין קיין

תשובה נישט באַקומען. דאָס האָט מיך שטאַרק געחידושט: ס׳איז נישט אין לעיעלעסעס טבע געווען נישט צו ענטפערן. שפּעטער איז עס מיר אויפ־געקלערט געוואָרן: שפּיטאָל... און — דער טראַגישער פינאַל...

א. גלאַנץ־לעיעלעס האָט ביז זיינע לעצטע טעג נישט אַרויסגעלאָזט זיין פּען פון האַנט און איז דערביי געווען כסדר אַקטיוו אויף ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעך. זיין אַרט ביי דער סאַמע מזרח־וואַנט איז געבליבן ליידיק. געבליבן נאָך אים אבלות אין די הערצער פון חברים־שרייבערס, וואָס האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט פּיעטעט און ליבשאַפט. לעיעלעס וועט אויך פעלן — שטאַרק פעלן! — אין די רייען פון די קעמפער פאַר דער ייִדיש־וועלט־לעכער קולטור און אונדזער מאַמע־ייִדיש אויף דער מבולבלדיקער ייִדישער גאַס, ווו סנאָבן און איגנאָראַנטן פלאַפּלען וועגן איר אונטערגאַנג...

וועגן זיין פאַרליבטקייט אין ייִדיש לשון האָט זיך לעיעלעס אַ מאָל אַרויסגעזאָגט (אין אַ שמועס מיטן דיכטער און ליטעראַטור־קריטיקער א. טאַבאַטשניק):

„איך האָב ליב ייִדיש מיט מיין גאַנץ לייב און לעבן. ממש ראַמעאָ־מעסיק. ייִדיש איז מיין לעבן. אַלץ וואָס איז מיר באַשערט, וויל איך עס זאָל זיין פאַרבונדן מיט ייִדיש. אָדער ייִדיש, אָדער גאָר נישט. ייִדיש — דאָס בין איך. איז מיר אויך געגאַנגען אין אַ זייער גרויסער מאָס צו ווייזן, אַז אויף ייִדיש, אויף דעם לשון, וואָס אַזאַ טאַלאַנטפולער פּאָעט ווי שמעון פרוג האָט זיך פאַרנומען צו באַליידיקן מיט „יאַטקע־שפּראַך״ און נאָך אַזוינע צאַצקעדיקע באַצייכענונגען, אַז דווקא אויף ייִדיש קאָן מען אויס־טאָקן אַלע פּאָעטישע פאָרמען און דערגרייכן די ראַפינירטע מעלאָדיק, בויען די סובטעלסטע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס. דאָס האָט אויך געשפּילט אַ ראָלע ביי מיר און שפּילט נאָך איצט. נאָך איצט געפינען זיך מענטשן פלאַכע, אומוויסנדיקע, וואָס ריידן וועגן ייִדיש מיט אַ נאָזדרייעניש און מיט אַ נודנע־נאַרישער זעלבסטזיכערקייט, אַז עס איז אַן אָרעם לשון, וכדומה און אַזוי ווייטער. ס׳איז עם־הארצות און פּשוטער אומזין״.

אין זיין פּאָעמע „צו אייך ייִדישע דיכטער״, געשריבן אין פּערפעקטע אָקטאַוון, געפינען מיר צוו״אַנד אַזעלכע סטראָפן:

דיכטער ייִדישע, איר מיינע נאָנטע ברידער,
ברידער פון דעם זעלבן עלנט, פון דעם זעלבן יאָך,
פון דעם זעלביקן פאַרלוירעניש און בראָך —
כ׳שרייב צו אייך די שורות, אַזאַ ליד פון לידער,

מײַן אינטימסטע שטים, וואָס ווידערהאַלט און ווידער
קלינגען וועט אי היינט, אי מאָרגן און דערנאָך.
האָרכט מײַן וואָרט דורך אייער זוכן, לײַדן, האַווען,
אין געצוימטע און געמאָסטענע אָקטאַוון.

**און אַ פּאָר סטראָפעס ווייטער:**

אונטערגאַנג איז אונדזער טעגלעך ברויט און אָטעם,
ס'אַראַ האַרבע לחמא עניא, ס'אַראַ טערפּקע שפּײַז!
שוין אויף ערשטע ייִדיש־דיכטער האָט געגלאָצט מיט אײַז
ס'אויג פון לעצטער שעה, פון הענקערשע משפּטים.

גלײַך ווי אונדזער שבטס אויסטערלישער טאַטעם
וואָלט געווען די גרויליקסטע פון אַלע פּלעדערמײַז:
יענע לעגענדאַרע, וואָס מיט דולע אויגן
שוועבט און מוז דאָס בלוט דאָס אייגענע זיך זויגן.

האָט שוין עטינגער אויף אונטערגאַנג געיאָמערט,
מיכל גאָרדאָן האָט געציילט זײַן מוזעס לעצטע טעג,
גאָלדפאַדען האָט צו דער אייביקייט געזוכט אַ וועג
און דערווייל געהערצט־געשמערצט און וויל געשמרט.

בויער פרוג האָט נישט געאפשרט, נישט געטאָמערט,
האָט אַ מאַך געטאָן אויף ייִדיש און מיט כעס אַוועק.
ייִדיש־דיכטונג — אַ באַרוף נאָר פאַר מאַרטירער,
ייִדיש־דיכטער — אומבאַשירעמטע פאַרליִרער.

**און נאָך די ביטערע און סאַרקאַסטישע שורות קומט ווייטער אַ טריומפירנדיקע האָפערדיקע סטראָפע:**

אונדזער ליד פון זיבנפאַכעדיקן הימל,
אונדזער ליד, מיט טוי און נויט פון יעדן לאַנד גענערט,
קאָן עס נישט באַפרוכפּערן פון ס'ניי נאָך יעדע ערד?
אָ, מיר האַלטן ווייט פון אַלף, בית און גימל,

אונדזער ליד, נאָך נעכטן ערשט אַ גרעזל, בלימל,
איז שוין אַ צעוואָקסנקייט וואָס זעלטן ווער באַשערט.
אויב אונדז שטויסט אַ האַנט צו סאַמע לעצטער נידער,
לאָמיר זינגען הײַנט די העלסטע, העכסטע לידער,

די אמתע ראיה וועגן דער עשירות פון אונדזער געלייטערט לשון און ליד האָט גלאַנץ־לעיעלעס באַוויזן מיט זיין אייגענער רייכער פּאָעטישער יצירה, מיט זיינע הונדערטער, אַ סך הונדערטער לידער, פּאָעמעס, באַ־לאַדעס, דראַמעס און עסייען, וועלכע זיינען אין משך פון זיין זעכציק־יאָ־ריקער שעפערישקייט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין צאָלרייכע ליטעראַרישע צייטשריפטן און טריבונעס און צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין זיינע וואָגיקע ביכער און פּובליקאַציעס, וואָס וועלן פאַרבלייבן אין אונדזער ליטעראַטור ווי אַ ווערדיקער מאָנומענט נאָך אַ גרויסער דיכטערישער פּערזענלעכקייט.

בוענאָס־איירעס, מאַרץ 1967.

# יוסף אָפּאַטאָשו

(צו זיין ערשטן יאָרצייט) *

יום־כיפור איז געוואָרן אַ יאָר, ווי די יידישע ליטעראַטור — און בכלל דאָס יידישלאַנד — האָט פאַרלוירן איינעם פון אירע גרעסטע זיילן, דעם פּראָזע־מייסטער יוסף אָפּאַטאָשו.

אָפּאַטאָשוס טויט האָט פילפאַכיק פאַרגרעסערט אונדזער פאַריתומטקייט. אין משך פון איין האַלבן דור לערך — אין די לעצטע 15 יאָר — האָט די יידישע ליטעראַטור, די יידישע קולטור געליטן די גרעסטע, די מוראדיקסטע קלעפּ, וואָס עס קען די יידישע געשיכטע, די יידישע מאַרטיראָלאָגיע.

פון איין זייט די טאָטאַלע פאַרניכטונג פון אונדזערע שענסטע גייסטערס, פון אונדזערע וואָרט־קינסטלערס און דענקערס אין מזרח־אייראָפּע דורך די דייטשע תלינים. פּאַראַלעל מיט די מיליאָניקע פאַרלוסטן פון אונדזער פאָלק האָבן די אבידות פון דער יידישער ליטעראַטור זיך געציילט אין די הונדערטער, הונדערטער. נאָך קיין מאָל אין אונדזער געשיכטע איז די יידישע גייסטיקע עליטע נישט אָפּגעגאַנגען מיט אַזוי פיל בלוט ווי אין יענע טראַגישע יאָרן.

אָבער זעט אויס, אַז די דאָזיקע עקידה איז דעם שר־המשחית נאָך געווען ווייניק. און הגם עס איז שוין געווען נאָכן דערהויבענעם נצחון פון

---

* אַריינפיר־וואָרט אויף דער אָפּאַטאָשו־אַקאַדעמיע, אַראַנזשירט דורכן שרייבער־פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג", קולטור־קאָנגרעס און „ייוואָ" אין בוענאָס־איירעס.

די פרייע פעלקער איבער די דייטשישע איבער־תּליונים: הגם עס האָבן איבער די חורבות פון אַ וועלט אַ ווייע געטאָן די מילדע ווינטלעך פון „פעלקער־פרילינג" — איז געקומען דאָס יאָר 1948 מיט זיינע נייע גרוילן פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור. און דאָס אין אַ ווינקל פון כּדור־הארץ, ווו ס'איז צום ווינצקיסטן געווען עס צו דערוואַרטן — אין לאַנד פון כּלו־מרשטן „סאָציאַליזם". און אין אויגוסט 1952 איז געקומען דער טראַגי־שער פינאַל: ס'איז „ביים וועגטל" ליקווידירט געוואָרן אַ גאַנצע צאָלרייכע פלעיאַדע ייִדישע שרייבערס — צווישן זיי גאָר גרויסע קינסטלערס פון ליד און פון דער פּראָזע.

נאָך די דאָזיקע צוויי טאָטאַלע עקסטערמינאַציעס — ווו מער, ווו ווי־ניקער — האָט אויך דער אַזוי גערופענער „נאָרמאַלער" טויט די לעצטע יאָרן אָנגעמאַכט אַזאַ חורבן אין אונדזער ליטעראַטור. ער האָט אַרויסגע־ריסן מיט אַזאַ אַכזריות פון אונדזער ליטעראַרישן גאָרטן די שענסטע פלאַנצן, די קרעפטיקסטע ביימער, דעמבן ממש!

אַזוי אָפט לעצטנס דער טויט צווישן אונדזערע שרייבערס, צווישן אונדזערע וואָרט־מייסטערס. אין איין יאָרצענדליק האָט די ייִדישע ליטע־ראַטור אין די פאַראייניקטע שטאַטן — אַחוץ אָפּאַטאָשון — פאַרלוירן אַזעלכע שיינגייסטערס, ווי: אַברהם רייזען, פּרץ הירשביין, זישע לאַנדוי, מאַני לייב, מנחם, ז. סעגאַלאָוויטש, י. י. סיגאַל, נחום באָמזע, ראובן אייז־לאַנד יוסף ראָלניק, חיים גרינבערג און נאָך, און נאָך אַנדערע.

די ייִדישע ליטעראַטור באַווייזט נישט אויסצוטאָן די אָבלדיקע טראַכט נאָך איין אבידה, ווי דער אַכזריותדיקער טויט טראָגט אונדז אונטער אַ פרישן קרבן...

יוסף אָפּאַטאָשו, וועמען מיר דערמאָנען און באַערן היינט, איז געווען אין אונדזער ליטעראַרישן גאָרטן אַ טיף־איינגעוואָרצלטער דעמב, וואָס האָט געצויגן זיין יניקה פון אַלע אונדזערע דורות, נאָענטע און ווייטע. ער האָט איבערגעוואָרפן אַ בריק פון אונדזער הווה, פון אונדזערע טעג, דורך די פוילישע וועלדער, ביז העט ווייט אין אונדזערע עברדיקע תּקופות; פון קאָצקער „הויף" ביז די העראָישע ליכטיקע געשטאַלטן פון אַ ר' עקיבא און בר־כּוכבא. אָפּאַטאָשו האָט דאָס ייִדישע לעבן מיט זיין גייסטיקער פע־ריפעריע געזען נישט נאָר ד' אַמותדיק, אין זיין צייט און אין זיינע טעג, נאָר אין געשיכטלעכן פאַרנעם, אין דער ברייטקייט און טיפקייט פון גאַנ־

צע דורות ייִדישקייט. און פונקט ווי אים זיינען געווען נאָענט די העלדן פון דער היינטצייטיקייט, פון זיינע קורצע נאָוועלעס אָדער ראָמאַנען פון דער אַלטער און נייער היים — אַזוי האָט ער זיך אויך געקאָנט אַריינלעבן און אַריינפילן אין יענעם גייסט פון וויטן עבר, אין יענעם פייזאַזש, אין יענעם אַלט־ייִדישן קאָלאָריט — אין ריטעם פון אונדזער געשיכטע.

אין אַן עסיי וועגן פּרצען, זאָגט אָפּאַטאָשו:

„ייִדישקייט, סאָציאַלע גערעכטיקייט איז ביי זיי (ביי די דיכטערס, הייסט עס) אַ דראַנג צו ווערן איינס מיט די פאַרגאַנגענע דורות, מיט דער מענטשלעכער גאַנצקייט, מיט דער אייביקייט. דאָס איז געווען דער וועג פון יהודה הלוי, דער וועג פון יצחק לייבוש פּרץ".

און איצט בעט זיך עס צוצוגעבן:

„און דער וועג פון יוסף אָפּאַטאָשו"...

***

יוסף אָפּאַטאָשוס קאָליראָפולע פערזענלעכקייט האָט געוועקט אין אונדזערע הערצער פּיעטעט, דרך־ארץ. ווייל ער אַליין האָט זיין שרייבערישע שליחות אויסגעפירט מיט דער גרעסטער אַחריות און פּיעטעט פאַרן געשריבענעם וואָרט. מיר האָבן עס אַרויסגעפילט פון איטלעכער שורה זיינער.

אָפּאַטאָשו האָט גוואַלדיק ליב געהאַט דאָס ייִדישע לשון. ער איז ביי אונדז געווען איינער פון די גרעסטע אוהבי־ייִדיש.

מיט וויפל ליבע האָט ער תמיד געשליפט, פּאָלירט זיין ייִדישן סטיל, אַריינגעטיפט זיך אין דער נשמה פון אונדזער לשון־ייִדיש, און מיט וויפל אהבת־נפש האָט ער זיך איינגעשטעלט פאַר ייִדיש קעגן די אַלע פאַרלוימדערס און פאַרניינערס.

„אַן העברעיִש, — האָט אָפּאַטאָשו געזאָגט — זיינען מיר גייסטיקע יורדים, אַן ייִדיש — האָבן מיר נישט קיין אייגענע צונג, קיין אייגענעם חותם. אַן ייִדיש — פעלט אונדז דער ייִדישער לבוש, דער ייִדישער פורעם, וואָס פאַראייביקט אינהאַלט; וואָס פאַראייביקט נישט בלויז ס'אייגענע לעבן, נאָר וואָס כאַפּט־אויף פרעמדן אינהאַלט. און אַ דאַנק דעם ייִדישן לבוש, אַ דאַנק דעם ייִדישן פורעם ווערט דער פרעמדער אינהאַלט נאַציאָנאַל פאַרמעגן. דער פרעמדער אינהאַלט ווערט אויף תמיד געייִדישט".

און ווי נייטיק איז אונדז יוסף אָפּאַטאָשו אין די צייטן, ווען ייִדיש

ווערט דאָ און דאָרטן גרינגעשאַצט, דעגראַדירט; ווען עס ווערן געשטעלט די פּריציייטיקע „פּראָגנאָזן" וועגן אונטערגאַנג פון ייִדיש...

נישט קיין חידוש, וואָס אָפּאַטאָשוס אומגעריכטער טויט איז אַזוי פּיל־באַר און ווייטיקלעך פאַר דער גאַנצער ייִדישער קולטורוועלט. ס'איז אַן אבידה שאינה חוזרת.

בוענאָס־איירעס, 1955

# דער זייל פון אונדזער דראַמאַטורגיע

(געשריבן צו דער פטירה פון פרץ הירשביין)

די ייִדישע ליטעראַרישע וועלט לעבט אונטערן צייכן פון אַ פרישער אַבידה: דער טויט האָט אַרויסגעריסן פון אונדזערע רייען איינעם פון אונדזערע שעפערישסטע שריפטשטעלערס — דעם דראַמאַטורג פרץ הירשביין. אין אַלע ייִדישע קיבוצים פון דער וועלט האָט די דאָזיקע ידיעה אַרויסגערופן טיפן טרויער.

פרץ הירשביינס פּאָזיציע אין דער ייִדישער ליטעראַטור — באַזונדערס אין דער דראַמאַטורגיע — איז זייער אַ דערהויבענע. מיט זיין נאָמען איז פאַרבונדן דער רענעסאַנס פון אונדזער מאָדערנעם ייִדישן טעאַטער. זיינע דראַמעס גייען נאָך עד־היום נישט אַראָפּ פון בעסערן ייִדישן רעפּערטואַר.

געקומען צו דער דראַמע איז פרץ הירשביין נישט ביי זיינע ערשטע טריט אין דער ליטעראַטור. צום אָנהייב איז ער דורך און דורך ליריקער, בעל־חלומות.

געבוירן אויפן ישוב (אַ דאָרף ביי קלעשטשעל, גראָדנער געגנט), פאַרברענגענדיק די קינדער־יאָרן ביי אַ טאַטן אַ מילנער, צווישן ליטווישע פעלדער און וועלדער, איז צו אים באַלד אין דער פּריסטער יוגנט געקומען אַן אומגעשטילטע בענקשאַפט, וועלכע שיידט זיך שוין מיט אים נישט אויף זיין ווייטערדיקן לעבנסוועג. די דאָזיקע בענקשאַפט הירשביינס איז אַ טיפע, אַן אומקלאָרע. זי האָט נישט לכתחילה קיין אויסגעשפּראָכענעם נאָמען. זי קלינגט־אַרויס פון זיין נשמה דורך זיינע שאַפונגען אויף לירישע אינטימע סטרונעס.

פרץ הירשביין איז אין זיין עצם וועזן אַ גאַנץ לעבן געבליבן טרוימער. אַפילו אין זיינע שאַפונגען פון ריין־רעאַליסטישן זשאַנער זעט מען בולט דעם בעל־חלומות. הירשביין איז קיין מאָל נישט מיטגעריסן געוואָרן פון

רויען רעאַליזם. פון אַלץ אין דער יצירה שפירט ער אַרויס אַ נשמה־יתירה, אַ דערהויבנקייט. נאַטור און מענטש זיינען ביי אים אייביק באַהויכט מיט אַ הימליש ליכט, ווי מיט אַן אָפּגלאַנץ פון זיו השכינה... דערפאַר טאַקע זיינען פּרץ הירשביינס דראַמעס שטימונג־דראַמעס אַפילו דעמאָלט, ווען זיי באַהאַנדלען ערדישע, גשמיותדיקע ענינים.

דער אויפבלי פון פּרץ הירשביינס טאַלענט איז אויסגעפאַלן גראָד אין דער רענעסאַנס־תקופה פון דער נייער יידישער ליטעראַטור. אין יענע יאָרן איז אַ שריפטשטעלער אויפגענומען געוואָרן ווי אַ כהן גדול, וואָס טוט אַן עבודת הקודש. און ווי גינסטיק איז עס פאַר אַ שריפטשטעלער צו דער־ שיינען אין אַזאַ צייט, ווען זיין וואָרט דערגייט צו אַ מאַסע, ווען עס רופן זיך אָפּ הערצער מיט אַן עכאָ.

אין ווילנע איז דעמאָלט דערשינען די ערשטע ערנסטע יידישע צייט־ שריפט „ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטן", וואָס האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך די שענסטע פון די נייע יידישע טאַלענטן. יעדן נומער פון דערמאָנטן זשורנאַל האָט די יידישע יוגנט אויפגענומען מיט דער גרעסטער באַגייס־ טערונג. אין די דאָזיקע „ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטן" האָט פּרץ הירש־ ביין דאַן אָפּגעדרוקט זיינע „וואַנדערער־טרוימען". די דאָזיקע שטימונג־ פולע געזאַנגען אין פּראָזע האָבן אין יענער צייט געמאַכט אַ רושם און שוין דאַן איז הירשביין געקרוינט געוואָרן אַלס ליריקער, אַלס טרוימער, ווי אַ מענטש נישט נאָר פון אונדזער גרויער ערד, וואָס פאַר זיין בליק זיינען אָפן ווייטע, אומבאַקאַנטע שיינקייטן, פאַר זיין אויער — די כישופ־ דיקע קלאַנגען פון אומזעבאַרע וועלטן.

זינט יענעם אָנהייב הירשביינס זיינען אַ סך וואַסערן פאַרלאָפן, און ווען מיר מאַכן איצט ביי זיין פרישן קבר אַ סך־הכל וואָס פּרץ הירשביין האָט אונדז געגעבן אין זיין פרוכטבאַר און שעפעריש לעבן, איז דער רעזולטאַט אַן עשירותדיקער — סיי אין איכות, סיי אין כמות. דער עיקר, פאַרשטייט זיך, אין געביט פון דראַמע. הירשביין איז אויסגעוואַקסן אַלס איינער פון די בעסטע און געציילטע יידישע דראַמאַטורגן. זיינע פּיעסן זיינען פאַקטיש די זיילן, אויף וועלכע עס האַלט זיך דאָס יידישע טעאַטער שוין העכער אַ דור אומעטום, ווו עס עקסיסטירט נאָר אַ יידישער קיבוץ און ווו עס בליט די יידישע קולטור. נישט געווען ערגעץ קיין בעסערע יידישע טרופּע, וואָס אין איר רעפּערטואַר זאָל דעם אויבן־אָן נישט פאַר־ נעמען פּרץ הירשביין.

מיט דער „פוסטער קרעטשמע", מיט די „גרינע פעלדער", איז פאַר־בונדן דער אַרעאָל פון דער אַמאָליקער „ווילנער טרופּע". דאָס זעלבע קאָן אפשר אויך געזאָגט ווערן וועגן מאָריס שוואַרצס אַמאָליקן קינסטלערישן טעאַטער אין ניו־יאָרק אאַ"וו.

הירשביין האָט געלייגט דעם יסוד פאַר דער מאָדערנער ייִדישער דראַ־מע. ער איז געקומען צום ייִדישן טעאַטער מיט אַ שלל פאָלקסטימלעכקייט און אויך מיט זיין פאַרן נייעם ייִד. ער איז געקומען מיט אַ פרישן שאַפונג־קוואַל, מיטן אַראָמאַט פון וואַלד און פעלד. פון זיינע דאָרפס־ייִדן ווייעט אויף אונדז מיט געזונטקייט, מיט אוממיטלבאַרער פשטות, מיטן אָטעם פון רויערד.

נאָך דער גאָרדין־עפּאָכע אין ייִדישן טעאַטער איז פרץ הירשביין דער־שינען ווי אַ ווייטערדיקער עטאַפּ, ווי אַ העכערע דערגרייכונג און פון אים הויבט זיך פאַקטיש אָן אַ נייע ערע פאַר דער ייִדישער בינע.

ווי ווייט ייִדיש טעאַטער איז פרץ הירשביינען געלעגן אינעם בלוט, באַווייזט דער ווייטערדיקער עפּיזאָד:

אין 1908, בעת דאָס ייִדישע טעאַטער איז נאָך בכלל געשטאַנען אויף אַ נידעריקן ניוואָ, מאַכט הירשביין אַן עקספּערימענט און אָרגאַניזירט אין אָדעס אַ טרופּע פון בעסערע יונגע ייִדישע אַקטיאָרן. מיט דער דאָזיקער טרופּע איז ער אַרומגעפאָרן איבער די ייִדישע ישובים פון ברייטן רוסלאַנד מיט אַ רעפּערטואַר פון י. ל. פרץ, שלום אַש, דוד פּינסקי און זיינע אייגע־נע דראַמען. די דאָזיקע וואַנדער־טרופּע האָט זיך געהאַלטן לערך צוויי יאָר צייט און איז אין 1910 מחמת אַ ריי סיבות צעפאַלן געוואָרן. אָבער אַלנפאַלס האָט דער דאָזיקער עקספּערימענט הירשביינס געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער סצעני־שער קונסט ביי ייִדן.

**
*

אַ באַדייטנדיק אָרט אין זיין פּראָדוקטיוון שאַפן פאַרנעמט ביי הירש־ביינען די וועג־ליטעראַטור. אַן אומרויִקער גייסט — איז פרץ הירשביין געוואָרן דער וועלט־וואַנדערער אין משך פון יאָרן. ער האָט כמעט אויס־געמאָסטן דעם גאַנצן כדור־הארץ אין דער לענג און אין דער ברייט. עס האָט זיך אים פון לאַנג איינגעוועבט אין זיינע חלומות אַן ערגעץ־לאַנד —

האָט ער עס אַרומגעזוכט אין אַלע וועלט־טיילן, געטריבן פון זיין אומגע־שטילטן אומרו.

אַ דאַנק אָט די וואַנדערונגען הירשביינס איז די יידישע ליטעראַטור באַרייכערט געוואָרן מיט גאַנצענע סעריעס פאַרבנרייכע רייזע־בילדער. אין די דאָזיקע רייזע־בילדער האָט אונדז הירשביין געגעבן די ווייטע עקזאָטי־שע וועלט מיט אירע פאַנטאַסטישע שיינקייטן. ער האָט פאַר אונדז פו־נאַנדערגעוויקלט אַנדערע הימלען — קלאָרע, לויטערע, צעבלויטע; גע־וויזן אונדז די עקזאָטישסטע בלומען, די שפּילעוודיקסטע פאַרבן. כינע, אַפריקע, אינדיע, יאַפּאַן — ווי אַ באָטשאַפטער פון דער יידישער ליטעראַטור איז ער אַהין געפאָרן דורך די ברייטע און ווייטע ימים און אָקעאַנען און דאָס אַלץ, וואָס זיין אָפן אויג האָט געזען און זיין סובטעלע נשמה איינגע־זאַפּט — האָט ער אונדז געבראַכט במתנה אין אַ קינסטלערישער פאָרם.

***

די אבידה, וואָס עס האָט אונדז געבראַכט דער טויט פון פּרץ הירשביין, איז אַ שווערע, אַ פילבאַרע. באַזונדערס איצט, נאָך אונדזער פאָלקס־חורבן, ווען די יידישע ליטעראַטור האָט פאַרלוירן אַזוי פיל פון אירע שפּין־גייסטער.

פּרץ הירשביין וועט אין אונדזער פאַנטעאָן פאַרנעמען איינעם פון די חשובסטע ערטער. אויף דער יידישער בינע וועט ער נאָך לאַנג, זייער לאַנג לעבן.

„קיום", פּאַריז, סעפּט' 1948

# אַ פֿאַרגעסענער

אין דער אַמאָליקער וואַרשעווער שרייבער־משפּחה איז פּאָפּולער גע־וועזן אַ ליטעראַרישע „טראָיקע". דריי חברים, וואָס האָבן זיך תּמיד גע־האַלטן צוזאַמען, ווי גוף מיט נשמה. דאָס זיינען געווען דער נאָוועליסט דוד קאַסעל, דער הומאָריסט יוסף טונקעל („דער טונקעלער") און דער עסייִסט בער קאַרלינסקי (ב. קאַרליניוס).

דוד קאַסעל — אַ מינסקער — איז געווען ביי זיינע ערשטע טריט אין דער ליטעראַטור אַ תּלמיד פון אַברהם רייזען, וועלכער איז שוין געווען אַ שרייבער מיט אַ נאָמען. אַגב, האָט זיי געבונדן משפּחהשאַפט: אַברהם רייזענס שוועסטער, די דיכטערין שרה רייזען, איז געווען קאַסעלס ערשטע פרוי.

קאַסעל איז אַחוץ נאָוועליסט געווען אויך אַ גוטער איבערזעצער פון דער וועלט־ליטעראַטור, און נאָך אים איז פאַרבליבן אין אונדזער ליטע־ראַטור אַ היפּשער עזבון. זיינע וויכטיקסטע אָריגינעלע שאַפונגען זיינען: „שריפטן", „אָוונט־בלאַסקייט", „אָן אַן אויסוועג", „אין דאָרף", „אונטער אַ ווייסן פּאָרהאַנג" און פיל, פיל אַנדערע קלענערע פּובליקאַציעס. זיינע וויכטיקסטע איבערזעצונגען זיינען געווען: לעוו טאָלסטאָיס „די געשיכטע פון מיין קינדהייט" און „דער טייוול"; דמיטרי מערעזשקאָווסקיס „אַלעק־סאַנדער דער ערשטער"; מ. יו. לערמאָנטאָווס „דער העלד פון אונדזער צייט"; גיו. ד. מאָפּאַסאַנס „שטאַרקער פון טויט"; זשאַן זשאַק רוסאָס „קאָנ־פעסיאָן"; אַ ריי ווערק פון זשול ווערן און אַ סך, אַ סך אַנדערע ווערק פאַר קליין און גרויס. דער פריצייטיקער טויט האָט אים אַרויסגעריסן פון לעבן און די ליטעראַרישע „טראָיקע" איז צעקלאַפּט געוואָרן.

ב. קאַרליניוס איז געקומען צו דער פּרעסע און ליטעראַטור פון ישי־בות. צווישן זיי — פון נאָוואַרעדאָק, פון די „מוסרניקעס", וואָס איז אָנגע־פירט געוואָרן פון באַרימטן ר' יויזל.

אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט האָט ער מיט לידער אין פּראָזע אין דער וואַרשעווער צייטונג „דער טעלעגראַף", וואָס איז דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון נחום סאָקאָלאָוו. דאָרט האָט ער פאַרעפנטלעכט זיין ראָמאַן „דאָס טאָגבוך פון אַ געוועזענער פּאַרטיי־טוערין". קאַרליניוס האָט אויך אַ סך בייגעשטייערט אויפן געביט פון איבערזעצונג. ער ווערט דער רעדאַקטאָר פון דער ביכער־סעריע „וועלט־ביבליאָטעק" אין פאַרלאַג פון ב. שימין. ער אַליין האָט פאַר דער דאָזיקער סעריע איבערגעזעצט: „חתונה און ליבע" פון עללען קעי; „שטאַרבן", „קאַראַהאַד" און אַ באַנד אַנדערע נאָוועלעס פון אַרטור שניצלער; אַ טייל פון מאַקס נאָרדויס „פּאַראַדאָקסן"; אַ זאַמלבוך „משה"; „אין יענער צייט" פון יהודה שטיינבערג; דערציילונגען פון קנוט האַמסון, דזשעק לאָנדאָן א״אַ; האָט אויך מיטגעשאַפן די קאָמפּילאַציע פון „די ייִדישע געשיכטע" (לויט גרעץ און דובנאָוו); רעדאַגירט אַ ריי זאַמלביכער, אָנגעשריבן אַ פּיעסע „שטורעם־בלעטער", וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אין וואַרשעווער „הזמיר" אונטער דער רעזשי פון דוד הערמאַן.

זינט 1915 איז קאַרליניוס געווען אינערלעכער מיטאַרבעטער אין וואַרשעווער „מאָמענט", ווו ער האָט אין משך פון יאָרן פאַרעפנטלעכט אומצייליקע אַרטיקלען און עסייען איבער ליטעראַטור און טעאַטער. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דער ליטעראַרישער זייט „מענטשן און ווערק", וואָס פלעגט דערשיינען יעדן פרייטיק זינט 1924. אַחוץ דעם פלעגט קאַרליניוס ליפערן אין דער צייטונג אַנדערע זשורנאַליסטישע אַרבעטן, פלעגט רעדאַגירן און סטיליזירן מאמרים מיט „שווערער עברי", וואָס דער שעף־רעדאַקטאָר צבי פּרילוצקי פלעגט אים צווואַרפן...

ווי אַ טעאַטער־רעצענזענט פלעגט ער תמיד, ווי אַ מפונק, אָפּהיטן די אָביעקטיוויטעט אין זיינע אָפּשאַצונגען; פלעגט קיין מאָל נישט שרייבן קיין „טובה־רעצענזיעס", כדי נושא־חן צו זיין ביי דעם און ביי יענעם אַקטיאָר, אָדער אַפילו אַקטריסע...

אויך ב. קאַרליניוסן איז נישט באַשערט געווען אויסצולעבן זיינע שעפערישע יאָרן. אויך ער איז פאַר דער צייט, אין 1935, אַוועק פון לעבן. אַן אומהיילבאַרע קראַנקייט (לעוקעמיאַ) האָט אים אין 1934 שוין לחלוטין אָפּגעריסן פון רעדאַקציע־טיש.

אַגב: דעמאָלט האָט מען עס מיר אָנפאַרטרויט דאָס וועכנטלעכע רעדאַגירן די פרייטיקדיקע ליטעראַרישע זייט „מענטשן און ווערק". די ער־

שטע וואָכן פלעג איך, בעת מיינע באַזוכן ביי קאַרליניוסן, בכוונה זיך עצהן מיט אים אין די ענינים פון דער ליטעראַרישער זייט. כ'האָב געוואָלט שפּילן די ראָל פון בלויז זיין צייטווייליקער פּאַרטנער... עלעהיי, ביז ער וועט געזונט ווערן... — הגם מיין ראָל האָט נישט דערגרייכט דעם ציל: ער האָט שוין גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס קען שוין נישט געשען... אויף מיינס אַ טרייסט־וואָרט האָט ער געענטפערט מיט אַ סקעפּטישן שמייכל פון רעזיגנירטקייט.

איין מאָל נאָר האָט ער מיר — שוין פון דאַטשע־אָרט אָטוואָצק, הינ־טער וואַרשע, ווו ער האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעלאָשן — צוגעשיקט אַ פראַגמענט פון אַ דראַמאַטישער פּאָעמע פונעם דראַמאַטורג יעקב פרעגער (דעם שפּעטערדיקן קדוש), וועלכער האָט תמיד געוווינט אינעם זעלביקן אָטוואָצק און פלעגט קאַרליניוסן אָפטער באַזוכן. אין אַ קורץ בריוועלע ראָט מיר קאַרליניוס, כ'זאָל דעם פראַגמענט אַריינגעבן אין דער ליטעראַ־רישער זייט. ס'האָט מיך ווי געטאָן זיין דיסקרעטער נוסח: „איך ראָט אייך"... זיין אונטערשטרייכן דורך דעם, אַז ער איז שוין נישט דער באַלע־באָס; אַז ער האָט שוין לעולם־וועד קיין שייכות נישט צו דער ליטעראַ־רישער זייט...

כ'געדענק: הגם די זייט פאַרן נאָענטן פרייטיק־נומער איז שוין גע־ווען אין גאַנצן אויסגעזעצט און פלאַנירט, האָב איך עקסטראַ אַן אַנדער שוין אויסגעזעצט אַרטיקל איבערגעלאָזן און אַריינגענומען פרעגערס פראַג־מענט, — הגם דער מעטראַנפּאַזש אין זעצעריי האָט זיך געקרימט:

— מה רעש? ס'איז תורת־משה? עס קאָן נישט גיין איבעראַכטאָג פריי־טיק?...

ס'האָט זיך מיר אָבער דווקא געגלוסט צו אונטערשטרייכן, אַז ער, קאַרליניוס, האָט נאָך יאָ אַ דעה איבער דער ליטעראַרישער זייט...

***

זייער רירעוודיק און שעפעריש איז אויך געווען דער דריטער פון דער „טראַיקע" — דער טונקעלער. אַחוץ דער הומאָריסטישער אָפּטיילונג „דער קרומער שפּיגל", וואָס ער האָט אָנגעפירט אין „מאָמענט", פלעגט ער נאָך אויך שרייבן הומאָרעסקעס און פעליעטאָנען און געהאַט די אַמביציע זיינע הומאָרעסקעס און פּאַראָדיעס אַרויסצוגעבן אין בוך־פאָרעם. אַזוי אַז פון זיין ליטעראַרישן עזבון זיינען געבליבן אַ ריי פּובליקאַציעס.

דער טונקעלער פּלעגט אָפּט אויפטרעטן אויף אָוונטן מיט זיינע הור־מאָרעסקעס — ער איז געווען אַ פיינער פאָרלייענער — און מיט אַ סך דערפאָלג. אויך מאַטעריעל האָט זיך אים בעסער געלעבט ווי זיינע צוויי חברים. ער האָט זיך אַפילו דערשלאָגן צו אַן אייגענער ווילע אין אָט־וואָצק. די ווילע איז לסוף געבליבן ביי זיין פרוי, דער „שיינער צעשע״, מיט וועלכער ער האָט זיך געמוזט צעשיידן: געווען אַ צו־גרויסער אונטער־שייד אין זייערע יאָרן און ער האָט געהאַט פון איר „געברענטע צרות״...

זיין צווייטע פרוי איז געווען אַ ביסל אַן עלטערע פון צעשען און אויך אַ באַשיידענערע. ער וואָלט געקאָנט מיט איר אויסלעבן זיינע יאָרן. ער האָט דווקא געהאַט אַריכת־ימים, נישט ווי זיינע צוויי חברים. אָבער... ס׳איז אונטערגעקומען די צווייטע וועלט־מלחמה. די היטלעריסטישע אינ־וואַזיע אויף פּוילן. דער טונקעלער איז דעמאָלט גראָד געווען אין אויס־לאַנד (דאַכט זיך, אין בעלגיע), אָן זיין פרוי. האָט ער זיך שוין קיין וואַר־שע צוריק נישט געקאָנט אומקערן און מיט גרויסע שוועריקייטן זיך דער־שלאָגן צו די נאָרד־אַמעריקאַנער ברעגעס. אין ניו־יאָרק האָט ער וועגע־טירט, געפּייניקט פון עלטער, קראַנקייטן. אויף די עלטערע יאָרן איז ער געווען שוין ממש בלינד, און געשטאָרבן איז ער אין ניו־יאָרקער גרויסן עלנט...

אין די דאָזיקע דערמאָנונגען וויל איך זיך אָפּשטעלן דער עיקר אויף איינעם פון דער „טראָיקע״ — אויף ב. קאַרליניוסן, וואָס ווערט זעלטן דורך עמעצן דערמאָנט אַ מאָל און איז שוין פאַרבליבן אין אונדזער ליטע־ראַטור ווי אַ פאַרגעסענער.

פון דער דאָזיקער פאַרגעסנקייט וואָלט קאַרליניוסן געקאָנט אַרויסראַ־טעווען, ווען עפּעס אַ קולטור־אינסטיטוציע נעמט אויף זיך די מיסיע צו לאָזן פאָטאָקאָפּירן די וויכטיקסטע עסייען זיינע כאָטש בלויז פון די „מאָ־מענט״־קאָמפּלעטן, וואָס געפינען זיך איצט אין רשות פון וואַרשעווער ייִדי־שן היסטאָרישן אינסטיטוט*, און פאַרעפנטלעכן אין בוך־פאָרעם. דאָס

* פריִער זיינען די קאָמפּלעטן פון די ייִדישע צייטונגען פון פאַרמלחמהדיקן פּוילן געווען אין דער „ביבליאָטעקאַ נאַראָדאָוואַ״. פון דאָרטן זיינען זיי אַריבער צום ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט, ווו פריִער איז געווען דירעקטאָר דער היסטאָריקער בער מאַרק ע״ה און איצט איז דירעקטאָר דער היסטאָריקער אַהרן אייזנבאַך. אַגב: אין 1935 האָב איך איין פרייטיק געווידמעט די זייט „מענטשן און ווערק״ אויסשליסלעך ב. קאַרלי־

וואָלט באמת געווען אַ חסד של אמת און אַ תיקון פאַר דעם פאַרדינסטפולן שרייבער און דערביי אויך אַ צושטייער צו דער יידישער ליטעראַטור.

***

ב. קאַרליניוס איז אַוועק, ווי געזאָגט, פריצייטיק. ער איז פאַרשטומט געוואָרן ווי אַ נישט־פאַרענדיקט ליד, ווי אַן איבערגעריסענער אַקאָרד. זיין קאָפּ איז געווען תמיד שוואַרץ־געלאָקט, אַפילו אינעם לעצטן יאָר פון זיין פאַמעלעכדיקן אויסלעשן זיך. זיין שוואַרץ־געלאָקטער קאָפּ! ווער ס׳האָט קאַרליניוסן געזען שוין אַ שווער־קראַנקן אין אָטוואָצק, שוין מיטן סוד פון לויערנדיקן טויט אויף זיין אויסגעבלייכטן פּנים, האָט זיך פאַרקוקט אויף דער געדיכטער שוואַרצער טשופּרינע זיינער, וואָס האָט נאָך, דאַכט זיך, אַלץ געטרעדט פון יונג־בחורשאַפט און לעבנס־האָפערדיקייט...

און הגם דער סוד פון טויט איז פאַר אים גופא קיין סוד נישט געווען — ער האָט שוין געוווּסט, אַז ער איז אַ צום טויט־פאַרמשפּטער! — האָט ער דאָך דאָס דאָזיקע טראַגישע באַוווּסטזיין טיף און דיסקרעט געהאַלטן אין זיך, ווי עפּעס אַ ריין־פּערזענלעכן טרויעריקן ענין, „וועגן וואָס מען רעדט נישט"...

ווייל זיין גאַנץ לעבן האָט קאַרליניוס מורא געהאַט פאַרן איבערגעטריבענעם וואָרט. ער האָט פיינט געהאַט דעם מעלאָדראַמאַטישן טאָן, די היסטערישע גאַמע.

אַזאַ איז ב. קאַרליניוס געווען אין לעבן, אַזאַ איז ער געווען אין דער ליטעראַטור און אַזאַ איז ער אויך געווען אויפן טויטנבעט.

קאַרליניוס האָט געהערט צו דעם סוג מענטשן, וואָס ריידן מיט אַ שטילן קול. ס׳איז אים אָרגאַניש פרעמד געווען די פרעכע גאַסיקייט, די זעלבסטזיכערקייט, די זעלבסטצופרידנקייט. ער האָט נישט פאַרמאָגט די מינדסטע דאָזע פון עגאָצענטרישקייט, פון נאַרציזם. אין דער באַנעמונג מיט מענטשן פון זיין סביבה איז ער תמיד געווען באַשיידן, קאָרעקט, ווי אַן עכטער גייסטיקער אַריסטאָקראַט. אַפילו אין זיינע לעצטע וואָכן, בעת זיינע בליקן זיינען שוין פול געווען מיט רעזיגנאַציע, איז זיין דיסקרעטער

---

ניוסן. אויף מיין בקשה האָט מיר לעצטנס דער יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט צוגעשיקט אַ פאָטאָסטאַט פון יענער זייט. דאָס האָט מיך טאַקע אָנגערעגט צו די איצטיקע פאַרצייכענישן.

טאָן אין די רייד מיט זיינע באַזוכערס נישט געבראָכן געוואָרן. ער האָט געקאָנט מאַסקירן זיינע יסורים.

אין זיין לעצטן צוגעשיקטן אַרטיקל „מן הצד", געשריבן אויפֿן קראַנקנ־בעט פֿאַרן יובל־נומער פֿון „מאָמענט" (אין 1935), ווייעט אפשר פֿון צווישן די שורות מיט ווידוי־שטימונג. איך געפֿינט אָבער דאָרט קוים עט־לעכע שורות פּערזענלעכע, פֿאַר וועלכע ער אַנטשולדיקט זיך באַלד אין אָנהייב:

„נעמט נישט, יום־טובדיק־געשטימטע חברים, פֿאַר אומגוט אָט דעם מינאָר־סענטימענטאַלן און, דער עיקר, פּערזענלעכן טאָן"...

און אין פֿינאַל פֿון דעם דערמאָנטן אַרטיקל, ווען ער רעדט וועגן די דריטהאַלבן צענדליק יאָר אין דער ייִדישער פּרעסע („דער מאָמענט" האָט אָנגעהייבן דערשיינען אין 1910), וואָס ער האָט אַדורכגעמאַכט אין לייד און פֿרייד מיט חברים און פֿריינד, און ער דערפֿילט זיך דערביי שוואַך צו עלימינירן דאָס סענטימענטאַלע, — דאַן רייסט ער איבער:

„ניין, איך טאָר איצט אין דעם תהום זיך נישט אַראָפּלאָזן. שוואַכע מענטשן זיינען סענטימענטאַל. איך האָב מורא"...

**
*

ב. קאַרליניוס איז געווען איינער פֿון די ווייניקע ביי אונדז, וועלכער איז צום געדרוקטן וואָרט צוגעגאַנגען מיטן גרעסטן פּיעטעט און אַחריות. ער איז שטענדיק געווען דער מוסטער פֿון געפֿרעסטן סטיל, פֿון פֿיין־גע־בויטן זאַץ. ער האָט קיין מאָל נישט „איבערגעכאַפּט די מאָס". שטענדיק געהאַט וואָג און טאַקט. ער האָט געוווּסט ווען אַוועקצושטעלן אַ פּונקט. דער תמיד אימפּעטיקער טעמפּאָ פֿון דער אַרבעט אין רעדאַקציע האָט אים נישט אַרויסגעבראַכט פֿון זיין גלייכגעוויכט. ער איז ביי זיין שרייבטיש געזעסן ווי אויף אַן אָפּגעזונדערטן אינדזעלע און געקליבן וואָרט צו וואָרט ווי איידלשטיינער. ער האָט געוויגן און געמאָסטן דאָס וואָס ער האָט אַליין געשריבן און האָט עס אויך געפֿאָדערט פֿון אַנדערע. ער איז געווען קרי־טיקער און נאָך מער — זעלבסטקריטיקער. צו זיך איז ער געווען פֿיל שטרענגער ווי צו אַנדערע. דערפֿאַר זיין שטענדיק זוכן וואָרט, קלאַנג און אויסדרוק — זיין אייביקע אומזיכערקייט.

נישט אומזיסט פֿלעגט ער זייער אָפֿט פֿאַרבלייבן ביחידות, ווי אַ נזיר, אין אַ רעדאַקציע־צימער ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין און, ווי ביי

אַן עבודת־הקודש, אויספורעמען זיינע פיין־קאָנדענסירטע גייסטרייכע עסייען.

ב. קאַרליניוס, דער מפונק און איבערקלייבער, האָט געהאַסט אַלץ וואָס איז באַנאַל און פלאַך. דערפאַר פלעגט אים שטאַרק שאָקירן און ער פלעגט איגנאָרירן דאָס שונד־טעאַטער. ער האָט ווערדיק אָפּגעהיט די מיסיע פון אַן עכטן ערנסטן רעצענזענט, וועלכער שרייבט נישט קיין „טובה־רעצענ־זיעס" וועגן די ביליקע טעאַטער־„מאַכער־ייקעס". ס'איז נישט געווען אין זיין מענטאַליטעט.

דערפאַר אָבער איז פאַר אים געווען אַ פריידיקער יום־טוב אַן אמת־קינסטלערישע טעאַטער־פאָרשטעלונג פון בעסערן יידישן טעאַטער: פון די „ווילנער", פון „וויקט" צי פון „יונג־טעאַטער" וכדומה. דעמאָלט האָט קאַרליניוס געגלאַנצט אויף די פּרעמיערעס. דאָס זעלבע אויך אין די בע־סערע פּוילישע טעאַטערס, ווי: „טעאַטר פּאָלסקי", „נאָווי", „לעטני", צי „טעאַטר יאַראַטשאַ" (אַלע פּרעכטיקע אַקטיאָרן געהאַט!). דעמאָלט פלעגט ער ווערן מיטגעריסן, עמאָציאָנירט. זיין פּנים האָט ממש געשיינט. און דע־מאָלט טאָקע, אונטערן פרישן רושם פון אַ גוטן קינסטלערישן ספּעקטאַקל, פלעגט ער זיך עס פאַרזעסן ביים שרייבטיש אין אַ רעדאַקציע־חדר ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין, ריידנדיק צום יידישן לייענער וועגן שיינ־קייט, דערהויבנקייט, עקסטאַז...

**
*

אין ב. קאַרליניוסן, אין זיינע פאַרחלומטע שוואַרצע אויגן האָט מען שטענדיק געזען אַ חותם פון נישט־דאָיקייט. ער איז שטענדיק געווען ווי העכער פון דער ערד, גלייך ווי ער וואָלט דאָ געווען אַ פאַרבלאָנדזשעטער פון אַן אַנדער פּלאַנעט און געלעבט מיטן חלום פון אַ שענערער, פיינערער וועלט... דער טומל פון דער וואָכעדיקער גאַס, פון די וואַרשעווער נאַלעווי־קעס, ווו דער „מאָמענט" איז געווען; דער האַרמידער פון דער אַרומיקער פּעריפעריע — אַלץ איז אים פרעמד, ווייט געווען. געלעבט האָט מסתמא אין זיין דמיון די אַנדערע וועלט, ווו מענטשן זיינען נישט אַזוי גרוי, אַזוי נישטיק. לויט זיין מהות האָט ער גיכער געהערט צו פּרצעס „שבת־יום־טובדיקע יידן" — די יידן, וואָס זינגען אין די שבת־צו־נאַכטיקע בין־השמשותן און ווילן קיין הבדלה נישט מאַכן... ווילן אַ טאָג פון כולו שבת...

דערפאַר טאָקע האָבן מיר קאַרליניוסן געגלייבט ווען ער האָט גע־

רעדט וועגן העברעע ווערטן, וועגן שלימותדיקער שיינקייט, וועגן העברער גייסטיקייט. איר האָט געפילט, אַז דאָס איז נישט קיין פוסטע פראַזע. ביי אים, דעם געבוירענעם עסטעט, איז עס געווען נאַטירלעך, אַבסאָלוט נישט געקינסטלט. פונקט ווי דער ראַפינירטער פעטער אַלטענבערג וואָלט ער גע־האַט די פולע רעכט צו זאָגן: „ווי איך עס זעהע"... איר האָט אים געגלייבט, אַז דאָס אומעסטעטישע אין לעבן ווי אין דער ליטעראַטור, ווי אין טעאַ־טער, טוט אים טאַקע אויפריכטיק וויי און ווי דאָס שיינע, דאָס קינסטלע־רישע רייסט אים מיט, פאַרכישופט אים.

זייער קליין איז די צאָל פון די עכטע שיין־גייסטערס ביי אונדז — קאַרליניוס איז געווען איינער פון זיי.

# די דריי קרוינען פון חסידות

(צום טויט פון ד״ר צבי כהן ז״ל)

דער טויט פון ד״ר צבי כהן אין ניו־יאָרק האָט אַרויסגערופן ביי מיר אַ סך רעמיניסצענצן. דערמאָנונגען וועגן אונדזער אַמאָליקער באַגענטשאַפט אין וואַרשע פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת מיר האָבן געאַרבעט אין איין צייטונג — אין „אונדזער לעבן״. ער איז דעמאָלט אָנגעקומען פון זיין לאָוויטש, נאָך נישט מיט קיין דאָקטער־טיטל, נאָר מיט אַ סמיכה אויף רבנות אין קעשענע. געוווינט האָט ער, צוזאַמען מיט זיין ערשטער פרוי, אין דעם „ליטעראַרישן הויף״ אויף שליסקע 60, ווו ס׳האָבן אויך געוווינט הלל צייטלין און דער העברעיִשער שרייבער פישל ליאַכאָווער.

די כהנס האָבן פאַרנומען אַ באַשיידענע פאַרטער־דירה. ביידע זיינען געווען האַרציקע מכניסי־אורח און איך בין דאָרט געוואָרן אַן אָפטער אַריינגייער. כ׳בין ערשט נישט לאַנג געהאַט געקומען ווי אַ יונג בחורל קיין וואַרשע פון מיין געבורט־שטעטל אַמדור און האָב געפונען מאָראַלישן אָנשפאַר ביי אַן עלטערן חבר אין זיינע היימישע דלד־אַמות. אַהין פלעגן דעמאָלט אויך אַריינקומען אָפט א. אַלמי (דעמאָלט א. ח. שעפּס), גרישאַ ווייסבאַרד, יהושע פערלע און אַנדערע יונגע שרייבערס.

אין „אונדזער לעבן״ האָט צבי כהן געליפערט: וועכנטלעכע פעליעטאָנען א״ב „ערב שבתדיקס״, „פּראָווינץ־בילדער״ און דערצו פלעגט ער נאָך מאַכן די „קאַטשקעס״ (טשעקאַווע באַשרייבונגען) פון דער דייטשישער פּרעסע („בערלינער טאַגעבלאַט״, „נויע פרייע פרעסע״). אַחוץ דער רעדאַקציאָנעלער אַרבעט, האָט ער אויך שוין דעמאָלט געהאַט ליטעראַרישע אַמביציעס און האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשט ביכעלע אין העברעיִש „בתבל״ (משלים), מיט וואָס ער האָט זיך „לעגיטימירט״ ווי אַ שרייבער.

כ׳דערמאָן יענע צייט מיט אַ באַזונדערער נאָסטאַלגיע. ס׳איז נאָך גע־

ווען די ראָמאַנטישע צייט אין וואַרשע, ווען פּרצעס גייסט האָט הערצער געצונדן, געוועקט צו שעפּערישקייט. אין דער „ליטעראַרישער אַלייע" אין זאַקסישן גאָרטן האָט די ייִדישע יוגנט געפּירט וויכּוחים וועגן אַ ניי ליד אָדער פּאָעמע פון דעם און פון יענעם שרייבער.

ווו נעמט מען היינט יענע ייִדישע יוגנט? — — — —

**
*

צבי כּהן האָט אין משך פון זיין לעבן אַרויסגעגעבן אַ היפּשע צאָל ביכער און פּובליקאַציעס אין ייִדיש, העברעיִש און ענגליש: היסטאָרישע ווערק, עסייען און בעלעטריסטיק. דאָס באַדייטנדיקסטע ווערק צבי כּהנס אין זיין בעלעטריסטיק איז די טרילאָגיע „דריי קרוינען" — דריי דראַמעס וועגן די דריי זיילן פון חסידות: „דער רבי פון בערדיטשעוו", „דער רבי פון ליאַדי" און „דער רבי פון קאָצק". לויגט זיך אויף דעם אָפּצושטעלן. די דאָזיקע טעמע האָט געפונען איר באַרופענעם מחבר. קומט דאָך צבי כּהן פון דער חסידישער וועלט; זיינען דאָך זיינע אָבות געווען געקניפּט און געבונדן מיט די אָנגעזעענסטע רביים און „הייפן"; איז ער דאָך אַליין געווען אָנגעזאַפּט מיטן גייסט פון חסידות און יהדות. אַ געבוירענער אין אַ חסידיש-רבנישער פאַמיליע. זיין פאָטער, הרב הג' ר' יצחק הכּהן, איז גע־ווען אַן אייניקל פון ר' העניך הכּהן פון אַלעקסאַנדער. פון 12 ביז 16 יאָר האָט ער געלערנט ביים סאָכאַטשאָווער רבין, הרב הגאון ר' אַברהמעלע, דעם קאָצקער רבינס איידעם, פון וועלכן ער האָט געקריגן סמיכה אויף רבנות.

דעריבער טאַקע איז צבי כּהן דער באַרופנסטער צו געבן אַ קינסט־לערישן תּיקון די הויפּט-געשטאַלטן פון דער חסידישער באַוועגונג. ווי ער דערציילט אין דער הקדמה צו זיין צווייט-דערשינענעם בוך, האָט זיך צבי כּהן אַרומגעטראָגן מיט דער אידעע וועגן דער טרילאָגיע אין משך פון דריי צענדליק יאָרן; ער האָט כּסדר געזאַמלט מאַטעריאַלן פאַר זיין געפּלאַנטער אַרבעט; זיך פאַרטיפט אין די אַלע ספרים פון און וועגן די דריי קרוינען; זיך פאַרטיפט אין דער חסידישער ליטעראַטור און אין קבלה, געפאָרשט אַלע ווערסיעס און לעגענדעס אַרום יעדן איינעם פון די דריי גרויסע פּער־זענלעכקייטן — די העלדן פון זיין טרילאָגיע — און ווען זיינע געזאַמלטע מאַטעריאַלן זיינען געוואָרן גענוג שפּעדיק און וואָגיק, איז ער צוגעטראָטן צו דער רעאַליזירונג פון זיין אָנגעצייכנטן פּלאַן.

אינעם זייער וואָגיקן אַריינפיר „די דריי אָבות פון חסידות" (צו „דער רבי פון באַרדיטשעוו") גיט אונדז דער מחבר אַ היסטאָרישע אָפּהאַנדלונג וועגן דער ייִדישער קאָלעקטיווער שאַפונג אין משך פון דורות און עפּאָכעס. ער מאַכט אַ שפּאַציר פון סאַמע בראשית — פון דער ביבל־עפּאָכע, פון תנ"ך, די עשרים וארבע ספרים, וואָס זיינען איינגעזאַמלט געוואָרן פון עזרא הסופר און דורך די אַנשי כנסת הגדולה. ער פירט אונדז ווייטער פון די נביאים דורך דער עפּאָכע פון די אַפּאָקריפן, די אַזוי גערופענע „ספרים חיצוניים", צו דער עפּאָכע, ווען אויף דער אַרענע פון ייִדישן שאַפן איז אויפגעטראָטן דער קאָלעקטיוו פון די תנאים, די בעלי־המשנה, די וועלכע האָבן אונדז געגעבן די פאָרמירונג פון די ייִדישע רעליגיעזע און עטישע ווערטן.

דער מחבר שטעלט זיך דאַן אָפּ אויף דער עפּאָכע פון די אמוראים, די שאַפערס פון די צוויי ריזן־ווערק „תלמוד בבלי" און „תלמוד ירושלמי". אין זיין איינטיילונג איז עס די פערטע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון ייִדישן שאַפנדיקן גייסט. אין גאַנג פון די שאַפונג־עפּאָכעס קומט דער מחבר צו ביז צום מיטל־עלטער, פון ר' סעדיה גאון ביז רש"י און די „בעלי התוספות" אאַ"וו. אַזוי פירט ער אונדז צו ביז צו דער תקופה, ווען עס באַווייזט זיך דער בעש"ט — די לעגענדאַרע געשטאַלט פון ר' ישראל בעל־שם־טוב — דער שאַפער פון דער חסידישער באַוועגונג.

און דאָ שטעלט דער מחבר פעסט מיט באַדויערונג, אַז די חסידישע עפּאָכע „וועט אַוועקגיין פון דער וועלט אָן אַ „קדיש"־זאָגער. אָבער די עפּאָכע האָט אַריינגעבראַכט נייע גרויסע אוצרות אין שאַפונג־היכל פון ייִדישן פאָלק און האָט בשעתה געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויפן ייִדישן לעבן. זי האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם גייסט אין די עצמות היבשות פון די ליידנדיקע ייִדן אין די גלות־לענדער און זיי געגעבן כוח איבערצוקומען די רוע הגזירה פון טאָגטעגלעכן לעבן".

די ייִדישע מאַסע האָט אין איר שפּלות געגאַרט נאָך עפּעס אַ גייסטיקן אָנהאַלט. דערפאַר איז אויך מעגלעך געווען די שבתי צבי־באַוועגונג, וואָס איז שנעל אַראָפּ פון דער אַרענע. פעסט און דויערנדיק האָט זיך אָנגענומען די חסידישע באַוועגונג, וועלכע האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין ייִדישן לעבן פון מזרח־אייראָפּע און איז געוואָרן אַ מאַסן־באַוועגונג. ווייל דער חסידיזם האָט גערעדט נישט צום שכל, נאָר צום האַרץ פונעם ייִד. ער האָט אים אויפגעהויבן פון זיין געפאַלנקייט. ער האָט אים געבראַכט נשמה־

דיקע דערהויבונג. דער בעש״ט איז דעריבער געוועזן פאַר די געפּאַלענע ייִדישע געמיטער ווי אַ פריידיקער ליכט־טורעם, צו וועלכן הערצער האָבן זיך געצויגן.

נאָך דעם בעש״ט איז אויפגעשוווּמען אין דער חסידישער באַוועגונג זיין נאָכפאָלגער — דער מגיד פון מעזריטש מיט זיינע תלמידים. פון צווישן די תלמידים האָבן זיך אויסגעטיילט און אַ גלאַנץ געטאָן אין דער חסידי־שער וועלט די ליכטיקע געשטאַלטן פון ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער, ר׳ שניאור זלמן פון ליאַדי און שפּעטער איז געקומען ר׳ מענדל פון קאָצק, וועלכע האָבן באַהערשט די מוחות פון הונדערטער טויזנטער חסידים.

און אויף אָט די דריי זיילן פון חסידות האָט צבי כהן געבויט זיין טרילאָגיע.

***

צבי כהן האָט פאַר זיין טרילאָגיע אויסגעוויילט די קאָמפּליצירטסטע פאָרעם — די דראַמאַטישע. די קאָמפּליצירטסטע, אָבער אויך די דאַנק־באַרסטע. אין דער דראַמע דערזעען מיר בולטער די אַרויסגעפּירטע פּער־סאָנאַזשן; מיר זעען קלאָרער זייערע האַנדלונגען, זייער דערהויבונג און געראַנגל. זיי שווימען־אַרויס פאַר אונדזערע אויגן פון הינטער די שאָטנס פון עבר.

אין „דער רבי פון באַרדיטשעוו״ וויקלען זיך פונאַנדער פאַר אונדזע־רע אויגן אַ ריי דראַמאַטישע מאָמענטן, וועלכע וואַרפן סנאָפּעס ליכט אויף דער לויטערער פּערזענלעכקייט פון ר׳ לוי יצחקן. דער הויפּט העלד ר׳ לוי יצחק ראַנגלט זיך מיט זיין סביבה, מיט דערנער און שטרויכלונגען, מיט רדיפות און פאַרפאָלגונגען מצד זיינע קעגנערס און מצד זיין „ריוואַל״ — דעם פירשט יוזעף סאַנגושקאָ, וואָס איז פאַרליבט אין זיין יפת־תואר־דיקער פרוי פּערל... ר׳ לוי יצחק קעמפט קעגן אַלץ און אַלעמען מיט זיין געווער — אַהבת ישראל. דאָס דאָזיקע געווער שטייט אים ביי אין אַלע זיינע ראַנגלענישן.

ר׳ לוי יצחקן — דעם גרויסן אוהב ישראל — ציט עס צום פאָלק, צום המון, צו די פשוטע און פּראָסטע ייִדן, צו די קצבים און בעלי־עגלות. אויף איטלעכן איז ער מלמד זכות. אַפילו אויף די, וועלכע פאַרפאָלגן אים. דאָס איז שוין אַזאַ ליבע, וואָס גייט־אַרויס פון מענטשלעכן גדר, פון די מענטש־לעכע געוווינהייטן.

וואָס ווילן זיי אַלע, וועלכע זייגען אויף אים מתרעם? זיי ווילן ער זאָל זיך פאַרשליסן אין זיין „חדר", ער זאָל שאַפן אַ מחיצה צווישן זיך און דער מאַסע. ער זאָל זיך שטעלן העכער פון אַלעמען, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אויסדערוויילטן. און אַפילו זי, זיין טרייע פרוי פערל, פאָדערט אויך פון אים, ער זאָל זיך דערווייטערן פונעם המון, כדי צו דערוועקן דרך־ארץ צו זיך פון די „פּני"; כדי זיי זאָלן אים אויפהערן צו פאַרפאָלגן. ר' לוי יצחק איז אָבער עקשנותדיק אין זיין ליבע צום המון, אין זיין ליבע צו די פּראָסטע יידן, פון וועלכע ער קאָן זיך נישט אָפּזונדערן, און ער רעכנט זיך נישט מיט קיין שום רדיפות, מיט זיין נע־ונד פון איין קהילה אין דער אַנדערער. טוישט ער איין „כסא רבנות" אויפן אַנדערן און אומעטום ווערט געשאַפן אַרום אים אַ נעץ מצד זיינע פאַרפאָלגערס, וועלכע נוצן ביי יעדער געלעגנהייט אויס דעם פאַרליבטן פירשט סאַנגושקאָ, כדי צו שענדן זיין נאָמען.

דער מחבר אַליין (אין זיין אַריינפיר) גיט דעם בעסטן פירוש צו ר' לוי יצחקס אַהבת ישראל:

„ר' לוי יצחק, דער גרעסטער אוהב ישראל, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט אַרויסגעגעבן, האָט נישט גלאַט אַזוי זיך ליב געהאַט יידן, ווייל ער איז געווען בעצם אַ מזג טוב און האָט בכלל ליב געהאַט מענטשן. ניין, עס איז ביי אים אַ שיטה, ווייל ערשטנס מוז מען דאָך ליב האָבן יידן, וואָרעם אויב נישט, איז מען דאָך קעגן גאָט. גאָט איז אַרומגעגאַנגען איבער אַלע זיבעציק אומות און האָט זיי געוואָלט געבן די תורה און פון אַלע האָט ער אויסגעקליבן נאָר די יידן. איז דאָך דערפון געדרונגען, אַז גאָט האָט ליב די יידן מער ווי אַלע אַנדערע פעלקער. אויב אַזוי, איז דאָך דער, וואָס האָט נישט ליב יידן, קעגן גאָט".

ר' לוי יצחק איז אין זיין אַהבת־ישראל געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַפילו קעגן גאָט אַליין פלעגט ער אַרויסטרעטן מיט זיינע תרעומות. ער האָט זיך כסדר געקריגט מיטן רבונו־של־עולם און איינגעלייגט וועלטן פאַר יידן; ער האָט כסדר געפאָדערט „בני חיי ומזוני". ער האָט דאָס געפאָדערט על פי דין. דער רבונו־של־עולם האָט דאָך מיטן פאָלק ישראל חתונה געהאַט, — אַזוי האָט ער בפירוש געזאָגט: „וארשתיך לי לעולם". אויב אַזוי, קומט אונדז, אַז ער זאָל אונדז אויסהאַלטן. עס איז אַ בפירושער דין אין דער תורה, אַז אַ מאַן מוז אויסהאַלטן אַ ווייב"...

צבי כהן פירט דורך אַ פּאַראַלעל צווישן ר׳ לוי יצחקן און ר׳ מענדל קאָצקער:

„ר׳ לוי יצחק איז דער אַנטיפּאָד פון דעם רבי ר׳ מענדל קאָצקער. אין דער צייט וואָס ר׳ לוי יצחק איז כולו רחמים, איז ר׳ מענדל קאָצקער — כולו דין. ר׳ לוי יצחק מאָנט צדק, יושר און ר׳ מענדל קאָצקער פאָדערט — אמת, קיין פשרות און יקוב הדין את ההר. ר׳ לוי יצחק לויפט צום המון און רופט אים „עם סגולה" און ר׳ מענדל אַנטלויפט פון המון און רופט אים „פּאָספּולסטוואָ" (ערב רב). ר׳ לוי יצחק ליידט די פּערזענלעכע ליידן פון יעדן ייִד און ער איז גרייט צו קערן וועלטן. ר׳ מענדל טרייבט־אַרויס די ייִדן, וואָס קומען צו אים מיט זייערע פּערזענלעכע ליידן און וויל נישט וויסן פון זיי".

אַפילו אויפן טויטן־בעט רעזיגנירט נישט ר׳ לוי יצחק פון זיינע תרעומות און קריגערייען מיטן רבונו־של־עולם. אַפילו נישט פאַרן „באַקשיש" פון אַריכת־ימים... אַדרבה, ערשט איצט, אויף יענער וועלט, — זאָגט ער פאַרן טויט (אין לעצטן אַקט), — וועט ער זיך שטעלן מיט זיינע טענות פאַרן כסא־הכבוד לטובת זיינע באַוווּלהטע ליבע ייִדן...

צבי כהן האָט די אַקציע אין „דער רבי פון באַרדיטשעוו" אַנטוויקלט צילבאַוווּסט, געהאַלטן זי אין דער געהעריקער מדרגה און טאָן. ער איז נישט געשטרויכלט געוואָרן אַפילו אין דער האַנדלונג צווישן די צוויי פּערסאָנאַזשן פּערל און דעם יונגן פּירשט סאַנגושקאָ — הגם דאָ איז דער וועג געווען אַ גאַנץ גליטשיקער פאַר אַ דראַמאַטורג און די דראַמע האָט זייער לייכט געקאָנט געבראַכט ווערן צו אַ דעגראַדאַציע. די גאַנצע געשיכטע וועגן דער ליבע פון יונגן פּירשט צו ר׳ לוי יצחקס פּרוי פּערל איז אַרומגעוועבט מיט לעגענדעס, מיט פאַרשיידענע ווערסיעס; אָבער צבי כהן האָט דעם דאָזיקן דראַמאַטישן שטאָף אויסגענוצט אין געהעריקן נוסח און נישט פאַרביליקט. און דאָס איז זיין גרויסער פאַרדינסט. עס האָט אים דעריין אַרויסגעהאָלפן זיין קינסטלערישער — און אפשר זיין לומדישער דינער חוש. אַ דאַנק דעם איז אָפּגעהיט געוואָרן די גאַנצקייט און דער קאָרעקטער ניוואָ פון דער דראַמע. לויט דער לעגענדע האָט זיך דער יונגער פּירשט, זעענדיק אַז ווי אַ קריסט קען ער זיין אָביעקט נישט באַהערשן, זיך מגייר געווען און איז — מיט זיין נייעם נאָמען אַברהם — ווי אַ שאָטן נאָכגעפאָרן נאָך פּערלען. פּערל אָבער, די כשרע ייִדישע טאָכטער, גייט־אַרויס ריין פון אַלע נסיונות און בלייבט שטענדיק טריי איר גרויסן מאַן.

אין אַט אַזאַ געלייטערטן ליכט וויזט אונדז דער מחבר זיין העלדין.

ביים לייענען די דראַמע „דער רבי פון באַרדיטשעוו" ווערן מיר אַריינ־געצויגן אין אַ פאַרשווונדענער תקופה. אַזוי פיל געשטאַלטן לעבן־אויף פאַר אונדזערע אויגן: ר' לוי יצחק, ר' נחמן בראַצלאַווער, ר' שניאור־זלמן פון ליאַדי, דער קאָזשעניצער מגיד, דער בריסקער רב, דער רבי ר' בער, דער רבי ר' ברוך, הערשעלע אָסטראָפּאָליער און פיל, פיל אַנדערע. אַ גאַנצע גאַלעריע פון טיפּן און געשטאַלטן פון אַ פאַרשווונדענער וועלט.

די דראַמע איז געבויט אין דריי אַקטן. יעדער אַקט איז אין צוויי סצע־נעס. אַחוץ דעם קומען נאָך צווישן די אַקטן אויך צווישנשפּילן, אין וועל־כע עס דערשיינען בלויז צוויי חסידים — ר' משה און ר' שלמה, וואָס טייטשן־אויס און בינדן דעם המשך פון די האַנדלונגען.

די דראַמע, וואָס איז פול מיט שטייגער, מיט אַ פיינעם פאָלקסטימלעכן ייִדיש און דורכגעפלאָכטן מיט נגינה, פאַרמאָגט אַ סך אַקציע, אַ סך שפּאַ־נונג, וועלכע שטייגערט כסדר.

אַ זייער שטאַרקן איינדרוק מאַכט די לעצטע סצענע פון דריטן אַקט — די פּטירה פון ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער. ר' לוי יצחק איז געפּאַנגען פון וויזיעס. ביים בעט פון גוסס זיצן דער ליאַדיער רבי, דער רבי ר' ברוך, דער קאָזשעניצער מגיד, ר' נחמן בראַצלאַווער.

און דער ליאַדיער רבי זאָגט צום שטאַרבנדיקן ר' לוי יצחק:

— לך בכחך זה, מיין פריינד. זאָלסט מאָנען און מאָנען! דו ביסט דער גרויסער סניגור, וואָס ייִדן האָבן ווען געהאַט!... עס וועט נישט לאַנג גע־דויערן און איך וועל קומען אַהין צו דיר און איך וועל דיר העלפן... אָבער זאָג מיר, מיין פריינד, אויף ווענען לאָזן מיר איבער די ייִדן? דער דור איז דאָך אַזוי אָרעם און זיינע פּירערס נאָך מער! אויף ווענען, לוי יצחק, לאָזן מיר איבער די ייִדן? אויף ווענען?... (וויינט).

און דער שטאַרבנדיקער ר' לוי יצחק ענטפערט:

— ביסט גערעכט, שניאור זלמן, אויף ווענען? אויף ווענען?! (וויינט אויך).

אויב מיר ווערן אַזוי מיטגעריסן אַפילו בלויז לייענענדיק די דראַמע, הייבט וואָס פאַר אַ רושם וואָלט זי אויף אונדז געמאַכט ווען מיר זעען זי אויף דער בינע?

אמת, פאַר דער בינע וואָלט די דראַמע געדאַרפט ווערן מער קאָנ־

צענטרירט, מער בצימצומדיק — זי איז צו פיל צעוואָקסן און צעצויגן; אָבער דערמיט וואָלט זיך די רעזשי אַן עצה געגעבן, ווי דער שטייגער איז אין אַזעלכע פאַלן.

ביי זיין לעבן האָט דער מחבר נישט זוכה געווען זי זאָל אויפגעפירט ווערן. אפשר איצט, נאָכן מחברס טויט, וועט זיך געפינען אַ פאַסיקער רעזשיסער און אַ טעאַטער דערצו? די פּיעסן־פּראָדוקציע ביי אונדזערע שרייבערס איז דאָך געוואָרן אַ זעלטנקייט.

בוענאָס־איירעס, 1963

# אַ שרייבער־לאַנדסמאַן

(צום פריצייטיקן טויט פון אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ)

דער פריצייטיקער טויט פונעם ניו־יאָרקער שרייבער אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ איז פאַר אונדז, זיינע גראָדנער לאַנדסלייט, געוועזן אַ דערשי־טערונג — הגם מיר האָבן שוין מיט עטלעכע חדשים פריִער געוווּסט, אַז זיין גורל איז אַ געחתמעטער: די וויסנשאַפט, וואָס האָט שוין דערפונדן די ראַפינירטסטע אַטאָמישע מיטלען אויף אומצוברענגען מיליאָנען מענטשן כהרף־עין, האָט נאָך אַלץ נישט באַוויזן צו געפינען אַ תרופה קעגן דער קללה פון דער מענטשהייט — דעם קאַנסער...

ערשט עטלעכע טעג פאַר זיין טויט האָבן מיר באַקומען פון פּאָמע־ראַנצן אַ בריוו, דאַטירט דעם 1טן יאַנואַר 1964, אין וועלכן ער באַגריסט אונדז מיטן בירגערלעכן ניי־יאָר: „ס׳נאַווים גאָדאָם“! — שרייבט ער די פראַזע אין רוסיש. אין יענעם מאָמענט, ווען ער האָט שוין מיט קענטיקער אָנשטרענגונג דעם בריוו געשריבן, האָט זיך אים זיכער נאָך נישט גע־גלייבט, אַז זיין טויט איז שוין אַזוי נאָענט, אַזוי נאָענט, אין געציילטע טעג אַרום ממש... — הגם פונעם בריוו ווייעט מיט יאוש. ער שרייבט: „אין אַ פּאָר טעג אַרום מוז איך ווידער גיין אין שפּיטאָל. עס קוקט־אויס, אַז מיין קראַנקייט איז אַ האָפענונגלאָזע. מיר ווערט שווערער פון טאָג צו טאָג. איך פאַרליר וואָג, איך פאַרליר האָפענונג, וואָס איז נאָך ערגער“...

ווייטער שרייבט פּאָמעראַנץ אין זיין בריוו, אַז ער גיט־איבער אַ ריי מאַטעריאַלן צו אַ גראָדנער פריינד אין ניו־יאָרק, אַז יענער זאָל זיי אונדז איבערשיקן פאַר די „גראָדנער אָפּקלאַנגען“. קלאָר: דאָס האָט ער געטאָן אין זיין רעזיגנירטקייט, ווייל ער האָט שוין געפילט בחוש, אַז ער אַליין וועט עס שוין נישט באַוויזן אויסצונוצן...

דאָך איז עס געשען צו־שנעל. אַ „שנעלע שרפה“ — ווי דאָס פאָלק זאָגט.

**
*

אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ שטאַמט פון אַן אָרעמער יידישער שטוב אין גראָדנע. זיין פאָטער איז געווען אַ מעשנגיסער, וואָס האָט מיט שווערער פּראַצע קוים מפרנס געווען זיינע בני־בית (12 קינדער, וואָס 8 פון זיי האָט היטלער אומגעבראַכט...). און צו פיל זאַט איז מען אין דער דאָזיקער היים נישט געווען... פּאָמעראַנץ האָט פאַראייביקט זיין היים אין זיין פּאָעמע „מיין טאַטע — דער מעשנגיסער". דאָרט זינגט ער צווישן אַנד.:

אַ מעשנגיסער איז מיין טאַטע,
גראָדנע ז׳מיין געבוירן־שטאָט.
ס׳איז פרעמד מיין בלוט די וועלט די זאַטע —
ס׳האָט קאַמף באַגלייט מיין יעדן טראָט.

עס האָט אַ צאַרטע, בלאַסע מאַמע
געבוירן מיך אין אַ וואַרשטאַט,
ווו ס׳האָט באַגריסט מיך אַ דינאַמאָ,
פון גיסעריי דער קוילן־טשאַד.

לויט זיינע ביאָגראַפישע דאַטעס איז פּאָמעראַנץ געבוירן געוואָרן אין גראָדנע אין 1901. האָט געלערנט אין אַ חדר און שפּעטער, אין 1913—1914, אין די ישיבות פון סטוטשין און מיר. אין 1917—1918 באַזוכט ער די מינסקער העברעישע העכערע קורסן און לערנט אין די רוסישע גימנאַזיעס אין אָסטראָגאָזסק און מינסק. אין 1919 האָט פּאָמעראַנץ דעבוטירט אין „גראָדנער מאָמענט" מיט אַ ליד צום ערשטן יאָרצייט נאָך לייב ניידוס. אין 1921 קומט ער קיין אַמעריקע. אין 1922—1923 האָט ער באַזוכט די לערער־קורסן פון אַרבעטער־רינג.

אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ ווערט נאָך דעם אַריינגעצויגן אין די ראַדיקאַלע קרייזן און ער פאָרט אַריבער קיין סאָוויעט־רוסלאַנד — קיין קיעוו, ווו ער שטודירט אין די יאָרן 1933—1935 ווי אַן אַספּיראַנט אין דער סעקציע פאַר ליטעראַטור און קריטיק פון וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור און באַקומט דאָרט דעם אַקאַדעמישן טיטל „וויסנשאַפט־קאַנדידאַט פון דער יידישער ליטעראַטור". נאָכן ענדיקן דעם אינסטיטוט קערט זיך פּאָמעראַנץ אום צוריק קיין ניו־יאָרק, ווו ער אַרבעט־מיט אין אַ ריי קאָמוניסטישע אויסגאַבעס, איינשליסלעך די „מאָרגן־פרייהייט". ער פאַרעפנטלעכט אַ ריי ביכער אין גייסט פון „פּראָלעטפּען" — ווי אַ גלויביקער פרומער קאָמוניסט.

אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנצס אויסגיכטערונג פונעם קאָמוניסטישן טשאַד איז געקומען נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען דער „פּאָטער פון די פעלקער" — דער רויטער תליון — האָט אָנגעהויבן די טאָטאַלע ליקווי־דאַציע פון דער ייִדישער ליטעראַטור און אירע שעפערס. פּאָמעראַנץ — בטבע אַן ערלעכער, גלויביקער מענטש — איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָט זיך איינגעבראָכן אין זיין פאַלשן גלויבן; וואָס האָט דערזען דעם גרויסן ליגן און ער האָט קאָנסעקווענט איבערגעריסן מיטן קאָמוניסטישן לאַגער. ער איז אַוועק פון דער „מאָרגן־פרייהייט" און איר גאַנצער כנופיה און איז אַריבער אין ייִדיש־נאַציאָנאַלן לאַגער, וואָס האָט אים אויפגענו־מען מיט אָפענע אָרעמס, ווי מ׳נעמט־אויף אַן אויפריכטיקן בעל־תשובה. די אַנטוישונג איז פאַר אים געווען אַ טיפע טראַגעדיע, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין זיינע אַרטיקלען און עסייען אויף די שפאַלטן פון „פאָר־ווערטס", „צוקונפט", „אונדזער צייט" און אַנדערע אויסגאַבעס. ער האָט כסדר געלאָזט הערן זיין מוטיקע שטים פון פּראָטעסט און צאָרן קעגן די רויטע טאָרקוועמאַדאָס פון מאָסקווער קרעמל.

אַזוי איז פּאָמעראַנץ געבליבן מיט אונדז, אין די ייִדיש־נאַציאָנאַלע רייען, ווי אַ ייִדישער מענטש און ייִדישער שרייבער.

אין 1962 האָט דער „ייִוואָ" אין בוענאָס־איירעס פאַרעפנטלעכט אַלעק־סאַנדער פּאָמעראַנצס וואָגיקסט בוך „די סאָוויעטישע הרוגי־מלכות" (צו זייער 10טן יאָרצייט). אין דאָזיקן בוך שילדערט פּאָמעראַנץ מיט אַ סך פּיעטעט און ליבשאַפט דעם טראַגישן גורל פון די ייִדישע שרייבערס און דער ייִדישער ליטעראַטור אין סאָוויעטנלאַנד. פּאָמעראַנץ האָט זיי אַלעמען געקענט פּערזענלעך פון זיינע סאָוויעטישע יאָרן; מיט טייל פון זיי געווען אינטים פאַרבונדן, ווי עס זאָגן עדות זייערע בריוו צו אים (אין דעם אָפּ־טייל „בריוו"). אַזוי אַז זיינע אַלע באַשרייבונגען אינעם בוך טראָגן דעם חותם פון עכטקייט, פון אויטענטישקייט. אין די אַלע קאַפּיטלען פונעם בוך גייען דורך פאַר אונדזערע אויגן די געשטאַלטן פון אַ גאַנצער פּלע־יאַדע באַוווּסטע דיכטערס און פּראָזאַיקערס, ווי: דוד בערגעלסאָן, דוד האָפשטיין, איזי כאַריק, פּרץ מאַרקיש, מאַקס עריק (זיין פּראָפעסאָר אין דער קיִעווער אַקאַדעמיע), שמואל פּערסאָוו, עזרא פינינבערג, איציק פע־פער, לייב קוויטקאָ, משה קולבאַק און פיל אַנדערע. די קרבנות פון די געפלאַצטע אילוזיעס...

דאָס בוך האָט דעם פּגם, וואָס עס איז איבערגעלאָדן אויך מיט גע־

וויסע אַרטיקלען, וואָס פּאָמעראַנץ האָט געשריבן נאָך אין זיינע „קאָמו־ניסטישע יאָרן" און זיי פּאַסן זיך נישט אַריין אין די איצטיקע באַדינגונ־גען און די שטימונגען פון מחבר גופא. נישט אַלץ האָט דאָך דער מחבר געמוזט אַריינגעמען צווישן טאָוולען פון אַ בוך. דאָס האָט טאַקע אַרויס־גערופן פאַרשיידענע קאָנטראָווערסיעס אין מערערע אָפּרופן פון שרייבערס וועגן „די סאָוויעטישע הרוגי־מלכות". בכלל אָבער איז דאָס בוך זייער און זייער רייך אין דאָקומענטאַציע. עס האָט אַ שלל אינפאָרמאַציעס וועגן לעבן, שאַפן און גוראַנגל פון די סאָוויעטיש־ייִדישע שרייבערס. דער קו־מענדיקער ייִדישער ליטעראַטור־היסטאָריקער וועט פון פּאָמעראַנצס ספר האָבן אַ סך, אַ סך צו שעפּן.

**
*

אַז אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ איז אַוועק מיט זיין גאַנץ וועזן, מיט זיין גאַנץ לייב־און־לעבן פון דער קאָמוניסטישער עבודה־זרה, זאָגן עדות צוו"אַנד זיינע אָפענע, קאַטעגאָרישע אַרויסזאָגונגען שוין אין דער הקדמה צו „די סאָוויעטישע הרוגי־מלכות". כדאי צו ברענגען עטלעכע ציטאַטן:

„אין יענעם טאָג (12טן אויגוסט 1952. — אַ. ז.) האָבן קאָמוניסטן, סאָוויעטישע באַאַמטע, קאַלטבלוטיק געקוילעט אַרום „דריי צענדליק" פון די אָנגעזעענסטע ייִדישע שרייבערס, קינסטלערס און טוערס פון מאָסקווער ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט".

„אויך אין די פריִערדיקע יאָרן האָט מען אויסגעקוילעט און פאַרפּיי־ניקט עטלעכע הונדערט ייִדישע שרייבערס, קינסטלערס, געזעלשאַפטלעכע טוערס און „אַסירי־ציון". נאָר יענע האָט מען דערמאָרדעט איינציקווייז, נישט אין זעלביקן יאָר אָדער טאָג".

„די געקוילעטע און פאַרפּייניקטע זיינען דעריבער מאַרטירערס, הרו־גי־מלכות — אין דעם פּוילן ייִדישן היסטאָרישן זין פון די ווערטער. זיי זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די הייגטצייטיקע „רויטע" רופוסעס, פאַרדאָרבענע סאַטראַפּן פון דעם הייגטצייטיקן „רויטן רוים"*.

„די שחיטה האָבן דורכגעפירט רוצחים מיט פּאַרטיי־ביכלעך, מיטן סאָוויעטישן שטערן אין זייערע היטלען, מיט לענין־ און סטאַלין־אָרדנס

* טורנוס רופוס איז געווען דער רוימישער סאַטראַפּ, וואָס האָט גוזר געווען דעם טויט פון די „עשרה הרוגי־מלכות" מיטן תנא רבי עקיבא בראש.

אויף זייערע ברוסטן. זיי האָבן עס געטאָן נישט אין מלחמה־צייט, נאָר ווען שלום האָט געהערשט אויף דער וועלט״.

„און וואָס האָט די „פּראַוודאַ״ געשריבן איין טאָג נאָך דער מאַסן־שחיטה אויף דער עליטע פון אַ יידישן דור, דעם 13טן אויגוסט 1952? אָט וואָס: „אינעם נאָמען פון מענטשלעכע געפילן, ציוויליזאַציע און גע־רעכטיקייט פאָדערן מיר אַ סוף צום איזדיעקעווען זיך איבער מענטשן״ (אין די מלוכות פון דער „יו־ען״); „פאַר אַ שלום־אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד״; „לאָמיר אַנטוויקלען אינערלעך־פּאַרטייאישע דעמאָקראַטיע״, און נאָך אַזעל־כע היפּאָקריטישע פראַזעס״.

„און צוויי טעג נאָך דער שחיטה, דעם 14טן אויגוסט 1952, געפינען מיר אַ לייטאַרטיקל אין דער „פּראַוודאַ״: „די פּאַרטיי — די פאַרקערפּע־רונג פון דער קאָמוניסטישער מאָראַל״. און ער הייבט זיך אָן אַזוי: „אונ־דזער פּאַרטיי זאָרגט זיך יעדן טאָג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער סאָוויע־טישער ליטעראַטור, פאַר הייבן איר אידעיִשן און קינסטלערישן ניוואָ. די סאָוויעטישע ליטעראַטור איז די סאַמע פאָרגעשריטנסטע ליטעראַטור אין דער וועלט״. דער אַרטיקל איז נאָך געווען אויסגעפּוצט מיט בילדער פון די געווינערס פון די סטאַלין־פּרעמיעס״.

„די ציניִשסטע רוצחים — ווייל אינעם נאָמען פון „קאָמוניסטישער מאָראַל״, פון דער „פּאָרגעשריטנסטער״ ליטעראַטור, פון די דערהויבנדיק־סטע אידעען!״.

„פון די סאָוויעטישע הרוגי־מלכות זיינען פאַרבליבן נאָר אומבאַקאַנטע קברים. לויט דער יידישער טראַדיציע ווערן זיי דורך דעם נאָך מער גע־הייליקט. זייער שעפערישקייט וועט אָבער נישט גיין לאיבוד. זייערע ווערק וועלן לעבן און איבערלעבן די רויטע רוצחים, די היינטצייטיקע טורנוס רופוסעס״.

פון די אויבן געבראַכטע ציטאַטן קאָן נישט בלייבן און עס בלייבט נישט קיין שמץ פון ספק וועגן פאָמעראַנצס לחלוטינדיקן פאַקטישן און פסיכישן איבעררייסן מיט זיין קאָמוניסטישן עבר. ווי דען אַנדערש האָט געקאָנט האַנדלען יעדער אָרנטלעכער מענטש און יעדער אויפריכטיקער יידישער שרייבער נאָך אַזאַ גענאָסיד איבער דער יידישער קולטור און נאָך דער גרויזאַמער שחיטה פון די בעסטע און שענסטע יידישע וואָרט־מייסטערס אינעם לאַנד פון דער כלומרשטער „גאולה״ פאַר אַלע פעלקער?... דאָס איז דאָך אַן עלעמענטאַר־עטישע און לאָגישע קאָנסעקווענץ! היפּאָ־

קריטישע יעווסעקן פאַרענטפערן עד־היום די מעשים־תעתועים מיט די פוילע תירוצים: „פערזאָנען־קולט”... „בעריאָוושטשינאַ”.... אָבער צי גילט נישט עד היום הזה דער גייסטיקער געגאַסיד איבער דער לערך דריי מי־ליאָניקער יידישער באַפעלקערונג אין דאָזיקן פאַרקריפּלטן לאַנד? נאָר הי־פּאָקריטן און כאַראַקטערלאָזע יידישע שרייבערס האָבן נישט נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ, פון בינם העלער, פון משה שולשטיין, פון ב. שלעווין, פון שניאור וואַסערמאַן און אַ ריי אַנדערע פּען־מענטשן אין פאַרשיידענע לענדער.

***

אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ איז געווען אַ שרייבער מיט וויסן און פיינער קולטור. ער האָט מיטגעאַרבעט אין פאַרשיידענע צייטשריפטן, האָט גע־דרוקט עסייען, אָפּשאַצונגען וועגן ביכער; איז געווען באַשעפטיקט אין דער ביבליאָטעק פון טעאָלאָגישן סעמינאַר, טיילווייז אין „ייִוואָ”, וכדומה. ער האָט לעצטנס אויך צוגעגרייט וואָגיקע אַרבעטן פאַרן גראָדנער יזכור־בוך, וואָס דערשיינט בקרוב אין תל־אביב. ער איז, אַגב, ערשט נישט לאַנג פאַר זיין טויט צוריקגעקומען פון אַ באַזוך אין ישראל; האָט געגרייט אַן אַרבעט וועגן ישראל. אָבער ער איז שוין נישט געווען ביי די פולע כוחות. די פאַטאַלע קראַנקייט האָט שוין געגומען געבן אירע דראָענדיקע סיגנאַלן...

אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ האָט תמיד געטראָגן אין האַרץ אַ טיפע נאָסטאַלגיע נאָך זיין אַמאָליקער היימשטאָט, נאָך דער געמיטלעכער, שטי־לער ביעמאַן־שטאָט — נאָכן יידישן גראָדנע, וואָס איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער יידישער מאַפּע...

אין זיין ליד „גראָדנע” זינגט דער דיכטער, צוו”אַגד:

מיין היימשטאָט גראָדנע, פעסטונג־שטאָט פון ליטע,
די גובערניאַלע שטאָט פון צאַרישן ראַסיי.
זכרונות טויכן־אויף, ווי בלומען ערשט צעבליטע,
געשטאַלטן שוועבן דורך און שטעלן זיך אין ריי:

— — — — — — — — — — — — — —

עס קומען־אויף געהיימע ליבע ערטער:
פּישקי, סאַקרעט, לאַסאָסנע, גראַנדזשיץ, פּאָניעמאָן ; —

די ערשטע אויפגעכאַפּטע נייע ווערטער,
ווי ציוניזם, קלאַסן־קאַמף און רויטע פאָן.

אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ איז נאָך געווען אין בלי פון שעפערישקייט און פול מיט ליטעראַרישע פּלענער. דער פּריצייטיקער טויט האָט זיינע אַלע פּלענער איבערגעריסן.

בוענאָס־איירעס, יאַנואַר 1965

# עס דערמאָנט זיך

(אויפן ראַנד פון די וואַרשעווער ביכער „בערעזיאַצי" און מ. מירסקיס „ביעגעם מאַרש!")

אין פאַריקן יאָר (1965) איז אין וואַרשע, אין פ"ג „קסיאָנזשקאַ אי וויעדזאַ", דערשינען אַ בוך א"ג „בערעזיאַצי" (די בערעזער), וואָס איז געווידמעט דעם טרויעריק־באַרימטן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע, דער איינציקער, אָבער שוידערלעכער לאַגער אין פאַר־מלחמה־דיקן פוילן.

ס'איז אַ דיק בוך פון 500 זייטן, מיט אַ סך דאָקומענטאַרע אילוסטראַציעס; מיט זכרונות און פאַרצייכענישן פון און וועגן די אסירים פונעם לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע. די אַרבעטן, וואָס קומען אַריין אין בוך, ציילן זיך אין די פיל צענדליקער. אין די זכרונות ווערן אויפגעוויקלט אַלע גרוילן און פיינען, וואָס עס זיינען אויסגעשטאַנען די אסירים אין יענעם עמק הבכא.

פאַרשטייט זיך, אַז דערציילט ווערט נאָר וועגן קאָמוניסטישע אַרעסטאַנטן און נישט וועגן די קרבנות פון אַנדערע אידעאָלאָגיעס. איך האָב, למשל, אומזיסט געזוכט דעם נאָמען פונעם באַקאַנטן אַרבעטער־טוער און פובליציסט אין פוילן ד"ר יוסף קרוק, דעם לידער פון די „אומאָפּהענגיקע" (די אַמאָליקע „ס. ס."). אויך ער איז דאָך געווען אַ „פענסיאָנער" פון קאַרטוז־בערעזער לאַגער. ער און זיין „אַדיוטאַנט" ערליך; דער „הערשעלע" פון די „אומאָפּהענגיקע"... — ווי מען האָט זיך געוויצלט אויף „טלאָמאַצקיע". ווייל ערליך איז פונקט ווי דער פאָלקס־דיכטער הערשעלע, געווען אַ שטיל בנעימותדיק מענטשל, אַ גוטמוטיקע, פרומע נשמה, אַ מין „באָנטשע שוויג". ערליך האָט געקלעפּט צו ד"ר קרוקן און אים נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן. און ס'איז באַשערט געווען, אַז אויך אין קאַרטוז־בערעזער לאַגער זאָל ער זיין קרוקס באַגלייטער.

האָב איך אינעם בוך געזוכט זייערע נעמען, אָבער קיין זכר. זיי זיינען דאָך נישט געווען קיין קאָמוניסטן.

***

אין שייכות מיטן בוך „בערעזיאַצי" האָט דער באַקאַנטער שרייבער און פּעליעטאָניסט ברוך שעפנער פאַרעפנטלעכט אין ניו־יאָרקער „פאָר־ווערטס" (און אין דער היגער „די פרעסע") עטלעכע אַרטיקלען, וואָס שטעלן זיך אָפּ דער עיקר אויף דער טעמע מיכאל מירסקי (איינער פון רעדאַקציע־קאָלעגיע פון „בערעזיאַצי").

מירסקיס זכרונות אין „בערעזיאַצי" טראָגן דעם נאָמען „ז' טאָמטיך דני"..." (פון יענע טעג). ס'איז אַ באַשרייבונג פון די טאָרטורן אינעם לאַגער. גאָר אויספירלעך האָט מירסקי געשילדערט זיינע איבערלעבענישן אין קאַרטוז־בערעזער לאַגער אין זיין בוך „ביעגעם מאַרש!" (אַ מיליטערישע קאָמאַנדע מען זאָל לויפן), וואָס איז אויך דערשינען אין זעלבן פאַרלאַג „קסיאָנזשקאַ אי וויעדזאַ" אין 1958.

שעפנער ציטירט שטעלן פון אַ פאַרצייכעניש, וואָס עס האָט דאָרט די פרוי פון מיכאל מירסקי, דעם געוועזענעם „בערעזיאַק". זי דערציילט ווי אַזוי זי האָט זיך געווענדעט צו ברוך שעפנערן — ווי צום דעמאָלטדיקן פאָרזיצער פון ייִדישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פאַראיין — אַז ער זאָל אינטערווענירן ביי דער פּוילישער מאַכט וועגן איר מאַן, וואָס איז דאָך אַ מיטגליד פון שרייבער־פאַראיין. שעפנער האָט עס איר אָן וואַקלונגען צוגעזאָגט. ער האָט איר אָבער געראָטן, אַז זי זאָל זיך אויך ווענדן צו נח פּרילוצקין, וועמען עס קען גוט די פּוילישע מאַכט: איז דאָך אַדוואָקאַט נח פּרילוצקי געווען אַ פּאָפּולערע פּערזענלעכקייט אין פּוילן. דערצו נאָך אַ געוועזענער סיים־דעפּוטאַט. אַז ער וועט גיין צוזאַמען מיט פּרילוצקין, קאָן זייער השתדלות בעסער משפּיע זיין. דער סוף איז געווען, אַז זיי זיינען טאַקע ביידע געגאַנגען מיט דער אינטערווענץ און טאַקע אויסגעפּועלט מירסקיס באַפרייונג.

ברוך שעפנער טאַדלט איצטער — און מיט רעכט — די טענדענציעז־קייט, מיט וועלכער פרוי מירסקי דערציילט וועגן איר שמועס מיט נח פּרילוצקין. אַ טענדענציעזקייט, וואָס שטימט מיט דער קאָמוניסטישער איינשטעלונג, אַז די שרייבערס פון דער „בורזשואַזער פּרעסע", די נישט־

קאָמוניסטן, זיינען געווען קנעפּל שבקנעפּל מיט דער פאַשיסטישער מאַכט אין פּוילן...

שעפּנער פרעגט, אַגב, די לאָגישע פראַגע:

— אויב מ׳רעדט שוין יאָ וועגן קאָנצענטראַציע־לאַגערן — טאָ פאַר־וואָס זשע נאָר וועגן דעם איין־איינציקן קאָנצלאַגער אין פּוילן?... פאַר וואָס נישט דערמאָנען אַפילו מיט קיין וואָרט די הונדערטער לאַגערן אין סאָוויעט־רוסלאַנד?

איך פון מיין זייט, — אַ געוועזענער „פּענסיאָנער" פון אַ סאָוויעטישן קאָנצלאַגער אין „קאָמי" — קאָן דאָ קאָרעגירן שעפּנערן: נישט „הונדער־טער", נאָר זיכער טויזנטער... אין מיין צייט זיינען צוואַנציק מיליאָן מענטשן, ד״ה לערך 10 פּראָצענט פון דער רוסישער באַפעלקערונג, געווען אומזיסטע שקלאַפן אין די סאָוויעטישע לאַגערן, וואָס זיינען געווען צעשפּרייט אין אַלע „סאָציאַליסטישע" רעפּובליקן. ווער עס האָט געהאַט דאָס „מזל" געפירט צו ווערן, אַזוי ווי איך, אין אַן אַרעסטאַנטן־עשאַלאָן דורך די טייגעס פון וויטן צפון, אין דער ריכטונג צו קאָטלאַס; צי אין אַ שמוציקער באַרזשע פון קאָטלאַס איבער דעם טייך וויטשעגדאַ, העט ווייטער, ווייטער צו די „ווייסע בערן", — יענער האָט גוט געזען, באַ־שיימפּערלעך, מיט זיינע אייגענע אויגן די מיט דראָט אַרומגעצאַמטע לאַגער־זאָנעס, וואָס האָבן זיך כסדר געצויגן, מיט קליינע הפסקות, ביי די זייטן פון די דאָזיקע פאַרוואָרפענע שליאַכן.

נאָר נישט דאָס בין איך אויסן.

***

ברוך שעפּנערס דערמאָנונג וועגן דער השתדלות פאַר מיכאל מירסקין ביי דער פּוילישער מאַכט האָט מיר דערמאָנט אַן אַנדער ענלעכע השתדלות.

דאָס איז געווען אַ השתדלות אויך פון וואַרשעווער ייִדישן ליטעראַטן־און זשורנאַליסטן־פאַראיין ביי דער „דעפענסיווע" (אָכראַנע), ביים אָנפי־רער פון דער „דעפענסיווע" קאַפּיטאַן רונגע. אין דער דעלעגאַציע זיינען דעמאָלט געווען: דער זעלבער ברוך שעפּנער, לעאָ פינקעלשטיין און דער שרייבער פון די שורות. און משתדל געווען האָבן מיר זיך פאַר צוויי אַרעסטירטע, ביידע מיטגלידער פון ליטעראַטן־פאַראיין: פאַרן לינקן פּועלי־ציוניסטישן פירער נתן בוקסבוים און פאַרן קאָמוניסט אַהרן וואַהל.

מיר האָבן אַריינגעשיקט צו קאַפּיטאַן רונגע אונדזערע וויזיט־קאַרטעס און יענער האָט אונדז אויפגענומען מיט אַ געוויסער דאָזע קורטואַזיע. ער האָט אונדז אָנגעקוקט דורכדרינגענד, כ׳וואָלט געזאָגט: מיט אַ פּאָליציייִשן בליק; געהאַלטן פאַר די אויגן אונדזערע „וויזיט־וועקס" און געפרעגט ווער איז ווער... ווי אַן עכטער „שפּיצעל"...

ער האָט לסוף אויסגעהערט אונדזער בקשה צו באַפרייען אונדזערע צוויי מיטגלידער; אַז לויט אונדזער מיינונג און וויסן, פאַרנעמען זיי זיך נאָר מיט פּראָפעסיאָנעלער זשורנאַליסטישער אַרבעט.

— ווער זיי זיינען און וואָס זיי טוען, דאַרפט איר מיר נישט פאָר־שטעלן... — האָט רונגע באַמערקט מיט אַ ציניש שמייכעלע, — מיר קענען זיי בעסער פון אייך... איר קאָנט נאָר וויסן, וואָס עס טוט זיך אין אייער לאָקאַל. אָבער אויסערן לאָקאַל?... אויסערן לאָקאַל?...

אַזוי האָט רונגע אַקצענטירט געלאָסן זיינע ווערטער. ער האָט זיך גענומען וויצלען אויף בוקסבוימס חשבון:

— דער פאַן בוקסבוים איז מיר גוט באַקאַנט. ער איז דאָך פון גאַ־ליציע. פאַר וואָס זיצט ער אַזוי לאַנג אין וואַרשע? זאָל ער אַ ביסל בייטן דעם קלימאַט און פאָרן קיין לעמבערג...

אַז מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען פון דער „דעפענסיווע", וואָס אויף דאַנילאָוויטשעווסקאַ־גאַס, האָבן מיר זיך איינע די אַנדערע אָנגעקוקט מיט אַ פראַגע־צייכן. מיר האָבן נישט געהאַט די איבערצייגונג, אַז אונדזער אינטערווענץ איז געווען מיט דערפאָלג. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז עס קלאָר געוואָרן: ביידע אַרעסטירטע — בוקסבוים און וואַהל — זיינען טאַקע באַפרייט געוואָרן.

נו, יאָ... די בעסטע ראיה, אַז מיר די „בורזשואַזע" שרייבערס, זיינען געווען גאַנצע שמעלקעס ביי דער וואַרשעווער „דעפענסיווע"...

***

בשייכות מיט מיכאל מירסקיס פערזענלעכע זכרונות אינעם בוך „בערעזיאַצי" און אין זיין בוך „ביעגעם מאַרש", ווילט זיך דערמאָנען נאָך אַן אַנדער עפּיזאָד. אַן עפּיזאָד, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ נאָמען גראָד פון זיינעם אַ פּאַרטיי־חבר אין וואַרשע, — טאַקע דעם אויבן־דערמאָנטן זשור־נאַליסט אַהרן וואַהל.

און דער עפּיזאָד — אַ גאַנץ טרויעריקער — איז געשען נישט אין

פּאַשיסטישן, נאָר אין נאָך־מלחמהדיקן, פּאָלקס־דעמאָקראַטישן פּוילן... אָבער פריִער עפּעס וועגן יענעם קלימאַט.

אין די יאָרן 1946, 1947, 1948 איז לאָדזש געווען דער גרעסטער ייִדישער צענטער. וואַרשע איז דאָך געלעגן אין חורבות. צו ווייניק גע־בליבן גאַנצע הייזער, ווו ייִדן זאָלן קאָנען געפינען אַ דאָך איבערן קאָפּ. דאַקעגן לאָדזש איז געווען ווייניק צעשטערט. נאָר באַלוט, ווו ס׳איז געווען די געטאָ, איז געלעגן אין ציגל און גרוז. דערפאַר איז לאָדזש געוואָרן די גרעסטע קאָנצענטראַציע פון דער שארית הפליטה נאָכן בלוטיקן מבול.

אין 1946—1947 האָט אויף דער ייִדישער גאַס אין פּוילן געהערשט אַ מין „בורג־פרידן". ייִדן פון אַלע שאַטירונגען זיינען געזעסן ביי איין טיש, געווען אַן אַלגעמיינע טאָלעראַנץ. אין יענעם קלימאַט איז עס מעגלעך גע־ווען, למשל, כ׳זאָל זיצן צוזאַמען מיטן שרייבער־היסטאָריקער בערל מאַרק ע״ה ביי אַ קאָלעקטיוון פּסחדיקן „סדר", איינגעאָרדנט פון אַ שטרענג רע־ליגיעזער ריכטונג...

אין יענער צייט זיינען נאָך ייִדישע שרייבערס — שרייבערס פון פאַר־שיידענע אידעאָלאָגיעס — געמיטלעך געזעסן ביי די מיטאָג־טישן אין איי־גענעם לאָקאַל און מען האָט געמיטלעך געשמועסט, פריי דיסקוטירט וועגן אַלץ און אַלעמען. ס׳האָבן שרייבערס דערציילט — שוין אין פריידן — טראַגישע און טראַגי־קאָמישע עפּיזאָדן פון זייערע איבערלעבענישן אין די קאַשמאַר־יאָרן. אַ שטענדיקער שמועסער ביי די פאַראיין־טישלעך איז אויך געווען אַהרן וואַהל, וואָס האָט זיך געראַטעוועט אויף דער אַרישער זייט.

אַ מאָל פלעגן זיך שרייבערס אין אָוונט אַריינכאַפּן אין דער קאַפעטערי־ע פון אַהרן וואַהלס ברודער, אין אַ שכנותדיקער גאַס. אין יענער קאַפעטע־ריִע פלעגט מען קאָנען טועם זיין די געשמאַקע „טשאַסטעס", די קעזקוכנס, וואָס פלעגן דערמאָנען די פאַר־מלחמהדיקע וואַרשעווער „זשעמיאַנסקאַ" מיט אירע דעליקאַטעסן. דאָרט פלעגט אַהרן וואַהל זיין דער הויפּט־שמוע־סער ביי די קאַפע־טישלעך, ווי אַ בן־בית.

אַגב: אין דער זעלביקער „קאַוויאַרניע" בין איך איין מאָל אָפּגעזעסן שעהן־לאַנג ביי אַ טישל צוזאַמען מיט בערל מאַרקן און טוביה באָזשי־קאָווסקין — דעם געוועזענעם קעמפער אינעם אויפשטאַנד פון וואַרשע־ווער געטאָ, וועלכער האָט זיך נאָכן פאַלן פון געטאָ געראַטעוועט דורך די אונטערערדישע קאַנאַלן. בערל מאַרק האָט אויפגענומען פון באָזשיקאָוו־

סקין אַ סך אינפאָרמאַציעס און פּרטים וועגן געטאָ־אונטערערד, וועגן ווי־דערשטאַנד, וועגן די קאַמפן אין געטאָ אאַ״וו. מאַרק האָט אַלץ געדולדיק פאַרצייכנט. דאָס האָט ער דעמאָלט געהאַלטן אין זאַמלען מאַטעריאַלן פאַר זיין ווערק וועגן אויפשטאַנד פון געטאָ וואַרשע.

באַזשיקאָווסקי גופא, ווי באַקאַנט, האָט זיינע אַלע איבערלעבענישן, זיין אָנטייל אין געטאָ־אונטערערד, זיינע ראַנגלענישן אויף דער אַרישער זייט, פאַרעפנטלעכט שפּעטער אין זיין בוך „צווישן פאַלנדיקע ווענט״. ער האָט פון פוילן אויסגעוואַנדערט קיין ישראל. אָבער צו לאַנג איז אים נישט באַשערט געווען צו פרייען זיך מיטן ייִדישן לאַנד. דער פריצייטיקער טויט האָט איבערגעריסן זיין לעבן.

דער פּאָליטישער קורס אין נייעם פוילן האָט זיך ביסלעכוויז געביטן. די „או.בע.״ (די פּוילישע „נ.ק.וו.ד.״) האָט געהאַט אויף אַלץ אַן אויג. היינ־טער איר איז געשטאַנען, ווי אַ שטרענגער רעזשיסער, די סאָוויעטישע מאַכט, וואָס האָט דיקטירט דער „או. בע.״ וואָס זי האָט צו טאָן, ווי צו האַנדלען.

ייִדן האָבן דערשפּירט דעם נייעם „שטייפן קורס״ און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער צווייטער גרויסער „עקזאָדוס״, דער יציאת־פוילן. (דער ערשטער בהלהדיקער „עקזאָדוס״ איז געווען נאָך דער מוראדיקער שחיטה אין קיעלץ). לעגאַל און אומלעגאַל, דורך גרענעצן מיט טשעכאָסלאָוואַקיע און דורך אַנדערע וועגן.

אין יענע טעג באַווייזט זיך איין מאָל אַן אַרטיקל פון אַהרן וואַהל אין „דאָס נייע לעבן״ אויף עפּעס אַ פּאָליטישער טעמע. אין דעם דאָזיקן אַר־טיקל האָט ער זיך דערלויבט אַרויסצוזאָגן זיינע אַן אייגענע מיינונג, נישט לויט דער אָנגענומענער פּאַרטיי־דאָגמע. נו, האָט זיך וואַהל געקויפט אַ מפטיר! ער האָט אַ פּנים נאַיִוו געגלייבט, אַז מען קאָן זיך עס דערלויבן אין דעם באַפרייטן פוילן...

באַלד אין אַ פּאָר טעג אַרום באַווייזט זיך אין דער „פּ.פּ.ר.ישער״ (קאָ־מוניסטישער) „פאָלקס־שטימע״ מיכאל מירסקיס אַ דראַסטישער אָנפאַל אויף אַהרן וואַהלן פאַר זיין מאמר אין „דאָס נייע לעבן״. אויף וואַהלן האָבן אַ פּנים די דאָגמאַטישע פּאַרטייערס תמיד געקוקט ווי אויף אַ שטיקל אָפּ־נייגלער. „אַהרן וואַהלס עפנטלעכע אַרויסזאָגונגען זיינען שעדלעכע פון מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט״ — האָט מיכאל מירסקי אָנגעוויזן אין זיין

שאַרפער קריטיק. (כ׳ציטיר מירסקיס פּראָזע פון זכרון. דער זין איז זיכער אַזוי).

מיכאל מירסקיס אַרויסטריט אין דער „פאָלקס־שטימע״ האָט לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן אויף רעזולטאַטן: אין איינער אַ נאַכט האָט די „אָו. בע.״ וואַהלן אַרויסגענומען פון זיין בעט (ער האָט געוווינט ביי זיין ברו־דער אין דער דירה) און זיבט יענער נאַכט — איננו! אויפן סאָוויעטישן „נ.ק.וו.ד.״־שטייגער...

אַהרן וואַהלס ברודער פון דער קאַפּעטער:ע האָט עס אונדז דערציילט בלחש, מיט פאַרקלעמטע ליפּן פון צער, אַז קיינער זאָל נישט הערן.

און אַהרן וואַהל איז זינט דעמאָלט אָפּגעמעקט געוואָרן, פאַרשווּנדן, יבש. מער האָט ער די ליכטיקע שיין נישט שוין געזען, עד היום־הזה...

דער דאָזיקער פאַקט האָט פאַרשנעלערט די עמיגראַציע פון די ייִדי־שע שרייבערס אין פּוילן.

דער „בורג־פרידן״ האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעלאָשן...

פאַר וואַהלן האָבן שרייבערס דאָס מאָל נישט געקאָנט זיך משתדל זיין... מ׳האָט עס געקאָנט טאָן אין פאַשיסטישן פּוילן. מיר האָבן געקאָנט אויספּועלן אַהרן וואַהלס באַפרייונג אין דער פּוילישער „דעפענסיווע״, ביים קאַפּיטאַן רונגע; שעפּנער און פרילוצקי האָבן געקאָנט ראַטעווען מיכאל מירסקין פון קאַרטוז־בערעזע, אָבער ביי דער „אָו. בע.״ (מיט דער שותפות פון „נ. ק. וו.ד.״) האָט גאָר קיין רייד נישט געקאָנט זיין וועגן אַ השתדלות פון „בורזשואַזע״ שרייבערס...

איז ווי זשע פאַרט אַהינגעקומען דאָס געביין פון אַהרן וואַהל? אפשר קען עס מירסקי געוויר ווערן ביי זיינע „כאַווירים״, וואָס פאַרנעמען זיך מיט פּאָליטישער כשרות?... *

בוענאָס־איירעס, 1966

* איצט, אין 1968, ווען מיכאל מירסקי זיצט שוין אַליין אויך הינטער קראַטן אין אַ „פאָלקס־דעמאָקראַטישער״ פּוילישער תפיסה, האָט ער די בעסטע געלעגנהייט און גענוג צייט צו מאַכן אַ שטיקל חשבון — אַ חשבון הנפש...

# ווען מיר דערמאָנען טשערנאָוויץ

מיר האָבן איצט אַ יובל־יאָר — פופציק יאָר נאָך דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ *. בעט זיך צו מאַכן אַ שטיקל באַלאַנס. איז ווי זשע זעט־אויס, כאָטש אויבנאויפיק, דער סך־הכל פון די דאָזיקע פופציק יאָר אין אונדזער גייסטיקן לעבן? דער „דעביט" און „קרעדיט" פון אונדזער שפּראַך און קולטור?

דעמאָלט, מיט פופציק יאָר צוריק, האָט נאָך געשמעקט מיט פרילינג, מיט גרינקייט אויף אונדזערע פעלדער. אין אונדזער לעבן און אין דער ליטעראַטור האָט געווייעט מיט פרישע אַראָמאַטן. אין דער יידישער פּאָע־זיע האָבן זיך צעטראָגן טענער פון אויפגאַנג.

אין יענעם פריידיקן פּעריאָד האָט די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ — נאָך אַ ריי וויכוחים — פּראָקלאַמירט יידיש ווי אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך, ד״ה ווי איינע פון די ביידע שפּראַכן: יידיש און העברעיִש. דאָס איז דעמאָלט געווען על־פּי דער אידעאָלאָגיע פונעם רוב באַטייליקטע אין דער דערמאָנ־טער קאָנפערענץ, — וואָס אין איר אויבנאָן זיינען געשטאַנען: י. ל. פּרץ, ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, ד״ר נתן בירנבוים, אַברהם רייזען, ה. ד. נאָמ־בערג, שלום אַש, דער דאַן נאָך יונגער און שפּעטער פּראָמינענטער שפּראַך־פאָרשער ד״ר מתתיהו מיזיש און אַנדערע. (אַלע שוין שוכני עפר).

דער טערמין „אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך" איז געווען די פּשרה־פאָרמולע, וואָס עס האָט פאָרגעשלאָגן ה. ד. נאָמבערג און וואָס איז נאָך הייסע וויכו־חים אָנגענומען געוואָרן. פּרצעס פאָרשלאָג איז גראָד געווען, אַז „יידיש

* די עסיי איז געשריבן געוואָרן אין 1958. געלייענט אויף דער אַקאַדעמיע, אַראַנזשירט דורכן שרייבער־פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג", קולטור־קאָנגרעס און ייוואָ אין טעאַטער „בוענאָס־איירעס", מיט דער באַטייליקונג פון יעקב באָטאָשאַנסקי און דעם שרייבער־גאַסט פון ניו־יאָרק, אפרים אויערבאַך.

איז די פֿאָלקסשפּראַך, העברעיִש די נאַציאָנאַלע שפּראַך פֿון ייִדישן פֿאָלק". און דאָס איז געווען מער צום האַרץ די העברעיִסטן. אָבער די מערהייט פֿון דער קאָנפֿערענץ איז געווען פֿאַר נאָמבערגס פֿאָרמולע. פּרץ האָט זײַן טעזע אויסגעטייטשט מיטן מאָטיוו, אַז אין ייִדיש דאַרפֿן נאָך אַרײַנגעבראַכט ווערן פֿונעם עבר די אַלטע ייִדישע קולטור־אוצרות, די אַלע קולטור־ווערטן, כּדי אַ ייִדישער קולטור־מענטש זאָל זיך קאָנען אויס־לעבן אויף ייִדיש. פּרץ האָט מכוון געווען צו אינספּירירן די ייִדישע שרײַ־בערס, אַז זיי זאָלן זיך נעמען איבערטראָגן די אַלטע העברעיִשע ווערק אויף ייִדיש, בכדי ייִדיש זאָל באַרײַכערט ווערן מיט אַלע נאַציאָנאַלע ווערטן.

און אפשר טאַקע האָט פּרצעס שטאַנדפּונקט און רוף אויף דער טשער־נאָוויצער שפּראַך־קאָנפֿערענץ אינספּירירט יהואָשן, ער זאָל זיך נעמען איבערזעצן דעם תנ"ך אויף ייִדיש — דאָס דורותדיק אַלטע מאָנומענטאַלע ווערק פֿון ייִדישן פֿאָלק?

דער גרויסער פֿאַרדינסט פֿון יהואָשן פֿאַר דער חשיבֿות און אָנזען פֿון ייִדיש איז נישט אָפּצושאַצן. בײַ די אומות העולם וואָלטן בײַ אַזאַ אַרבעט געווען באַשעפֿטיקט גאַנצע אַקאַדעמיעס. בײַ אונדז האָט עס באַוויזן אַ יחיד, אַ מתמיד, אַ חד במינו, אַ פֿאַרליבטער אין אונדזער מאַמע־ייִדיש. ער האָט דער איבערזעצונג געווידמעט אַ היפּשן טייל פֿון זײַן שעפֿערישן לעבן. האָט ייִדיש געשטיגן קרעשטשענדאָ.

ווען מיר באַרעכענען אויבנאויפֿיק די אַלע עטאַפּן פֿון ייִדיש און ייִדי־שער קולטור, וועקן זיך בײַ יעדן פֿון אונדז געמישטע געפֿילן: פֿון איין זײַט געפֿילן פֿון פֿרייד, געפֿילן פֿון באַוווּנדערונג, און פֿון דער אַנדערער זײַט — געפֿילן פֿון טרויער, געפֿילן פֿון צער.

פֿרייד און באַוווּנדערונג — ווען מיר ציילן די ריזיקע דערגרייכונגען: די אַנטוויקלונג און פֿאַרפֿולקומונג פֿון דער ייִדישער שפּראַך גופֿא; דער פֿונאַנדערוווּקס פֿון דער ייִדישער קולטור אין אַלע געביטן, אין אַלע צווײַגן: די ברייט־פֿאַרצווײַגטע ייִדישע פּרעסע אין דער גאָרער וועלט; דאָס ייִדישע טעאַטער; דער צעוואָקסענער פֿאַרלאַג־וועזן אין אַ ריי לענדער; דער אויפֿ־שטײַג און פֿונאַנדערבלי פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור — ספּעציעל צווישן ביידע וועלט־מלחמות, ווען עס זײַנען אויפֿגעקומען די דרײַ באַ־דײַטנדיקסטע ליטעראַרישע צענטערן: וואַרשע, ניו־יאָרק, מאָסקווע, וווּ עס האָבן זיך צעשריבן אונדזערע גרעסטע און שענסטע פּראָזע־מײַסטערס און

ווי עס האָבן זיך צעקלונגען און צעזונגען אַ גאַנצע פּלעיאַדע פון די בעסטע און גרעסטע פּאָעטן, פון אַלע שולן און זשאַנערן. די דריי ליטעראַרישע צענטערן האָבן זיך בשעתם געדונגען פאַר דער העגעמאָניע אין דער לי־טעראַטור. נישט ווינקטיק איצט, ווען עס האָט באמת געקומט די בכורה, הלוואַי וואָלטן זיי זיך עד־היום געריסן פאַר דעם פּרימאַט...

איך בין מסופּק, צי אויף דער וועלט איז פאַראַן נאָך אַזאַ אומה, וואָס



אויף דער פייערונג „50 יאָר נאָך דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ"

אין פּרעזידיום, פון רעכטס: יעקב באָטאָשאַנסקי ע"ה, אפרים אויערבאַך און אַברהם זאַק (פאַרן מיקראָפאָן).

איר שפּראַך און קולטור האָבן אין אַזאַ קורצן צייט־אָפּשניט געשלאָגן אַזעל־כע ריזיקע רעקאָרדן!

ווען מיר רעכענען אויס די דערגרייכונגען פון ייִדיש, מוזן מיר אויך ספּעציעל אַרויסהייבן די פּרעכטיקע פּאָזיציע — שולוועזן. די ריזיקע נעץ שולן פון פאַרשיידענע אידעאָלאָגיעס, סיי צווישן ביידע וועלט־מלחמות אין פּוילן, סיי נאָך די יאָרן פון חורבן אין צפון־אַמעריקע, אַרגענטינע א"אַנד.

מוזן מיר דערמאָנען אַזעלכע וואָגיקע וויסנשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס, ווי: דער ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט — פֿריִער אין ווילנע, אין ירושלים ד׳ליטא, און שפּעטער, נאָכן חורבן, אין ניו־יאָרק און נאָך דעם דער אָפּטייל אין בוענאָס־איירעס.

מוזן מיר אויך דערמאָנען דעם ייִדישן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק און דאָ ביי אונדז אין בוענאָס־איירעס. אַגב, פֿייערט הײַנטיקס יאָר דער קולטור־קאָנגרעס אַ יובל: עס ווערט 10 יאָר זינט זיין גרינדונג *.

ייִדיש האָט אויך אַמאָל פֿאַרמאָגט אַ וואָגיקע שפּראַך־אַקאַדעמיע אין קיִעוו, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון נחום שטיף (בעל־דמיון). אָבער... דעם טרויעריקן סוף פֿון די ייִדישע אינסטיטוציעס אין סאָוויעט־רוסלאַנד ווייסן שוין אַלע.

עס איז לחלוטין נישט מעגלעך אויסצורעכענען די אַלע צענדליקער און הונדערטער ייִדיש־פּאָזיציעס, וואָס זיינען באַשאַפֿן געוואָרן אויף אַלע קאָנטינענטן זינט טשערנאָוויץ.

ווען מיר עלימינירן די אַלע פּאָראורטיילן מצד פֿאַרלוימדערס און פֿאַר־לייקענערס פֿון אונדזער ייִדיש־לשון, מוזן מיר אָביעקטיוו פֿעסטשטעלן: ייִדיש, אינעם סינטעז מיט דער שפּראַך פֿון תנ״ך, איז געוואָרן דער הויפּט־פֿאַקטאָר פֿון אונדזער נאַציאָנאַלן און גייסטיקן קיום אין אַלע אונדזערע צעשפּרייטקייטן. אָן ייִדיש וואָלטן נישט מעגלעך געווען אויף דער ייִדישער גאַס די אַלע נאַציאָנאַל־געזעלשאַפֿטלעכע באַוועגונגען אין אַזאַ גרויסן פֿאַר־נעם — סיי די ציוניסטישע, סיי די סאָציאַליסטישע, סיי די סתם פֿאָלקיס־טיש־כלל ישׂראלדיקע; סיי אין די מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער און סיי אין די אַמעריקעס. ייִדיש איז געווען דער פֿאַקטאָר, וואָס האָט סטימולירט; וואָס האָט פֿאַראייניקט; וואָס האָט דערנענטערט און צונויפֿגעבראַכט אין איין מחנה ייִד מיט ייִד. און אַזוי איז געוואַקסן דער ייִדישער געזעלשאַפֿט־לעכער כוח אין יעדן ישוב, אין אַלע אונדזערע צעשפּרייטקייטן. דערמיט קען זיך נישט באַרימען קיין שום אַנדער שפּראַך, וואָס געוויסע טיילן פֿון ייִדישן פֿאָלק האָבן באַנוצט דאָ און דאָרט אין דער לעצטער תקופה פֿון אונ־דזער נייער געשיכטע.

דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן דאָ געזאָגט, געהערט צום פֿריידיקן קאַפּיטל — צו אונדזער אַקטיוו.

---

* איצט, אין 1968, פֿייערט שוין דער קולטור־קאָנגרעס זיין 20־יאָריקן יובל.

מיר מוזן אָבער אויך דערמאָנען די געפילן פון טרויער, וואָס באַהערשן אונדז ביים מאַכן דעם באַלאַנס נאָך טשערנאָוויץ. מיר מוזן, מיט געבויגענע קעפּ, דערמאָנען די טראַגישע אבידות פון ייִדיש: פון איין זייט דער אונ־טערגאַנג פון ייִדיש און ייִדישער קולטור — צוזאַמען מיטן פאָלק, וואָס איז געשאָכטן געוואָרן בימי היטלער י״ש; פון דער אַנדערער זייט — די טאָטאַלע פאַרניכטונג פון ייִדישער קולטור, פון ייִדישער ליטעראַטור — צוזאַמען מיט די שעפערס — אינעם לאַנד פון דער ליגנערישער גאולה... דער גייסטיקער גענאָסיד לגבי דער דריי־מיליאָניקער ייִדישער באַפעלקע־רונג אין סאָוויעט־רוסלאַנד גייט נאָך ווייטער אָן מיט דער גאַנצער טעמפּ־קייט און ברוטאַליטעט פאַר די אויגן פון אַ וועלט, ביי דער אַפּראָבאַטע פון אונדזערע היימישע „ייִדסעקן" אין די תפוצות ישראל.

אָט די צוויי בלוטיקע קאַטאַסטראָפעס אין מיטן און אין דער צווייטער העלפט פון די פופציק יאָר נאָך דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ האָבן אומ־געשליידערט די שטאַרקסטע זיילן פון ייִדיש און ייִדישער קולטור און גורם געווען אַ גוואַלדיקן ריס אין אונדזער גייסטיקן און נאַציאָנאַלן לעבן. אויב אין מזרח־אייראָפּע האָט זיך פריִער ייִדיש, די ייִדישע קולטור, גע־שטיצט על־פּי־רוב אויף דער יוגנט, האַלט זיך איצט ייִדיש אין די אַמע־ריקעס נאָר אויף דער עלטערער און מיטעלער גענעראַציע, וואָס גייט ביסלעכווייז אַוועק — די יוגנט, צום באַדויערן, האָבן מיר נישט! מיר טרייסטן זיך נאָר מיט אויסנאַמען. אַפילו יענע יוגנט, וואָס ווערט נישט אין גאַנצן אַסימילירט צוליב די אָדער אַנדערע סיבות — אָבער אויסגע־ייִדישט ווערט זי זיכער.

דאָס מוזן מיר געדענקען אַפילו בעת מיר פּראַווען ימים־טובים...

אמת, מיר וואָלטן געקאָנט נאָך אַ סך ראַטעווען — ווען מיר וואָלטן אויך איצט געהאַט כאָטש געוויסע קאַדרען פון אַזעלכע געטרייע, איבער־געגעבענע חסידים פון ייִדיש און ייִדישער קולטור ווי דעמאָלט בימי טשער־נאָוויץ. ווייל מיט עכטן אידעאַליזם קאָן מען אַ מאָל אויך מאַכן געשיכטע. די בעסטע ראַיה איז מדינת ישראל. אַ פּשיטא שוין אויפצובויען כאָטש אַ טייל פון די פּאָזיציעס, וואָס בייזע שטורעמס האָבן חרוב געמאַכט...

אויף אַזעלכע אידעאַליסטן וואַרטן מיר. עס רופט זיי דער גייסט פון טשערנאָוויץ.

אַריינפאַלן אין יאוש, אַראָפּלאָזן די הענט דאַרפן מיר נישט, טאָרן מיר נישט. מיר קאָנען קיין מאָל נישט וויסן פאָרויס די סיורפּריזן פון דער גע־

שיכטע. אַפילו ניסים זיינען ביי יידן נישט אויסגעשלאָסן. אַפילו די עצם עקסיסטענץ פון יידישן פאָלק איז באַזירט אויף ניסים. דאָס זעלבע איז אויך שייך דעם גורל פון אַ שפּראַך, פון אַ קולטור.

אַט רעדט מען וועגן גרויסן אויפשטייג פון אינטערעס צו יידיש און מיט יידיש צווישן דער יוגנט פון די אָרטאָדאָקסישע, רעליגיעזע קרייזן אין צפון־אַמעריקע.

און אָט האָבן מיר אַפילו יידיש־קאַטעדרעס אין אַ ריי הויכשולן אי־נעם זעלביקן אַמעריקע.

אַפילו אין אונדזער ישראל, — ווו אונדזער מאַמע־לשון האָט ביז נישט לאַנג צוריק גאָר שטאַרק זיך געפילט ווי אין גלות — איז איצט די מערכה פון יידיש אַ פיל, פיל בעסערע. דער נייער אימיגראַציע־שטראָם פון פוילן און רומעניע האָט עס צום שטאַרקסטן גורם געווען. נישטאָ, דאַכט זיך, איצט נאָך אַזאַ לאַנד, ווו יידיש ווערט אַזוי פיל גערעדט ווי אין מדינת ישראל. עס דערשיינען איצט אין ישראל וואָגיקע יידישע ביכער, זשור־נאַלן, צייטשריפטן, אַ טעגלעכע צייטונג מיטן גרעסטן טיראַזש. אין ישראל שפּילן סטאַביל יידישע טעאַטערן. עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן די יידיש־קאַטעדרע אויף דער ירושלימער אוניווערסיטעט. אין משך פון די לעצטע עטלעכע יאָר זיינען דאָרט פאָרגעקומען גרויסע שינויים לטובת יידיש. נאָך ניו־יאָרק איז אין ישראל איצט פאַראַן דער גרעסטער יידי־שער ליטעראַרישער צענטער מיט אַ היפּשער צאָל באַדייטנדיקע יידישע שרייבערס — פּראָזאַיקערס און פּאָעטן. פאַראַן אַפילו דאָרטן אַ שיינע גרופּע אויפגעקומענע יונגע יידישע דערציילערס און דיכטערס. כ׳מיין די גרופּע „יונג־ישראל״.

היינט ווער רעדט נאָך, אויב עס וועט מקוים ווערן די האָפענונג, אַז סוף־כל־סוף וועט אַהין אַ שטראָם טאָן אַ יידישע עמיגראַציע פון סאָוויעט־רוסלאַנד... (ווי נחום גאָלדמאַן, אַ שטייגער, האַלט עס אָפּט אין איבער־חזרן...). דאַן וואָלט דאָך ווידער אַריינגעשטראָמט אין ישראל אַ פרישע יידיש־כוואַליע. דאַן וואָלטן זיכער דאָרט נאָך מער אויסגעברייטערט גע־וואָרן די פּערספּעקטיוון פון יידיש. און סוף־כל־סוף וועט אפשר מיט דער צייט ביי די סאַמע עקסטרעמע קעגנערס פון יידיש רייף ווערן דער באַ־וווסטזיין, אַז טויזנט יאָר יידיש לעבן און יידישע שעפערישקייט אין דער מאַמע־שפּראַך קאָן נישט אויסגעמעקט ווערן פון דער יידישער געשיכטע.

און אין סאָוויעט־רוסלאַנד גופא?

ווער ווייסט, אפשר וועלן אויך דאָרט סוף־כל־סוף אַ בלאָז טאָן „פרייע ווינטן״?... אפשר וועלן וויכער ווערן די האַרטע הערצער פון די דאָרטיקע פּרעהסן?... צו יעדער בייז, צו יעדער שקלאַפעריי מוז דאָך קומען אַ מאָל אַ סוף. און דאַן — דאַן קאָנען מיר ווידער דערוואַרטן אַ נייעם פרילינג פאַר ייִדיש, פאַר ייִדישער קולטור, פאַר ייִדישער שעפערישקייט. אין דער געשיכטע איז אַלץ מעגלעך.

אמת, מיר דאַרפן נישט צו פיל איבערטרייבן מיט אָפּטימיזם; אָבער דאָס זעלביקע לאָזט זיך אויך זאָגן וועגן איבערגעטריבענעם פּעסימיזם.

געווען אַ מאָל אין וואַרשע אַן אַלטער רעדאַקטאָר, דער שעף־רעדאַקטאָר פון „מאָמענט״, צבי פרילוצקי ז״ל. פלעגט ער אַלע זיינע פּראָגנאָזן, אַלע זיינע פּאָליטישע לייט־אַרטיקלען פאַרענדיקן מיט איין טראַפאַרעט:

— ... „מיט וואָס דער קאָנפליקט — (אַ שטייגער, אויף די באַלקאַנען, צי ערגעץ אַנדערש) — וועט זיך ענדיקן, וועט ווייזן די נאָענטע צוקונפט״...

בוענאָס־איירעס, סעפּטעמבער 1958

# די זיבעטע מלוכה

(צו דער דאַטע: 65 יאָר ייִדישע פּרעסע אין אַרגענטינע)

אײנער פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן בײ ייִדן — ווי בײ די אומות העולם — איז דאָס צײטונג־וועזן, אָדער די „זיבעטע מלוכה״, ווי מען רופט די פּרעסע. די צײטונגען — דאָס זײנען אונדזער דעת־הקהל. די צײטונגען — פון כלערליי שאַטירונגען און פאַרבן — קנעלן טאָגטעגלעך מיטן לײענער די פּראָבלעמאַטיק פון דער לעצטער שעה און פאָרמירן אַזוי אַרום די געזעלשאַפטלעכע מײנונג.

אַמאָל, אין די אַלטע צײטן, ווען קײן צײטונגען זײנען נאָך נישט געווען, האָבן דעם דעת־הקהל געשאַפן די רעליגיעזע פּרעדיקערס פון טרי־בונעס און טעמפּלען. דאָס האָבן אויך געטאָן פּאָליטיקערס און מאַכטהאָ־בערס אין די קהלשע געמאַרקן. אַ מאָל האָבן עס געטאָן פירערס און אַ מאָל פאַרפירערס...

אין אונדזערע מאָדערנע צײטן מעסטן מיר דעם ניוואָ פון אַ געזעל־שאַפט לויט איר פּרעסע. אַ הויך־אַנטוויקלט פּרעסע־וועזן איז אַ סימן־מובהק פון אַ פאָרגעשריטענער געזעלשאַפט. און דאָס איז, פאַרשטײט זיך, נוגע די פרײַע מדינות, וווּ די עפנטלעכע מײנונג ליגט נישט געפּענטעט; וווּ זי איז נישט אונטערן דרוק פון אַ צענזור; וווּ אויפן מויל פון די וואָרט־זאָגערס הענגט נישט קײן שלאָס. ווײל נאָר אין די פרײַע מדינות קאָן די פּרעסע ווערן דער אויטענטישער אויסדריקער פונעם פאָלקס ווילן, פון זײנע שטרעבונגען און חלומות...

אַנדערש איז עס אין די טאָטאַליטאַרע לענדער, וווּ דאָס פּרעסע־וועזן איז גלײכגעשאַלט; וווּ אַ צײטונג קאָן נאָר זײן פון דער אײן־אײנציקער הערשנדיקער פּאַרטײ. דאָרט ווערן די צײטונגען פאַרוואַנדלט אין אוני־פאָרמירטע אויטאָמאַטן, אין אויסדריקער נאָר פון אײן און דער זעלביקער

שיטה — פון דער קאַזיאָנער שיטה פון די מאַכטהאָבערס, וועלכע זיצן ביים מלוכה־רודער. אָן פרייהייט פון וואָרט, אָן רעכט צו שרייבן אַנדערש ווי עס פאָדערט די „גענעראַל־ליניע" — ווערן די צייטונגען דעגענערירט און פאַרוואַנדלט אין פשוטע רעגירונג־קאָמוניקאַטן. אַפילו די לייט־אַרטיקלען אין די צייטונגען ווערן פאַבריצירט „פון אויבן", דורך געטרייע קנעכט, און די צייטונגען האָבן נישט קיין רעכט נישט צו מינערן און נישט צו־צוגעבן אַפילו קיין פינטעלע, אַפילו קיין קאָמאַ. אָך־און־ווי, ווען עמעצן אַ רעדאַקטאָר זאָל איינפאַלן מוסיף צו זיין עפּעס אַ פראַזע, אָדער, פאַרקערט, מקצר צו זיין אַן אויסגעדראָשענעם סטערעאָטיפּישן עפּיטעט. דאַן איז ס'חיות נישט זיכער; דאַן זייען גרייט לאַגערן... ווו די „ווייסע בערן"....

די „ווייסע בערן" וועלן ביים לייענער שוין באַזייטיקן יעדן ספק, אַז דער גאַנצער אויבן געבראַכטער פּאַראַגראַף באַציט זיך צו סאָוויעט־רוסלאַנד — דאָס קלאַסישע טאָטאַליטאַרע לאַנד אין אונדזערע טעג...

***

די יידישע פּרעסע — סיי אין אייראָפּע, סיי אין די אַמעריקאַנער לענדער — האָט דורכגעמאַכט אַ גרויסן קפיצת הדרך אין צייט. זי האָט גיך אַ וואַקס געטאָן סיי אין איכות, סיי אין כמות. די יידישע פּרעסע איז דער שטאַרקסטער זייל פון דער יידישער קולטור; אַ זייל, אויף וועלכן עס שטיצן זיך אַלע אַנדערע צווייגן פון דער יידישער קולטור: ליטעראַטור, טעאַטער, קונסט, מוזיק, שולוועזן אאַ"וו. אין היסטאָרישער פּערספּעקטיוו איז די ראָל פון דער יידישער פּרעסע אין לשער גרויס. די פּרעסע — דאָס איז אונדזער טרייער וועכטער און אונדזער וועקער אויף דער יידישער גאַס.

אָן דער יידישער פּרעסע וואָלט נישט געווען קיין יידיש געזעלשאַפט־לעך און קיין יידיש קולטור־לעבן; אָן דער פּרעסע וואָלט אונדזער יידיש לעבן אויסגעזען ווי אַן איינגעדרימלטער געמויזשעכטס. אַ יידישע צייטונג איז ווי אַ פּראָזשעקטאָר, וואָס דערגרייכט מיט איר ליכט דאָרט, ווו עס איז פאַרשאָטנט און פינצטער... די יידישע צייטונגען וועקן טאָגטעגלעך דעם באַוווסטזיין פון דער מאַסע, דערהויבן דעם גרויען מענטש פון זיין גייס־טיקער געפאַלנקייט, ברענגען אים צו חשבון־הנפש און באַווירקן דעם יחיד צו מעשים פאַרן כלל, פאַר פאָלק און פאַר זיין עתיד.

ווי אָרעם, ווי נעבעכדיק האָט אויסגעזען דאָס יידישע לעבן אין יענע

דורות ווען די פּרעסע — דער דעת־הקהל — איז נאָך געווען אין די ווי־קעלעך, אָדער איז נאָך לחלוטין נישט געבוירן געוואָרן. עס האָט אויסגע־זען אַזוי ווי אין מענדעלעס אַמאָליקע שטעטלעך — אין בעזליודעווקע און טוניעיאַדעווקע, — ווען אויף דער ייִדישער גאַס האָבן געוועלטיקט די כלומרשטע „קהלס פּאַרזאָרגערס״, די אַלע מיני תקיפים, וואָס האָבן גע־ריטן אויף דער הכנעהדיקער דערשלאָגענער שקאַפּע...

די ייִדישע פּרעסע האָט אַריינגעשריבן אַ שיין קאַפּיטל אין אונדזער געשיכטע. פון די פּרימיטיווע אָנהייבן איז זי שנעל, זייער שנעל — דער עיקר זינט דעם אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט — אויסגעוואַקסן צו אַן אומגעהייערן כוח, צו אַ ריזיקן פאַקטאָר, וואָס באַווירקט און פורעמט אונ־דזער ייִדיש לעבן.

נאָר אַ דאַנק דעם כוח פון אונדזער פּרעסע זיינען אויף דער ייִדישער גאַס זיך צעוואַקסן די מאָדערנע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען; זיינען די ייִדישע מאַסן אַריינגעצויגן געוואָרן אין די אַקטיווע רייען פון די פאַרשיי־דענע פּאַרטייען, פון די אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען — סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע.

זינט אַלעקסאַנדער צעדערבוימס „קול מבשר״ אין אָדעס — וואָס אין פאַריקן יאָר האָבן מיר אָפּגעצייכנט די 100־יאָריקע יובל־דאַטע פון זיין דערשיינען — זיינען אַ סך וואַסערן פאַרשוווּמען. דאָס ייִדישן לעבן האָט געקריגן גאָר אַן אַנדער פּנים. פון אַן אָפּגעשטאַנענער מאַסע זיינען מיר געוואָרן אַ מאָדערנע געזעלשאַפט, מיט וועלכער מלוכות מוזן זיך רעכע־נען, ווייל אויך מיר ברענגען אונדזער קולטור־צושטייער פאַר די פעלקער, צווישן וועלכע מיר לעבן און ווירקן. די גרעסטע אָנערקענונג קומט דער ייִדישער פּרעסע אין אַלע לענדער, ווו זי האָט זיך צעוואַקסן און ווו זי שפּילט די ערשטע פידל אין אונדזער אָרקעסטער. אַזוי אין אייראָפּע, אַזוי אין די אַלע אַמעריקאַנער לענדער און לענדלעך — אַרגענטינע בתוכם. ווו נאָר אַ ייִדישער ישוב — דאָרט האָבן מיר היינט אַ פּרעסע־וועזן. עס איז שוין היינט נישט דענקבאַר אַ ייִדישער ישוב אָן אַ צייטונג. דאָרט, ווו עס פעלן־אויס ייִדישע לינאָטיפּיסטן, מאַכט מען גויים פאַר ייִדישע מאַשין־זעצערס און אַ צייטונג גייט־אַרויס. (אַזאַ פאַל איז געווען אין שכנותדיקן טשילע). ווייל אַ ישוב אָן אַ צייטונג, איז אַזוי ווי אַ שטום באַשעפעניש, וועמען מען הערט נישט און מען זעט נישט אין דער גאָרער ייִדישער וועלט. און צו אַזאַ מדרגה ווילן ייִדן אין אונדזערע טעג נישט פאַלן.

מיר מוזן אָבער אויך דערמאָנען מיט צער און מיט ווייטאָג צוויי מדינות, ווו די יידישע פרעסע איז לחלוטין פאַרשניטן געוואָרן: פוילן און סאָוויעט־רוסלאַנד.

לויט אַ רשימה פון ווילנער „ייוואָ" — פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה — זיינען בלויז אין פוילן (אַ יידישער ישוב פון לערך 3 מיט אַ האַלבן מיליאָן) אין די יאָרן 1935—1937 אַרויס 230 פעריאָדישע פובלי־קאַציעס אויף יידיש, פון זיי: 27 טאָג־צייטונגען, 100 וואָכנבלעטער, 24 צוויי־וועכנטלעכע אויסגאַבעס און 58 חודש־זשורנאַלן.

אין סאָוויעט־רוסלאַנד זיינען אין די יאָרן 1918—1927 אַרויס אין יידיש 311 פעריאָדישע שריפטן. פון זיי: 49 טאָגבלעטער און 51 וואָכנבלע־טער. ביסלעכווייז האָט די יידישע פרעסע אין סאָוויעט־רוסלאַנד אָנגעהויבן צו פאַלן, אַזוי אַז אין 1937 זיינען בסך־הכל געווען 16 פעריאָדישע שריפטן (פון זיי 4 טאָגבלעטער). ערב דער דייטש־רוסישער מלחמה איז די דאָזיקע ציפער געפאַלן אויף מער ווי אַ העלפט. פון די וויכטיקסטע טאָגבלעטער זיינען געווען: „דער עמעס" (מאָסקווע), „אָקטאָבער" (מינסק), „שטערן" (כאַרקאָוו), „ביראָבידזשאַנער שטערן". פון די וויכטיקסטע זשורנאַלן אין סאָוויעט־רוסלאַנד איז כדאי צו דערמאָנען: „די יידישע שפּראַך" פון נ. שטיף (קיעוו, 1927—1934), שפּעטער פאַרביטן „אויפן שפּראַכנפראָנט"; „די רויטע וועלט", חודש־זשורנאַל (1925—1930); „שטערן", חודש־זשור־נאַל פאַר ליטעראַטור און וויסנשאַפט (מינסק, 1925—1931); „ראַטבילדונג" (כאַרקאָוו, זינט 1927) — אַלע צוויי חדשים און „פאָרפּאָסטן" — אַרויס אַלע צוויי חדשים אין ביראָבידזשאַן (1936—1938); „וויסנשאַפט און רע־וואָלוציע" (קיעוו, 1934—1936). קינדער־זשורנאַלן: „זיי גרייט" און „יונגע גוואַרדיע" (כאַרקאָוו, 1928).

אין סעפּטעמבער 1939 — באַלד אין אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — איז די גאַנצע יידישע פרעסע אין פוילן אונטערגעגאַנגען. די יידישע פרעסע אין היטלעריסטישן פוילן איז אָפּגעמעקט געוואָרן צוזאַ־מען מיטן פאָלק ישראל...

אַזאַ ענלעכן שניט האָט די יידישע פרעסע געהאַט אויך אין כלומרשט־סאָציאַליסטישן רוסלאַנד. די לערך דריי מיליאָן יידן אין סאָוויעט־רוס־לאַנד פאַרמאָגן נישט זינט 1948 קיין איינציקע יידישע טאָגצייטונג. אויף דער גאַנצער יידישער קולטור הענגט דאָרט אַ שלאָס. חרם! אַ גייסטיקער גענאָסיד!

מיט דעם זשורנאַל „סאָוויעטיש היימלאַנד" — וואָס איז ייִדיש נאָר מיט זיינע אותיות מרובעות, אָבער נישט מיט זיין אינהאַלט — מיט דער דאָזיקער אויסגאַבע וויל מען נאָר שיטן זאַמד אין די אויגן פון דער פרייער וועלט.

פון אַלע אונדזערע טריבונעס אין דער גאָרער וועלט מוזן מיר כסדר אויסשרייען אונדזער פלאַמיקסטן פּראָטעסט קעגן אַזאַ באַרבאַריזם!

***

די אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער פּרעסע אין אַרגענטינע — אין אירע 65 יאָר — איז געגאַנגען מיט ריזן־שריט. אַרגענטינע האָט זיך געהאַט אויף וועמען צו פאַרקוקן. דער ביישפּיל פון דער צעוואַקסענער ייִדישער פּרעסע אין פּוילן, אין די אַמעריקאַנער לענדער און אין אַמאָליקן רוסלאַנד האָט סטימולירט. פון מיכל הכהן סיניס געכתיבהטן „ווידערקול" ביז אונדזערע היינטיקע צוויי גרויסע טאָג־צייטונגען: „די אידישע צייטונג" און „די פּרעסע" — ס'אַראַ ריזיקער מהלך! מיר האָבן עס געקאָנט זען די טעג אויף דער בליק־אויסשטעלונג פון ייִדישן געדרוקטן וואָרט אין „ייִוואָ": וויפל צייטונגען און צייטונגלעך! וויפל זשורנאַלן און פּעריאָדיקס מכל המינים, פון אַלערליי שאַטירונגען און זשאַנערן. די עקספּאָנאַטן אויף דער אויסשטעלונג זיינען נאָר געווען אַ טייל פון די הונדערטער איינסן, וואָס דער „ייִוואָ" פאַרמאָגט אין זיין אַרכיוו. אויף דער אויסשטעלונג בזעיר־אַנפּין האָבן נישט אַלע געקאָנט אַרויסגענומען און געוויזן ווערן: די קורצע צייט האָט עס נישט דערלויבט.

ווי גרויס אין פאַרנעם איז דאָ אויסגעוואַקסן דאָס ייִדישע געדרוקטע וואָרט און ווי וויט איז פּאַראַלעל דערמיט מיטגעגאַנגען און מיטגעריסן געוואָרן די ייִדישע געזעלשאַפט. אַנאַלאָגיש דערצו איז די „חברה קדישא" דערגאַנגען צו אַ מדרגה פון אַ מאָדערנער קהילה — אַ ייִדישע מוסטער־אינסטיטוציע אין דער ייִדישער וועלט, אין אונדזערע טעג.

און זאָל עס פאַרצייכנט ווערן, אַז אויך דערין האָט אַ גרויסן, גאָר אַ גרויסן חלק דאָס ייִדישע געדרוקטע וואָרט אין בוענאָס־איירעס.

***

עס בלייבט נאָר צו ווינטשן דער היגער ייִדישער פּרעסע — סיי דיביידע טאָג־צייטונגען, סיי די זשורנאַלן, — אַז זיי זאָלן זיך אָפּגעווינען

פון דעם דאָ הי איינגעפירטן מנהג פון גוזמא, פון סופּערלאַטיוון, פון די איבערגעטריבענע שבחים אויפן אַדרעס פון היגן „פּאָלקסטימלעכן ישוב״; צו לויבן אין הימל אַריין זאַכן, וואָס פאַרדינען עס נישט; צו צעבלאָזן קליינע טאָטן פון פלוני און אלמוני; צו מאַכן פשוטע ייִדן פאַר „טרי־בונען״ ר״ל; אַריינצוגעבן אין באַריכטן וועגן רעדעס אַזעלכע אויסגע־פּוצטע, „זאַגראַניטשנע״ רייד, וואָס די רעדנערס גופא פאַרשטייען זיי נישט... צו ציטירן לאַנגע רעדעס פון געוויסע כלל־טוערס — דאַן ווען זייערע רעדעס האָט עמעצער אַנדערש געשריבן...

דערציילט מען דאָך וועגן איינעם אַ פּרעזידענט פון אַ היגער אינס־טיטוציע (עס קלינגט ווי אַ וויץ), אַז איין מאָל אויף אַ באַערונג פאַר אים, נאָכן ענדיקן לייענען זיין געשריבענע רעדע, לייגט ער אַריין די בלעט־לעך אין בוזעם־טאַש און זאָגט:

— און איצט, רבותי, וועל איך אייך זאָגן מיינע אייגענע פאַר ווערטער...

די אַלע אָנגעבלאָזענע שבחים אויף אַלץ און אַלעמען גיבן צו דער ציייטונג אָדער זשורנאַל אַ פּראָווינציעל פּנים. עס שמעקט מיט קליינ־שטעטלדיקייט.

אַ געזונטע מאָדערנע פּרעסע ווערט געשעצט צוליב איר געצוימט־קייט, מוטיקער קריטיק, דורך טאַדלען די נעגאַטיווע דערשיינונגען אינעם אָרטיקן אינסטיטוציאָנעלן לעבן, דורך באַקעמפן איבלען דאָ און דאָרטן ווו זיי זאָלן נישט זיין אין דער געזעלשאַפט.

און איבלען פעלן נישט ב״ה אויך אינעם פיל־געלויבטן ייִדישן ישוב דאַרגענטינע.

בוענאָס־איירעס, נאָוועמבער 1963

# דער שרייבער און די געזעלשאַפט *

אין אונדזער ליטעראַרישן לעבן קומט אונדז אויס זייער אָפט צו פייערן כלערליי יום־טובים: געבוירן־דאַטעס, יובל־דאַטעס, דאָס דערשיינען פון בי־כער. מיר האָבן אויך טרויער־פייערונגען: שלושימס און יאָרצייטן. ביי די אַלע פייערונגען רעכנט מען זיך דאָס רוב מיט קיילעכדיקע ציפערן: 40סטער געבוירן־טאָג, 50סטער אאַ״וו. דאָס זעלביקע אויך ביי יאָרצייטן. ווען עס האַנדלט זיך וועגן גרויסע שרייבערס, איז דער כלל פון קיילעכדיקע צי־פערן לגמרי נישט קיין כלל; דאַן איז יעדעס יאָר אַ פייערונג אָדער אַ יאָר־צייט. מען נוצט תמיד אויס די געלעגנהייט צו ריידן און שרייבן וועגן די קאָריפייען. אַזוי, למשל, אין דער יידישער ליטעראַטור ווערן אַלע יאָר דאָ און דאָרט אויסגענוצט די יאָרצייט־דאַטעס פון מענדעלע, פּרץ, שלום עליכם.

נישט אַלע שרייבערס ביים לעבן האָבן אײן און די זעלביקע באַציִונג צו זייערע אייגענע ליטעראַרישע דאַטעס. פאַראַן אַפילו אַזעלכע, וואָס לאָזן נישט אַדורך קיין איין געלעגנהייט צו ווערן געפייערט און געערט. אויב די וועלט פאַרגעסט, דערמאָנען זיי עס אַליין, אַז עס קומט זיי עפּעס. זיי מאַכן עס גאַנץ דיסקרעט: אין אַ שמועס מיט אַ פריינד אָדער פען־קאָלעגע אין קאַפע זאָגט מען אַרויס כלומרשט מיט ביטול:

— איר האָט געהערט? מ׳גייט מיר מאַכן אַ יובילײ... ווייס איך וואָס... צו וואָס דאַרף איך עס? עס פעלט מיר ווי אַ לאָך אין קאָפּ...

דער פריינד אָדער פען־קאָלעגע, אויב ער איז נישט קיין שוטה, שטויסט זיך גלייך אָן און ער ענטפערט:

— און אַז יאָ, איז וואָס זשע אַרט עס אייך? אַדרבה, עס קומט דאָך אייך. איר האָט עס כשר פאַרדינט...

---

* געלייענט אויף אַ פייערונג אין פּאַריז, אין סאַלאָן פון דער פעדעראַציע פון יידישע געזעלשאַפטן, איינגעאָרדנט דורכן יידישן פען־קלוב און קלוב „טלאָמאַצקע 13״ לכבוד דעם דערשיינען פון מיין בוך „צווישן שאָטנס״.

נאָך אַזאַ מין רעפּליק איז שוין די יובל־פייערונג איינגעפּעדעמט.

וואָס שייך מיין וויניקייט (מען פייערט דאָך היינט אויך מיינעם אַ שטיקל יום־טוב — צום דערשיינען פון מיין 15טן בוך — איז מעג איך דאָך זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן זיך גופא) — וואָס שייך מיין וויניקייט, האָב איך קיין מאָל נישט געהאַט קיין שום באַציִונג צו מיינע געבוירן־טעג און יובל־דאַטעס. איך האָב מיר מיין אייגענע „פילאָסאָפיע" מכוח דעם: וואָס איז דער יום־טוב, וואָס איז די שמחה, אַז מען ווערט עלטער? אַז מען דערנענטערט זיך אַלץ מער צום סוף?... ווען עס וואָלט געווען פאַרקערט; ווען מען וואָלט געוואָרן יינגער, איז עס טאַקע אַ פריייד, איז עס אַ גדולה. דאַן דאַרף זיך גלוסטן צו פייערן און אַפילו צו טאַנצן פאַר גדולה אין די גאַסן.

און מחמת אָט דעם צוגאַנג מיינעם צו דער זאַך, האָב איך אין מיין לעבן געפייערט נאָר איין מין יום־טוב: דאָס דערשיינען פון מיינע ביכער. ווייל אַז עס דערשיינט מיינס אַ בוך, איז ביי מיר באמת אַ שמחה. דאָס איז אַ שעפערישער יום־טוב! ווילט זיך דעמאָלט טיילן מיט חברים און פריינד; ווילט זיך באַגעגענען אַפילו מיט אַן אוידיטאָריע. עס ווילט זיך הערן אַן אָפּשאַצונג — מעגן אַפילו נישט אַלע רייד זיין לשבח. אַ שרייבער דאַרף זיין געוווינט און זיך קענען צוהערן און פאַרנעמען אויך ווערטער פון קריטיק. פאַראַן היפּערסענסיטיווע שרייבערס, וואָס נעמען זיך שטאַרק צום האַרצן פון אַ נישט־גינסטיקער אָפּשאַצונג. אין וואַרשע, למשל, האָט איינער אַ שרייבער — שמעון האָראָנטשיק — מחמת אַ שלעכטער רעצענזיע פון לעאָ פינקעלשטיין אין די „ליטעראַרישע בלעטער" איבער זיינס אַ בוך טאַקע אין לאָקאַל פון יענער רעדאַקציע אויסגעטרונקען אַ פלעשעלע יאָד... אמת, ס'איז נישט געווען צו פיל יאָד אינעם פלעשעלע און מ'האָט האָראָנטשיקן אָפּגעראַטעוועט... (דיגרעסיע: אין די ערשטע מהומה־טעג פון דער היטלעריסטישער אינוואַזיע האָט שמעון האָראָנטשיק, אַנטלויפנדיק אין פּאַניק פון וואַרשע, אינעם שטעטל קאַלושין, זיך איבערגעשניטן מיט אַ זשילעטקע די אָדערן פון דער האַנט און ער האָט דאָס מאָל יאָ דערגרייכט זיין פינצטערן ציל...).

יאָ, וואָס שייך קריטיק: אַ קריטיקער איז דאָך אויך סוף־כל־סוף נישט מען ווי אַ בן־אָדם, און נישט אַלע מענטשן זיינען דאָך פון איין טייג געקנאָטן. יעדער האָט זיינע שטימונגען, גייסטיקע נייגונגען, זיין מענטאַליטעט — במילא זיינען די אָפּשאַצונגען פון די פאַרשיידענע ליטעראַטור־

קריטיקערס נישט קיין גלייכע, נישט קיין איינהייטלעכע. יעדער מעסט מיט זיין אייגענער מאָס, מיט זיינע מעטאָדן. ווען, למשל, צוויי מענטשן קוקן אויף איין און דעם זעלביקן קונסט־בילד, זעט יעדער פון זיי אַנדערש: איי־נער זעט נאָר די גאַמע פון קאָלירן, דער אַנדערער פילט־אַרויס די טיפ־קייט פונעם בילד, די וויזיע פונעם קינסטלער. דעריבער איז אויך אַן אַקסיאָמע, אַז נישט תמיד זיינען פאַרן שרייבער מאַסגעביק פרעמדע מיינונגען און פרעמדע עצות. ס׳איז סוף־כל־סוף אַן ענין פון זיין אייגענער שרייבערישער אינטויציע.

אַט, למשל, טאַקע וועגן מיין בוך „צווישן שאָטנס״ זיינען שוין ביז איצט געדרוקט געוואָרן כמעט אַ פּאָר צענדליק רעצענזיעס און אָפּשאַצונגען אין פאַרשיידענע יידישע אויסגאַבעס אין דער וועלט. ווען איך זאָל וועלן מאַכן אַן אַנאַליז פון די אַלע געדרוקטע רעצענזיעס און וועלן דערפון עפּעס אָפּלערנען, — וואָלט איך זיך אָנגעשטויסן אָן די גרעסטע שוועריקייטן, ווייל וועגן איין און דער זעלביקער נאָוועלע זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן לחלוטין סתירותדיקע מיינונגען. פאַר איין רעצענזענט, למשל, איז אַזאַ נאָ־וועלע ווי „די דאַמע פון קופּע״ צו־לייכט, שיער נישט אַ פלירט־דערציי־לונג ר״ל — און פאַר אַנדערע רעצענזענטן — גראָד שרייבערס מיט סטאַזש! — איז די דאָזיקע נאָוועלע די סאַמע אַטראַקטיווסטע פון בוך. זעט־אויס, אַז דער פּוסק־אַחרון מוז טאַקע זיין דער שרייבער גופא — ביי זיינע מעלות און ביי זיינע חסרונות. די אינטויציע פון מחבר איז על־פּי־רוב דאָמינירנדיק. ווייל פּאַקטיש דאַרף מען זוכן דעם שליסל פון בוך אין איין קלייניקייט — אין די דאַטעס אונטער יעדער נאָוועלע. מ׳דאַרף אונטער־שיידן די זאַכן, וואָס זיינען געשריבן פאַר אונדזער טראַגישן חורבן און די יעניקע, וואָס נאָכן חורבן. אַנדערש זיינען געווען די שטימונגען ביים שריי־בער פריער און אַנדערש איצט. פריער האָט זיך אַ שרייבער געקאָנט פאַר־גינען אָנצושרייבן אַ מאָל אַ נאָוועלע אויף פון לייכטן געמיט, וואָס איצט איז עס שוין פאַר אַ סך פון אונדז אפשר אוממעגלעך, פשוט מחמת דעם גרויסן טרויער וואָס פרעסט ווי זשאַווער די נשמה.

אָבער לאָמיר זיך אומקערן צו דער טעמע: שעפערישע יום־טובים. אַזעלכע יום־טובים פאַרגין איך און איך ווינטש פון גאַנצן האַרצן אַלע קאָלעגן־שרייבערס, וואָס זיינען שעפעריש; וואָס דינען תמיד און ברענגען זייער צושטייער דער יידישער ליטעראַטור.

איך ווינטש אַזעלכע יום־טובים וואָס אָפטער סיי דעם שרייבער וואָס

באַזיצט די עלעמענטאַרע דאָזע באַשיידנקייט; וואָס ווייס און קען זיין אָרט אין דער ליטעראַטור, און — איך גיי נאָך ווייטער אין מיין „אַלטרוּיִזם" — סיי דעם שרייבער־עגאָצענטריקער, וועלכער זעט נאָר זיך אַליין; וועל־כער ליידט אויף דעם קאָמפּלעקס, וואָס הייסט „מאַניאַ גראַנדיאָזאַ" און ער מיינט, אַז ער איז עס דער אויסדערוויילטער אין דער מדינה, דער גענע־ראַל אין דער ליטעראַטור און אַחוץ אים איז קיינער גאָר נישט, לחלוטין זעראָ, ר"ל! איך ווינטש אַפילו אַזאַ „גענעראַל", ער זאָל באמת אָנשרייבן אַ געניאַל ווערק, כדי צו באַרעכטיקן זיין איינריידעניש. אַדרבה, ומי יתן כל עם ה' נביאים! הלוואי וואָלט די יידישע ליטעראַטור געהאַט וואָס מער גאונים — איך מיין נישט פּסיידאָ־גאונים, גאונים אין גענדזנפּיסלעך, נאָר טאַקע אמתע, אויטענטישע!

וואָס שייך מיר, מיינע ליבע פריינד, לייד איך נישט, גאָט צו דאַנקען, אויף דער דאָזיקער מחלה און איך פיל מיך גאַנץ גוט אין דער ראָלע פון אַ פּשוטן סאָלדאַט אין דער ליטעראַטור („ריאַדאָוואָי", בלע"ז). איך ווייס אָבער זייער ווויל (און דאָס אויך פון אייגענער אַמאָליקער מיליטערישער דערפאַרונג), אַז סאָלדאַטן זיינען אין שלאַכטפעלד בייטיק נישט ווייניקער ווי גענעראַלן. די אמתע גענעראַלן ווייסן עס זייער ווויל און זיי אונטער־שאַצן קיין מאָל נישט דעם קריגער אין גרויען שינעל.

און האָבנדיק דעם דאָזיקן באַוווּסטזיין, איז אַ שרייבער, יעטוועדער שרייבער — אַפילו אָן גאַלאָנען, אָבער מיט ליבע צו זיין באַרוף — אַ גאַנץ לעבן גרייט אויף אַלע קרבנות פאַר דעם אידעאַל, וואָס הייסט שיינע ליטעראַטור.

כ'בעט מיינע לעצטע פּאַסוסן נישט אָנצונעמען ווי אַ מין נאַיִווע „דע־קלאַראַציע" פון עניוות. עניוות איז נישט תמיד אַ מעלה, בפרט אין אונ־דזער שטיין־האַרטער, קאַניבאַלישער ווירקלעכקייט, ווען מענטשן ווערן געטראָטן פון מענטשן.

נעמט עס אָן, כ'בעט אייך, פאַר פּשוטער אָפנהאַרציקייט, ווי צווישן זיך גערעדט.

* * *

דאָס אָקאָרשט־געזאָגטע איז נוגע שרייבערס, די באַציִונגען בין שריי־בער לשרייבער.

און ווי זעט עס אויס די מערכה פון יידישן שרייבער און יידישן בוך אין דער יידישער געזעלשאַפט?



אויפן באַערונג־אָוונט לכבוד דעם דערשיינען פון „צווישן שאָטנס"

פון רעכטס: דער היסטאָריקער ד"ר יוסף מילנער ע"ה, סקולפּטאָר פּערעלמאַן ע"ה, ישראל אַשענדאָרף ע"ה, ד. ב. מאַלקין ע"ה, אַברהם זאַק, משה קנאַפּהייס, דער העברעישער און יידישער שרייבער י. פינק ע"ה.

דאָס איז שוין, זעט איר, אַ ווייטיקלעכע פראַגע, אַ פּיינלעכע פראַגע!

ווי אָפּט טראַכט זיך — נישט אָן אַ גע‎פיל פון קנאה: —

ווי גוט איז פאַר אַ שרייבער געבוירן צו ווערן ביי אַ נאָרמאַל, גרויס פאָלק! ווי דערהויבן איז ביי אים דאָס זעלבסטגעפיל ווען ער ווייסט, אַז דאָס וואָרט זיינס דערגייט צו אַ ברייטער, ברייטער מאַסע; אַז זיין שטים ווערט געהערט פון מיליאָנען! אַז אויף זיין ווערק וואַרט מען, אַז זיין בוך — אַגב: אין די צענדליקער טויזנטער עקזעמפּלאַרן! — ווערט אויפגענומען מיט ליבע פון אַ ריזיקער פּעריפעריע; אַז — איך גיי נאָך ווייטער — אַז אַ מלוכה, מיט ליטעראַטור־אַקאַדעמיעס האַלטן וואָך איבערן שרייבער, פלעגן אים, זאָרגן פאַר אים און שאַפן אַרום אים אַן אַטמאָספער, אַן אָרעאָל.

און אַ נאָרמאַל פאָלק מיינט אויך, קודם־כל, אַ פאָלק וואָס זיין יוגנט איז אָרגאַניש און גייסטיק באַהעפט מיטן פאָלק, מיט דער שפּראַך פון פאָלק, מיט זיין שריפט, מיט זיין קולטור.

אָבער צי האָבן מיר אַזאַ יוגנט?

יאָ, איך בין מקנא אַ שרייבער פון אַ נאָרמאַל, גרויס פאָלק.

איך שטרייך אונטער: נאָרמאַל, גרויס פאָלק, ווייל אויב אַ שרייבער געהערט צו אַ נישט־נאָרמאַל גרויס פאָלק, וואָס ווערט פאַרקריפּלט דורך שלעכטע רעזשימען — אַזאַ שרייבער איז, אָסור, נישטאָ וואָס מקנא צו זיין.

ווייסן מיר דאָך ווויל צו וואָס פאַר אַ ירידה עס איז דערגאַנגען די רייכע רוסישע ליטעראַטור אין סאָוויעט־רוסלאַנד. די דיקטאַטור האָט אַרויפגעלייגט אויף דער ליטעראַטור איר לאַפּע און דעגראַדירט איר גוטן שם אין דער וועלט.

און נאָך ערגערס — ממש מאַקאַבריש! — איז געשען אין יענעם אומ־גליקלעכן לאַנד מיט דער יידישער ליטעראַטור און אירע שעפערס.

און אויב די מערכה פונעם שרייבער ביי קליינע פעלקער איז בכלל אַן ערגערע — איז די מערכה פון יידישן שרייבער, ביים יידישן פאָלק, נאָך ערגער כפל־כפליים.

די וואָגיקע סיבות ליגן פון אויבן־אויף:

1) מיר זיינען אַ קליין פאָלק מיט אַ קליינער פּעריפעריע, און במילא מיט ווייניק לייענערס און קליינע ביכער־טיראַזשן;

2) מיר זיינען געבענטשט מיט ביאַ־שפּראַכיקייט, מיט אייגענע צוויי שפּראַכן, וואָס זיינען גורם צו שפּאַלטונגען און דיפערענציאַציעס אין דער באַגרענעצטער לייענער־מאַסע;

3) מיר זיינען צעברעקלט אויף אַ סך חלקים אין דער וועלט. אַפילו נאָך דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל זיינען לערך 85 פּראָצענט פון ייִדישן פאָלק אין פרעמדע מלוכות, לעבן אין דער צעשפּרייטקייט אין פאַרשיידענע לענדער און זיינען אונטערגעוואָרפן השפּעות פון פרעמדע קולטורן, פון פרעמדע שפּראַכן און פון כלערליי אַסימילאַציעס.

צוליב דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל האָט די העברעיִשע ליטעראַטור יאָ אַ סך געוווּנען. אויב פריִער איז די העברעיִשע ליטעראַטור געווען אַן ענין פון אַ קליינעם קרייז, מיט אַ באַגרענעצטער פּעריפעריע, איז זי איצט געוואָרן עקספּאַנסיוו; איז געוואָרן אַ ליטעראַטור פון אַ מלוכה, מיט אַ מלוכה־באַזע, מיט רעגירונג־סובווענצן און ביודזשעטן און מיט אַ סך, אַ סך צייטונגען און ביכער־פאַרלאַגן.

פאַרשטייט זיך, עקספּאַנסיוו אין מדינת ישראל. די פאַרמעסטן פון געוויסע פאַנאַטיקערס צו העברעיִזירן אויך דעם גלות און דערביי העלפן אַרויסשטויסן ייִדיש פון די שולן דינען אין רעזולטאַט נאָר דער אַסימילאַציע.

די ייִדישע ליטעראַטור, דאַקעגן, מיטן פאַרלוסט פון פּוילישן ייִדנטום אין דער טראַגישער היטלער־תקופה, האָט פאַרלוירן די שטאַרקסטע זיילן, אויף וועלכע זי האָט זיך געשטיצט. במילא איז דער וועג פון דעם ייִדיששרייבער נאָך דער חורבן־תקופה נאָך מער פאַרלייגט געוואָרן מיט שטרויכלונגען, מיט דערנער און שטיינער. עס זיינען איצט נייטיק קרבנות, אַז די ייִדישע ליטעראַטור זאָל קענען דערהאַלטן ווי עס איז אירע פּאָזיציעס. קרבנות סיי מצד דעם ייִדישן שרייבער, סיי מצד דער ייִדישער געזעלשאַפט. וואָס שייך דער ייִדישער געזעלשאַפט אין די אַלע תפוצות פון דער וועלט — מען מוז זאָגן דעם אמת — איז זי גלייכגילטיק און קאַלט צו אונדזערע גייסטיקע ענינים. העכסטנס האָט זי אַ זין פאַר אַ ביסל פילאַנטראָפּיע, פאַר אַ ביסל צדקה, כדי צו באַרויִקן דאָס געוויסן.

דער הייַנטיקער דור ייִדישע שרייבערס — באַזונדערס די שארית־הפליטה, די שרידים, וואָס זיינען ניצול געוואָרן פון די קאַלכאויוונס — טראָגט אַ גוואַלדיקע אַחריות, שטייט פאַר אַ קאָלאָסאַלער פאָלקס־אויפגאַבע: פאַרפּיקסירן דאָס פאַרשניטענע ייִדישע לעבן! אַלץ אײנס אין וועלכער פאָרעם, אין וועלכן זשאַנער עס זאָל נישט זיין: זכרונות, רעפּאָרטאַזש, ליד, דערציילונג צי קינסטלערישער ראָמאַן. אַלץ, אַלץ איז פון גרויסן היסטאָרישן ווערט פאַר די ווייטערדיקע דורות. וויכטיק איז יעדע טעמאַטיק: די

חורבן־תקופה, צי די דורות ייִדיש לעבן ביזן חורבן השלישי. וואָרעם מיטן אַוועקגיין פון אונדזער דור שרייבערס וועט אַלץ אַוועקשווימען אין דער ליעטאַ: וועט אַלץ אַוועק אין דער פאַרגעסנקייט. איז דערפאַר דער אוממיטלבאַרער חוב אויך פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט צו שאַפן די נייטיקע באַדינגונגען, אַז די שרייבערס זאָלן קענען וואָס מער פּראָדוצירן, שאַפן; אַרויסראַטעווען וואָס מער מאַטעריאַלן פונעם שרייבער און פאַרוואַנדלען עס אין ביכער. אויפן סמך פון אָט די מאַטעריאַלן; פון אָט די ביכער וועט דער קומענדיקער היסטאָריקער שרייבן די גרויזאַמע קאַפּיטלען ייִדישע געשיכטע, די ייִדישע מאַרטיראָלאָגיע, די ייִדישע קדושה און גבורה.

דאָס קען נישט זיין קיין אויפגאַבע בלויז פון יחידים. דאָס מוזן געדענקען אַלע, וואָס האָבן נאָך פּיעטעט פאַר פאָלק און געשיכטע.

אָבער... צי איז עס נישט אַ קול אין דער מדבר? — — —

אַ ייִדישער שרייבער קען איצט אויסדויערן און ציִען ווייטער דעם ליטעראַרישן המשך נאָר אַ דאַנק זיין אידעאַליזם, נאָר אַ דאַנק זיין אומבאַגרענעצטער ליבע און מסירת־נפש פאַר דער הייליקער זאַך. זייער ווייניקע אין דער געזעלשאַפט קענען עס אָפּשאַצן. לאָ די וואָס דער רוב פון דער געזעלשפט לייגט נישט צו קיין האַנט (און קיין פּרוטה...), כדי צו העלפן דער ליטעראַטור, צו שטיצן אַ ליטעראַרישע אויסגאַבע, וואָס איז ביי ייִדן, צום באַדויערן, אָנגעוויזן אויסשליסלעך אויף סובווענצן — נעמט מען אויף יעדע איניציאַטיוו מיט ביטול, מיט איראָניע, ווי איינער רעדט: ווער דאַרף עס? ווער נוצט עס?... די סתם פיליסטערס האַלטן די שרייבערס פאַר בטלנים, פאַר מענטשן, וואָס זיינען נישט פעיִק צו „מאַכן אַ לעבן"...

אָבער אין דער אמתן פאַרשטייען נישט די דאָזיקע פיליסטערס, אַז ווען אַ שרייבער — דער ערשטער בעסטער שרייבער! — וואָלט דעם גאַנצן ריזיקן סכום כוחות און ענערגיע, וואָס ער גיט־אָפּ דער ליטעראַטור, זיינע טעג און שלאָפלאָזע נעכט, זיינע יאָרן ביים שרייבטיש, אָפּט מאָל אין די שווערסטע באַדינגונגען — ווען ער גיט זיך אַזוי אָפּ אַן אַנדער באַרוף — אַ מלאכה צי מסחר, אָדער אינדוסטריע — וואָלט זיין אָרט צווישן די גוט־סיטויִרטע לייט נישט געווען פון די לעצטע.

הייסט עס: נישט קיין שלימזל, נישט קיין „בטלן" איז אַ שרייבער. אַ שרייבער קאָן און מעג האָבן אַלע מעלות און חסרונות פון אַלע שטערבלעכע, און איך דאַרף זיך נישט פאַרנעמען מיט קיין שום אַפּאָלאָגעטיק

לטובֿת אים. אָבער איינס מוז געזאָגט ווערן, אַז אַ שרייבער איז אויך דער מענטש, וואָס האָט פֿאַרנומען אין דער שטילקייט גאָטס וואָרט, דעם פֿלאַטער פֿון פֿליגל און ער איז באַהויכט געוואָרן פֿון שיינע אידעען, פֿון העכערער שיינקייט. און די דאָזיקע העכערע שיינקייט רייסט אים אָפּ פֿון אַלעם ערדישן. אַלדאָס ערדישע, וואָס ביי סך איז עס דער עיקר — איז ביי אים אַ טפל, אַ נעבנזאַך. עס פֿאַרשלינגט אים. עס באַפֿליגלט אים דער רוח־הקודש פֿון יצירה.

דערפֿאַר איז ער עס דער „בטלן"...

אָבער עס ווייסן אפֿשר זייער ווייניק אַ סך נישט־בטלנים, אַז יעטוועדער אמתער שרייבער וועט זיין „בטלנות" נישט פֿאַרטוישן אויף כל הון דעלמא...

הייסט עס ווידער, אַז דער ענין איז נישט אַזוי פּשוט; אַז אַזאַ מין „בטלנות" איז פֿון אַ גאַנץ אַנדערן געוועב, פֿון אַן איידעלערער סובסטאַנץ...

אָבער קיינער דאַרף דעם שעפֿערישן שרייבער נישט באַדויערן — אין זיין וועלט איז ער גאָר נישט אָרעם. אין דער וועלט פֿון יצירה איז ער רייך, דער רייכסטער. ביי אים איז גאָר אַן אַנדער דעפֿיניציע פֿון „אָרעם" און „רייך", אַ היפּוכדיקע ווי ביים כלל.

די וועלט בכלל — נישט דווקא די ייִדישע וועלט — האָט זיך טאַקע ביסלעכווייז צוגעוווינט צום דאָזיקן אמת. זי ווייסט, אַז בעת מען רעדט וועגן אַ שרייבער, פֿרעגט מען נישט, צי איז ער פֿאַרמעגלעך, צי באַזיצט ער „הייזער און ברייזער" — מ'ווייסט שוין, אַז דאָס לאַוו־דווקא. דער עיקר טאַקע: צי איז ער אַ שרייבער? אַן אמתער שרייבער? אָט טאַקע איינער פֿון יענע „בטלנים"?...

מחשבֿותן... זיך פֿאַררעדט...

כ'האָב אָנגעהויבן פֿון ליטעראַרישע יום־טובֿים, וועגן היינטיקן יום־טובֿ לכּבֿוד דעם דערשיינען פֿון מיין נייעם בוך — און בין צוגעקומען צו... „בטלנים"... נאָר ס'שאַדט נישט: דער דאָזיקער מין „בטלנות" איז דאָך דער זין און סטימול פֿון שרייבערס אינטים־שעפֿעריש לעבן...

פּאַריז, פֿעברואַר 1952

## נעכטן און היינט *

אין די געציילטע יאָרן פון נאָכן יידישן חורבן איז שוין כמעט גע־וואָרן אַ שאַבלאָן דאָס פאַררופן זיך תמיד אויפן נעכטן. וועגן וואָס מיר זאָלן נישט ריידן, פאַרגלייכן מיט דעם היינט מיט דעם נעכטן.

עס איז אויך נישט קיין יוצא מן הכלל, פאַרשטייט זיך, דער געביט פון אונדזער ליטעראַטור; אויך דאָ ווייזן מיר שטענדיק אָן די גרענעץ: 1939...

פאַר דער יידישער ליטעראַטור איז אָבער דער אַלגעמיינער מאָסשטאַב נישט אין גאַנצן אַ סטערעאָטיפּישער. דאָ איז אַ ביסל אַנדערש דער מצב. ווייל די יידישע ליטעראַטור האָט, אַחוץ אירע „נאָרמאַלע" פאַרלוסטן צו־ליב דער גרויסער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע, געליטן פון נאָך אַן אומגעריכ־טער צרה — שוין נישט אין פאַרבינדונג און נישט ווי אַ פועל־יוצא פון די דייטשישע אַכזריותן לגבי דעם יידישן פאָלק.

לאָמיר ריידן קאָנקרעטער:

די יידישע ליטעראַטור צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָט, ווי אַלע וויסן, זיך געגרייסט מיט אירע דריי צענטערן: וואַרשע, ניו־יאָרק, מאָסקווע.

עס איז ביי אונדז אָנגעגאַנגען אַ כסדרדיקער וויכוח, אַ דינגעניש פאַרן פרימאַט: וועלכער צענטער איז דער סאַמע וויכטיקסטער, דער הע־געמאָנישער? וועמען קומט פּריאָריטעט?

געווען אַ סך חסידים פון וואַרשע — דעם יידיש־ליטעראַרישן צענ־טער, וואָס האָט זיך אויף אַ נאַטירלעכן אופן צעבליט אויף דעם פּוילישן באָדן אין משך פון יאָרהונדערטער, פון גאַנצע דורות, האָט בהדרגהדיק געררייפט, געענערט זיך אומפאַרמיטלט פון די זאַפטן פון יידישן שטייגער, פון

---

* געלייענט אויפן קבלת־פּנים־אָוונט אין היגן שרייבער־פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג", נאָך מיין אָנקומען פון פּאַריז, אין אָקטאָבער 1952.

אַלט־איינגעזעסענער ייִדישקייט, און וואָס האָט אַפילו משפּיע געווען די ייִדישע ישובים אין דער ברייטער וועלט. גענוג איז צו דערמאָנען די צענטראַלע פיגור פון דער ייִדישער ליטעראַטור וואָס פּוילן האָט אַרויסגעגעבן — יצחק לייבוש פּרץ, וואָס זיין נאָמען לייכט אונדז אַזוי ווי אַ ליכט־טורעם אומעטום און שטענדיק אין אַלע אונדזערע בלאָנדזשענישן.

נישט קיין חידוש, וואָס די דאָזיקע טעזע איז געווען די שטאַרקסטע אין דעם וויכוח, די וואָגיקסטע.

אין צפון־אַמעריקע האָט מען צווישןביידע וועלט־מלחמות געלאָזט אין גאַנג די ווערסיע, אַז דער עיקרדיקסטער צענטער פון דער ייִדישער ליטעראַטור איז געוואָרן ניו־יאָרק, ווו עס האָט זיך צעגלאַנצט אַ גאַנצע פּלעיאַדע וואָגיקע פּראָזאַיִקערס און פּאָעטן — נעבן די בדייטנדיקסטע שרייבערס פונעם עלטערן דור, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן פריִער געהאַט באַרייכערט און באַשיינט דעם ליטעראַרישן צענטער פון פּוילן.

דאָ וואָלטן מיר געדאַרפט אויסרעכענען גאָר אַ גרויסע רשימה נעמען: אַברהם רייזען, שלום אַש, דוד פּינסקי, פּרץ הירשביין, ה. לייוויק, יוסף אָפּאַטאָשו, א. ליעסין, ז. לאַנדוי, מאַני לייב, יעקב גלאַטשטיין, אפרים אויערבאַך, י. י. שוואַרץ, א. ראַבאָי, י. י. זינגער, משה לייב האַלפּערן, א. לעיעלעס, ש. ניגער און פיל, פיל אַנדערע.

אויך די אַרגומענטן פאַר דער טעזע „ניו־יאָרק" זיינען דעריבער געווען זייער וואָגיק און זייער איבערצייגעוודיק.

די דריטע טעזע איז געווען — מאָסקווע.

אויך אין סאָוויעט־רוסלאַנד* איז אויסגעקריסטאַליזירט געוואָרן אַ פיינער ייִדיש־ליטעראַרישער צענטער מיט אַ גאַנצער ריי וואָגיקע נעמען פון פּראָזאַיִקערס און פּאָעטן: דוד בערגעלסאָן, דער נסתר, איציק פעפער, פּרץ מאַרקיש, דוד האָפשטיין, משה קולבאַק, עזרא פינינבערג, לייב קוויטקאָ, ש. האַלקין, זעליק אַקסעלראָד, איזי כאַריק, א. דאָברושין און נאָך פיל, פיל אַנדערע. אויך דאָרט, אויפן סאָוויעטישן שטייגער, איז געווען אַ קאָלאָסאַלער אויפשוונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס איז פּאַוואָריזירט און געפלעגט געוואָרן צוגלייך מיט די ליטעראַטורן פון אַלע סאָוויעטישע פעלקער, גרעסערע און קלענערע, וואָס באַוווינען יענעם זעקסטל פון אונ־

---

* באַמערקונג אין 1968: פאַרשטייט זיך, פאַר דעם גענאָסיד אויף דער גאַנצער ייִדישער קולטור...

דזער ערדקיילעך. און, פאַרשטייט זיך, אַז מאָסקווע — צוזאַמען מיט דער גאַנצער אַזוי גערופענער „פּראָגרעסיווער" ייִדישער וועלט — האָט גע־וואָלט זען, און טאַקע געזען דווקא אין סאָוויעט־רוסלאַנד דעם העגעמאָ־נישן צענטער פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

אַזוי האָט מען זיך געוויכוחט און געדונגען אין משך פון יאָרן — ביז דעם פאַטאַליסטישן 1939...

אָבער —

צום גרויסן אומגליק, נישטאָ מער אַרום וואָס זיך צו קריגן...

דער וואַרשעווער ליטעראַרישער צענטער איז געוואָרן חרוב, צע־שטויבט, אָפּגעמעקט. בלויז רעשטלעך פון יענעם צענטער — די נישט־דערשאָכטענע שרייבערס — דרייען זיך אַרום איבער מדינות און זוכן אַ תיקון...

אויך דער מאָסקווער ייִדיש־ליטעראַרישער צענטער איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער אייבערפלאַך — נישט דווקא אין מלחמה־צייטן דורך „פּראָסטן" אָדער אַטאָמישן וואָפן און נישט דורך נאַצישע בעסטיעס! — אָבער דאָך אָפּגעמעקט געוואָרן מיט דער גרעסטער געניויאַיקייט, מיט דער אַכזריותדיקער קאָנסעקווענטקייט! — אַזוי אַז ס'איז דאָרט איצט געבליבן קוים אַ פאַרשטומטער זכר, קוים אַ דערשטיקט רעשטל פון אַ ייִדישער ליטע־ראַטור, פון ייִדישן שאַפן.

געבליבן איז נאָר דער ליטעראַרישער צענטער „ניו־יאָרק".

פון דריי — נאָר איינער.

געשטאָרבן וואַרשע, געשטאָרבן מאָסקווע.

נישטאָ מער קיין דינגעניש. פאַרשטומט יענע וויכוחים — ניו־יאָרק!

מיט אַנדערע ווערטער:

די ייִדישע ליטעראַטור האָט פאַרלוירן צוויי־דריטל פון איר פּעריפע־ריע, פון איר אויסשטראַלונג. און די דאָזיקע איינגעשרומפּנקייט ברענגט צו טרויעריקע מחשבות, רויבט אָפּט דעם שלאָף אין די נעכט און ברענגט צו אומעטיקע מעדיטאַציעס, צו דעפּעטיסטישע אַרויסזאָגונגען וועגן ייִדיש־גייסטיקער המשכדיקייט אין אונדזערע צערודערטע צייטן — ווי געווינט־לעך אין מאָמענטן פון ירידה, נאָך גרויסע אויפטרייסלונגען.

מיט דעם געזאָגטן האָב איך נישט, פאַרשטייט זיך, בדעה אונטערצו־האַלטן אָט די שטימונגען פון דעפּעטיזם; אַדרבה, איך וויל נאָר אונטער־שטרייכן די נייטיקייט פון מאָביליזאַציע, פון צונויפנעמען אַלע שעפערישע

כּוחות, וואָס קאָנען פאַרשטאַרקן, צעמענטירן כאָטש דאָס, וואָס איז אונדז נאָך איבערגעבליבן.

וואָס טוט אַ נאָרמאַל פאָלק נאָך אַ געשיכטלעכער קאַטאַסטראָפע? נאָך דעם ווי אַ שונא האָט חרוב געמאַכט זיין לאַנד? — עס מאָביליזירט אַלע זיינע כּוחות: מאַטעריעלע, פיזישע און גייסטיקע; עס בויט צוריק זיינע וויסטע שטעט, פאַרזייט אויף ס׳ניי זיינע צעטראָטענע פעלדער, — כּדי אַלץ זאָל פאַרהיילט ווערן, זאָל ווידער וואַקסן און בליִען.

אויך מיר — אין די נאָך־חורבן־יאָרן — דאַרפן דערפון לערנען. דער דאָזיקער כּלל דאַרף אויך גילטן פאַר אונדז.

און מען מוז מודה זיין: וואָס שייך מדינת ישראל — זיינען ייִדן מאָביליזירט. די אַקטיוויטעט פון ייִדן אין דער גאַנצער וועלט לטובת ישראל איז אומעטום אַ געשטייגערטע. בלויז די דערלייזונג, כאָטש פאַר אַ טייל פון אונדזער פאָלק, האָט באַגייסטערט מיליאָנען.

מען מוז אָבער אויך, פון דער אַנדערער זייט, קאָנסטאַטירן, אַז וואָס שייך אונדזערע גייסטיקע ווערטן, וואָס שייך אונדזער קולטור אין די ייִדישע תּפוצות — זיינען ייִדן אין גרעסטן טייל וויניק, זייער וויניק גרייט אויף קרבנות. די ייִדישע קולטור בכלל און די ייִדישע ליטעראַטור בפרט, וואָס איז אָפּגעגאַנגען מיט אַזוי פיל בלוט, וואָס האָט געליטן אַזעלכע אומגעהייערע אבידות און צעשטערונגען — נייטיקט זיך איצט אין אַ באַזונדער ליבע, אין אַ באַזונדער זאָרג און פּיעטעט מצד דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט.

אונדזער אַקטיוויטעט, אונדזערע מעשים, דאַרפן פאַרפילפאַכט ווערן — מיר מוזן דאָך פאַרטרעטן אויך די יעניקע וואָס זיינען מער נישטאָ צווישן אונדז; וואָס זייער גורל איז געווען פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַש איבער פּוילנס פעלדער...

וואָרעם וואָס איז אַ פאָלק אָן קולטור?

גייסטיקער דלות, גייסטיקע אָרעמקייט, אַן אָרעמע וויסטע עדה, אָן יום־טובדיקייט, אָן דערהויבנקייט, אָן הדווה. נאָר גרויע, נישטיקע וואָכעדיקייט...

אַסימילאַציע? נעמען ביי פרעמדע? נאַשן ברעקלעך פון פרעמדע טישן? זעלטן ווער עס קען דאָס נאָך היינט. ס׳איז נישט פאַר אונדזער גייסטיקער פאַרדייונג, פאַר אונדזער מענטאַליטעט. מיר וועלן דאַן נאָך מער פאַראָרעמט ווערן, פאַרקריפּלט ווערן; פאַרשפּילן ביידע וועלטן. נאָר ביי זיך,

נאָר מיט זיך און צווישן זיך קאָנען מיר זיין אַ יש; נאָר פלעגנדיק די אייגענע קולטור קאָנען מיר אויך ווערן וועלטבירגערס אין בעסערן זין פון וואָרט; נאָר דורך די אייגענע נאַציאָנאַלע גייסטיקע ווערטן קאָנען מיר אויך עפענען אַ פענצטער צו דער וועלט.

לאָמיר זשע פלעגן און אָפּהיטן אונדזער אייגענעם וויינגאָרטן...

***

וואָס שייך דעם יונגן ייִדישן ישוב אין אַרגענטינע.

עס איז אַ פרייד און אַ יום־טוב פאַר אַ פריש־געקומענעם.

ייִדן האָבן דאָ געוויזן אַזוי פיל שיינע, דערהויבענע ביישפּילן. געבויט אַזעלכע פּרעכטיקע קולטור־פּאָזיציעס: שולן, אַ ייִדיש־וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, אַ בכבודיק צייטונג־וועזן, פאַרלאַגן. אַזעלכע וווּנדערלעכע שול־בנינים ווי אין בוענאָס־איירעס האָבן מיר נישט פאַרמאָגט אין פאַר־מלחמהדיקן פּוילן; לערער־סעמינאַרן; הייַנט דער קולטור־קאָנגרעס מיט זיין קולטור־ און פאַרלאַג־טעטיקייט.

איך דערמאָן זיך אויך נישט נאָך אַזאַ פאַרלאַג, מיט אַזאַ ריזיקן פאַרנעם, ווי עס איז דער היגער פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום". און דאָ איז דער ווּונדער נאָך גרעסער: איז דאָך דער דאָזיקער פאַרלאַג אַ ווערק, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך עקשנות און איניציאַטיוו פון צוויי יחידים; אַ פאַרלאַג, וואָס האָט פאַר זיך די גרויסע, דערהויבענע אויפגאַבע — צו שטעלן אַ גייסטיקן דענקמאָל דעם פאַרשניטענעם פּוילישן ייִדנטום. די דערשינענע ביכער אין דאָזיקן פאַרלאַג וואַקסן דאָך אַזוי ווי אַ פּיראַמידע און פאַראייביקן ייִדישע עפּאָכעס, שטיקער ייִדישע געשיכטע.

און דאָס אַלץ זעען מיר אין דעם ייִדישלעכן בוענאָס־איירעס.

עס איז דעריבער צו דערוואַרטן, אַז די גרופּע ניצול־געוואָרענע שרייבערס פון פּוילן וועלן אין דעם היגן ייִדישן ישוב געפינען — אַחוץ די האַרציקע קבלת־פּנימס... — אויך אַ פעלד פאַר זייער שאַפן, פאַר זייער ליטעראַרישן המשך.

בוענאָס־איירעס, אָקטאָבער 1952

# איין מאָל אין אַ יובל

(רעפלעקסן וועגן אַ פייערונג) *

דאָס ערשט מאָל אין מיין לעבן האָב איך מסכּים געווען צו לאָזן זיך מאַכן אַן עפנטלעכע פייערונג לכּבוד אַ יובל פון יאָרן. איך האָב שוין ביי אַנדערע געלעגנהייטן מאָטיווירט מיין סוביעקטיווע באַציִונג דערצו: מיך פּערזענלעך מאַכן אַזעלכע יובילייען אומעטיק. מ׳ווערט דאָך עלטער. מ׳גייט דאָך באַרג־אַראָפּ... איז וואָס זשע די גדולה?... ווען מען וואָלט געקאָנט פאַרהאַלטן די זון און איר זאָגן: „שטיי!״ — אַזוי ווי יהושע בן נון אין גבעון, דעמאָלט וואָלט געווען אַ שׂמחה צו טאַנצן אין די גאַסן. אָבער נישטאָ היינט אַזאַ העלד.

איינע אַ רוסישע דיכטערין — דאַכט זיך מאַריאַ באַשקירצעוואַ — האָט אַמאָל אָנגעשריבן אַ ליד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן: „יאַ כאַטשו אומערעט׳ מאַלאַדאַי...״ (איך וויל שטאַרבן אַ יונגע). עס לאָזט זיך אַ מאָל פאַרשטיין אַזאַ געפיל: זי האָט געוואָלט אַדורכגיין איר לעבן אַ בליִענדיקע, אַ שמייכלענדיקע, אַ פריידיק־צעברויזטע, אין כּסדרדיקן גאַנג באַרג־אַרויף און אויסמיידן דעם אומעט פון באַרג־אַראָפּ. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז זי זאָל טאַקע יונג שטאַרבן. און אין איינעם אַ נעקראָלאָג נאָך איר איז די ערשטע פראַזע געווען: „אי אַנאַ אומערלאַ מאַלאַדאַי...״ (זי איז טאַקע געשטאָרבן אַ יונגע).

מ׳וועט מיך זיכער נישט פאַרשטיין פאַלש. איך האַלט נישט, אַז מען דאַרף חלילה שטאַרבן יונג. לאָמיר אַלע אַריינלעבן לויט די סטערעאָטיפּישע ברכות: „עד מאה ועשרים״; אָבער לאָמיר בלייבן מיט דער יונגשאַפט, מיט די יונגע פליגל.

---

* געלייענט אויף דעם באַערונגס־אָוונט, אַראַנזשירט דורכן „שרייבער־פאַריין ה. ד. נאָמבערג״ און „ייִוואָ״ אין בוענאָס איירעס צו מיין ווערן אַ בן־שבעים.

אויב איך האָב דאָס מאָל — דאָס ערשטע מאָל — געמאַכט אַן אויס־נאָם און לאָז זיך מאַכן אַ יובל פון יאָרן, איז עס אויסשליסלעך צו פאַר־דאַנקען מיין צווייטן, וויכטיקערן, יום־טוב, מיין שעפערישן יום־טוב לכבוד דעם דערשיינען פון מיין צוואַנציקסטן בוך „אין אָנהייב פון אַ פרילינג". דאָס איז פאַר מיר באמת אַ גרויסע שמחה. דערצו איז עס נאָך אַ בוך דווקא וועגן אַ פרילינג, אַ בוך נישט וועגן קהלת, נאָר וועגן שיר השירים. מיין כוונה ביים פאַראייניקן ביידע ימים־טובים איז געווען: אויסצומישן דעם מעלאַנכאָלישן יובל פון יאָרן, וואָס דערמאָנען אָן האַרבסט, מיט אַ יום־טוב פון פרילינג; מיט אַ בוך וואָס רעדט וועגן אָנהייב, וועגן אויפגאַנג.

און כאָטש אין בוך דערציילט זיך אין אָנהייב וועגן אַן אומעטיקער אָרעמער קינדהייט, וועגן „אַ היים אָן פרייד" — קומט אָבער באַלד נאָך דעם די גרויסע פרייד, ווען עס אַנטפּלעקט זיך אַ וועלט פון שיינקייט; ווען עס צינדט זיך אין אַ יונגער נשמה דאָס הייליקע פייער פון יצירה. די פרייד פון אַ צייט אין ייִדישן לעבן און אין דער ייִדישער ליטעראַטור, ווען אין וואַרשע האָט געלעבט און געווירקט דער שיינגייסט פּרץ; ווען פאַר אַ ייִדישן שרייבער, בפרט פאַר אַ יונגן שרייבער, האָבן זיך אויס־געשפּרייט בלויע האָריזאָנטן, באַשטראַלטע מיטן פּורפּור פון אויפגאַנג...

דער לעצטער זאַץ געפינט זיך אין דעם „אריינפיר" צום „אין אָנהייב פון אַ פרילינג". לאָמיר נאָך עפּעס פון דאָרט ציטירן:

„ס'איז דעמאָלט געווען אין וואַרשע דער ראָמאַנטישסטער פּעריאָד אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אין יענעם וואַרשע האָבן געגלאַנצט די שטערן פון אַ גרויסער פּלעיאַדע פּאָעטן און פּראָזאַיִקער — עלטערע, ייִנגערע און ייִנגסטע.

און איבער אַלץ און אַלעמען — די ליכטיקע פּערזענלעכקייט פּרץ. די עמאַנאַציע פון זיין פּערזענלעכקייט. עס איז אויפגעגאַנגען אַ לעבן, באַ־הויכט פון ייִדישער גייסטיקייט.

און אַז אַ יונגער שרייבער איז אַריינגעפאַלן אין אַזאַ אַטמאָספער, איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער שעפערישקייט און דערהויבנקייט. געווען אַ שרייבערישער דעת הקהל. געוועזן פאַר וועמען צו ציטערן, צו האָבן אימתה דציבורא. ביים איבערגעבן צום דרוק אַ ליד, צי אַ דערציי־לונג, האָט תמיד אַ בליק געטאָן: „וואָס וועט דערויף זאָגן פּרץ?"... ס'האָט דעמאָלט נישט געקאָנט געמאָלט זיין אַזאַ הפקרדיקע דעוואַלואַציע פון גע־דרוקטן וואָרט ווי אין אונדזערע היינטיקע טעג".

עד כאן דער ציטאַט.

אין אונדזערע טעג פֿון גייסטיקער דעוואַלואַציע האָבן זיך געקאָנט ביי מיר אַרויסרייסן אַזעלכע פֿערזן, ווי אין דעם ליד „נביאי השקר" (געדרוקט אין מיין פֿריִערדיקן בוך „אויף פֿרעמדער ערד") — אויפֿן חשבון פֿון די פֿאַרשווועכערס פֿון ייִדישן קינסטלערישן וואָרט, פֿון ייִדישן ליד:

ס'האָט קיינער נישט קיין מאָל געזאַלבט זיי, קיין ברכה באַוויליקט צו געבן,
קיין עכטער, קיין הייליקער פֿלאַם אין זיי קיין מאָל צעברענט;
קיין גאָט נישט געגעבן זיי פֿליגל אין הייכן און וייטן צו שוועבן,
זיי האָבן גאָר קיין מאָל דעם סוד פֿון יצירה געקענט.

דאָך קומען זיי, טומלען אויף אָרעמע ייִדיש־געמאַרקן און פּראַלן,
מיט אויגן פֿאַרגלאָצטע צבועקיש, מיט פּוסטן געקלאַנג.
אין אָרגיע זיי ממיתן פֿערזן, זיי גרילצן אַזוי ווי שאַקאַלן
אויף חורבות, נאָך שריפֿה, וווּ ס'לעבן געשטאָרבן שוין לאַנג...

געפֿינט זיך המון אויף פּאַר זיי — פּונקט אַזוי ווי פֿאַר עגל פֿאַרצייטן;
דער אמתער נביא, בעל־שירה, אין ווינקל פֿאַרשעמט.
עס גלוסט אים — ווען ס'יובלט די פֿעלשונג — אַנטלויפֿן אין מדבר אין ווייטן,
אַנטלויפֿן וואָס ווייטער, מיט האַרץ און נשמה פֿאַרקלעמט.

אָ, אָרעמע ייִדישע אותיות! קרבנות פֿון גאָטלאָזע שענדער,
קרבנות פֿון חורבן, צע'נהרג'ט און פֿרעך מאַסאַקרירט! —
עס איז אייער גורל ווי גורל פֿון ייִד־אהאספֿער, וואָס פֿאַרלענדער
עס האָבן נישט לאַנג ערשט צו ווייסטער עקידה געפֿירט — — —

אָבער צום גליק פֿאַרמאָגן מיר איצט אין דער ייִדישער ליטעראַטור אַ פּרעכטיקע, אַ רייכע דיכטונג, וואָס קאָן זיך נישט פֿאַרשעמען לגבי דער דיכטונג פֿון אַנדערע גרעסערע, פֿיל, פֿיל גרעסערע פֿעלקער. מיר האָבן סיי דיכטערס, וואָס געהערן נאָך צו דער ראָמאַנטישער שולע, דיכטערס אימפּרעסיאָניסטן; סיי דיכטערס, וואָס עקספּערימענטירן אין זייער פֿאָרעם און ווייזן אַרויס גרויס מייסטערשאַפֿט אין זייער עקספּרעסיע און שפּראַך־נאַוואַטאָרישקייט; וואָס האַלטן זיך נישט אין די ראַמען פֿון קלאַסישן פֿערז און וואָס געפֿינען זייער שענסטן אויסדרוק גראָד אין ווייסן פֿערז. הגם צום ווייסן פֿערז מוז מען האָבן אַן אַבסאָלוטן מוזיקאַלישן געהער, כדי נישט אַריינצופֿאַלן אין פּשוטער פּראָזע. דאָס אויסשטעלן די שורות אין פֿאָרעם

פון אַ ליד סתם אַזוי איז נאָך ווייניק — עס מוז זיין דערביי עכטע דיכ־טערישע נויטווענדיקייט, אינטויציע.

די נביאי השקר אויף אונדזער בידנער גאַס צעשווימען ווי שטויב לגבי דער שיינקייט און פּראַכט פון אונדזערע עכטע פּאָעטן. אַ לייענער מפונק קאָן אונטערשיידן צווישן פּערל און מיסט...

נישט אומזיסט איז אויפן גאַנצן לעבן אין מיר פאַרחתמעט יענע צייט, די ראָמאַנטישע צייט פון מיין אָנהייב. יענער קלימאַט און יענער אַראָמאַט באַגלייטן מיך אין אַלע מיינע וועגן. נישט אומזיסט מיין אייביקע בענ־קעניש נאָך יענער צייט, ווען ייִדישע שרייבערס האָבן געהאַט אַן אַדרעס: „צעגליאַנע 1״. פּרץ! געווען זיך פון וועמען צו לערנען, אויף וועמען זיך צו פאַרקוקן, זיך סומך זיין. געווען אויך דעמאָלט אַ טייערע, אידעאַליס־טישע ייִדישע יוגנט, וואָס האָט געוואַרט אויפן וואָרט פונעם שרייבער, אויף זיין בוך, אויף זיין דערציילונג, אויף זיין ליד.

אָבער וווּ איז היינט יענע ייִדישע אידעאַליסטישע יוגנט?... זי איז אַוועק אין די היטלערישע קרעמאַטאָריעס — — —

יאָ, היינט דרוקט מען אויך ביכער. אַפילו אַ סך ביכער. אָבער לייענערס? וווּ זיינען די מאַסן לייענערס? קיין יונגע לייענערס האָבן מיר אוודאי און אוודאי נישט. דאָס הייסט, אַז דאָס ייִדישע בוך האָט פאַרלוירן דעם וויכטיקסטן אָנשפּאַר. ביי יעדן פאָלק איז דאָך די יוגנט דער גרעס־טער רעזערוווּאַר פון לייענערס. היינט ווער רעדט נאָך וועגן לייענערס פון דיכטונג? ביי יעדן פאָלק איז תמיד די דיכטונג אָנגעוויזן אויפן יונגן לייענער. יונגע געמיטער קאָנען ווערן לייכטער מיטגעריסן פון אַ שיין ליד, פון אַ שיינער מוזיקאַלישער פּאָעמע. ווער עס געדענקט אויסווייניק עפּעס אַ ליד, איז עס פון די יונגע יאָרן. נאָר אין די יונגע יאָרן איז אַ מענטש מסוגל אַריינצונעמען אין זכרון און אין נשמה דעם צויבער פון אַ פּאָעטי־שער שאַפונג. ווייל יוגנט גופא איז דאָך אין גרונט גענומען, איז דאָך שיר השירים.

פאַרשטייט זיך, אַז יעדער כלל האָט אויך אַ יוצא מן הכלל. די דיכ־טונג האָט אויך אַזעלכע ליבהאָבערס — אַפילו פאַרליבטע! — וועלכע זיי־נען שוין ווייט פון יונג זיין, וואָס זייערע שלייפן זיינען שוין לאַנג באַזיל־בערט. אין ערשטער ריי זיינען עס די דיכטערס גופא... נישט אומזיסט שיקן זיך דיכטערס קעגנזייטיק בתורת מתנה זייערע ביכער — דאָס זיי־

נען דאָך די זיכערסטע לייענערס... אָבער אונדז גייט עס דאָך נישט אין אויסנאַמען ווען מיר ריידן וועגן דער מערכה פון היינטיקן ייִדישן שרייבער און זיינע ביכער, וואָס ליגן פאַרשעמטע אויף די פּאָליצעס. איז נישט קיין חידוש, וואָס ביי די ייִדישע שרייבערס גנבענען זיך אַריין ספקות, שטימונגען פון דעפּרעסיע.

און אפשר? ווער ווייסט? אפשר פונקט ווי נאָך דעם אַלטן „למי אני עמל" פונעם דעפּרימירטן העברעאישן משורר יהודה־לייב גאָרדאָן איז שפּעטער מיט יאָרן געקומען אַ רענעסאַנס פאַר דער העברעיִשער שפּראַך און ליטעראַטור — געמיינט, פאַרשטייט זיך, נאָך דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל, — פונקט אַזוי קען געשען אַ ווונדער אויך פאַר דער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור? און נישט נאָר אין די תפוצות, נאָר דווקא אויך אין ישראל? אפשר וועלן סוף־כל־סוף זיך אַרומזען די פאַרבלענדטע ייִדן אין די תפוצות, אַז מ׳מוז עפּעס ענדערן אין ייִדישן לעבן; אַז מ׳מוז מער אַריינברענגען ייִדיש, פאַרייִדישן אונדזערע היימען; אַז מ׳מוז דער עיקר ענדערן די דערציִונג־פּאָליטיק אין אונדזער שולוועזן; אַז מ׳מוז אויפהערן טרייבן ייִדיש פון די שולן, — אַזוי אַז מיר זאָלן צוריק געווינען די יוגנט פאַר ייִדיש, פאַר ייִדיש לעבן, פאַר ייִדישע ווערטן.

וויפל ברכה וואָלט עס געבראַכט אונדזער לעבן! עס וואָלטן געווען לייענערס פון ייִדישע ביכער, פון ייִדישע צייטונגען; עס וואָלטן געווען באַזוכערס פון ייִדישן טעאַטער. ווייל אויך טעאַטער ביי נאָרמאַלע פעלקער ווערט דאָס רוב באַזוכט פון אַ יונגן עולם. דאַן וואָלט נישט מעגלעך געווען אַזאַ ירידה, אַז אין אַזאַ שטאָט ווי בוענאָס־איירעס, למשל, זאָל אַפילו איין־איינציקער פּראָפעסיאָנעלער טעאַטער נישט קאָנען זיך אַליין אויסהאַלטן אָן דער פינאַנציעלער הילף פון דער קהילה. אָבער, ווי געזאָגט, אפשר? אין פאָלק זיינען פאַראַן תמיד דרימלענדיקע פּאָטענצן. אפשר וועט ייִדיש — אונדזער אַלט־געפּרוווטע ווונדערלעכע אידיאָמאַטיש־רייכע מאַמע־ייִדיש — באַווייזן ניסים ווי פריִער; ווי דאָרטן ביי די ברעגן פון דער ווייסל? מעג עס איצט זיין ביים האָדסאָן; מעג עס זיין ביי דער סען, ביי דער לאַ־פּלאַטאַ, צי גאָר — עס איז נישט אַזוי ווילד צו טראַכטן — אויך על גדות הירדן, ביי די ברעגן פון ירדן... אפשר וועט פאָרט קומען צו אַ פאַר־ברידערונג פון אונדזערעביידע לשונות — העברעיִש און ייִדיש? עס וואָלט געווען אַ ברכה פאַר ביידן. גיכציקע אָפּרופן פון יחידים העברעיִש־שריי־

בערס דערגייען שוין צו אונדז פון ישראל גופא *. דאָרט טראָגט זיך שוין אַ רוף פון דעם און פון יענעם וועגן וועגדן זיך מיטן פּנים צו דער טויזנט־יאָריקער שאַפונג פון גלות. קען דאָך די קולטור אין ישראל נישט אָנהייבן פון בראשית, איבערהיפּערן אַזאַ לאַנגן, פּאַרביקן, גלאַררייכן פּעריאָד פון ייִדישן לעבן, פון ייִדישער שעפערישקייט, פון דער גאַנצער קולטור אין ייִדיש! האָט זיך דאָך העברעיִש אין מזרח־אייראָפּע לאַנגע דורות געחברט מיט ייִדיש. ביידע לשונות האָבן תמיד איינע די אַנדערע משפּיע געווען אין משך פון דורות.

אַפילו איצט אין ישראל שעפּט נאָך העברעיִש אַ סך, אַ סך השפּעה פון ייִדיש. אויב דער ביבלישער העברעיִש איז פּאַטעטיש און רייך, האָט דאָרט איצט העברעיִש ווי אַן אומגאַנגשפּראַך זיך דערפילט אָרעמער. און נישט קיין חידוש: העברעיִש ווי אַן אומגאַנגשפּראַך איז דאָך יונג און ייִדיש איז אַ געראַדטע פאָלקסשפּראַך זינט יאָרהונדערטער און באַזיצט אוצרות פון אידיאָמען, אַ שלל פאָלקסווערטלעך, וואָס ווערן באַנוצט אין טאָגטעג־לעכן לעבן. אַזוי אַז פאַר העברעיִש איז דער שידוך מיט ייִדיש אַ ביז גאָר מזלדיקער. הגם דעם יחוסדיקן צד איז דער שידוך קיין מאָל נישט אָנגע־שטאַנען און ער האָט זיך תמיד געבלאָזן. די העברעיִש־קנאים פון הייַנט דאַרפן עס סוף־כל־סוף פאַרשטיין און ציִען די בייטיקע קאָנסעקווענצן. האָט דאָך שוין ייִדיש, אַגב, אויך אַ טראַגישן יחוס־בריוו: איז דאָך ייִדיש גע־וואָרן אין די געטאָס און אומקום־לאַגערן דער לשון הקדושים. דווקא פון ערשטן ישראל־נשיא חיים ווייצמאַן שטאַמט די פּאַראַפראַזע: „העברעיִש איז לשון־קודש און ייִדיש איז לשון הקדושים״... ס'איז זייער קורצזיכטיק היינט צו קוקן אויף ייִדיש אַזוי ווי די אַמאָליקע משכילים ווי אויף אַ „שפּחה״. אויף ייִדיש דאַרף מען הייַנט קוקן ווי אויף אַ וווּנדערלעכן קולטור־אוצר פון גרויסן געשיכטלעכן באַדייט! דער העברעיִשער שפּראַך און במילא לי־טעראַטור פעלן די זאַפטן פון ייִדיש און פון ייִדישער שעפערישקייט אַזוי ווי לופט צו אָטעמען. נאָר אין דער אינטימער באַהעפטונג מיט ייִדיש האָבן געקאָנט אַרויסקומען אַ מענדעלע, אַ פּרץ, אַ ביאַליק, אַ שניאור, אַ עגנון.

פאַראַן איצט סימנים, אַז דער אייז האָט זיך אַ ביסל גערירט. די באַ־

* באַמערקונג אין 1968: אַ פריקרען ביישפּיל האָט לעצטנס געגעבן דער העברעיִ־שער שרייבער חיים הזז מיט זיין אומזיניקן אַרויסטריט קעגן ייִדיש לשון און ייִדי־שער ליטעראַטור.

ציִונג צו יידיש אין ישראל איז געוואָרן אַ מער טאָלעראַנטע ווי אין די ערשטע יאָרן פון באַרוישונג. אַגב, פאַרמאָגן מיר דאָך שוין איצט אין דער יידישער מדינה אַ גאָר בכבודיקע משפּחה יידיש־שרייבערס, שרייבערס פּראָמינענטע, באַרימטע נעמען, סיי פּראָזאַיִקערס, סיי פּאָעטן, וואָס לאָזן זיך הערן אין דער יידישער וועלט. עס דערשיינען דאָרט אַ סך, אַ סך יידי־שע אויסגאַבעס: צייטונגען, זשורנאַלן מיט גאָר היפּשע טיראַזשן; אויך יידישע ביכער דערשיינען דאָרט אַלץ מער און מער. הגם דער יידישער ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין שטעקט נאָך אַלץ אין אַ קעלער אויף רחוב דב הוז 25 אין תל־אביב — דאַן ווען די העברעיִשע זשורנאַליסטן און שרייבערס האָבן אַזעלכע פּרעכטיקע פּאַלאַצן, ווי דער „בית סוקולוב" און דער „בית טשרניחובסקי". באמת, אַ שרייִיקע עוולה!

בעת מ'האָט „געקאַמפּיינעוועט" אין ניו־יאָרק פאַרן „בית ליעסין", האָט מען צוגעזאָגט די יידישע אָרגאַניזאַציעס, אַז אין דאָזיקן הויז וועלן אויך די יידישע שרייבערס האָבן זייער היים. האָבן יידישע מענטשן, פריינד פון יידיש, זיך בייגעשטייערט מיט אַ ברייטער האַנט. אָבער ווען דער „בית ליעסין" (אַ פּרעכטיקע רחבותדיקע געביידע!) איז פאַרטיק געוואָרן, האָט זיך פון דער היים פאַר יידישע שרייבערס אויסגעלאָזט אַ בוידעם... לא דובים ולא יער... *

פאַראַן דאָך איצט שוין אין ישראל אַ גאָר, גאָר היפּשער עולם יידן, הונדערטער טויזנטער יידן, וואָס זיינען להוט נאָך אַ יידיש וואָרט — אַזוי אַז עס שפּילן שוין דאָרט גאַנצע 4—5 יידישע טעאַטערן. הייסט עס, אַז עס קענען דאָרט קומען גוטע מזלדיקע שינויִים. ביי אונדזער ניסימדיק פאָלק איז אַלץ מעגלעך. דאַרף מען דען האָבן אַ גרעסערן נס ווי מדינת ישראל גופא? און ווען? תיכף נאָך אַזאַ מוראדיקן, בלוטיקן מבול! — — — — —

הייסט עס אויך, אַז יידישע שרייבערס (דאָס טרייסט איך זיך אַליין און קאָלעגן שרייבערס...) דאַרפן באַקעמפן אין זיך די שטימונגען פון דעפּרע־סיע און נישט שטעלן קיין טרויעריקע „פּראָגנאָזן".

בוענאָס־איירעס, יוני 1963

* מיט אַ געוויסער צייט צוריק איז דורכן יידישן שרייבער־פאַראיין אין תל־אביב אונטערגענומען געוואָרן אַ קאַמפּיין פאַר שאַפן אַן אייגן הויז — אַ „לייוויק־הויז" פאַר די יידישע שרייבערס אין ישראל (אויך מיר דאָ אין בוענאָס־איירעס האָבן זיך וואַרעם אָפּגערופן און מיטגעהאָלפן אין דעם קאַמפּיין). אָבער, זעט אויס, אַז דער שטן האָט

# אין היימישן לאַנד

(פאַרצייכענישן פון אַ דריטן באַזוך אין ישראל אין 1965)

א.

## אַן אָוונט פון דערמאָנונגען אין תל־אָביב

אין איינעם אַ תל־אביבער פרייטיק־צו־נאַכט בין איך געווען פאַרבעטן אין הויז פון פּאָעט אַברהם סוצקעווער.

ס׳איז געווען אַן אייגנאַרטיקע היימיש־ליטעראַרישע מסיבה ביי אַ פיין־סערווירטן אָוונטברויט מיט ישראלדיקער משקה — תוצרת הארץ.

אויף דער מסיבה זיינען געווען — חוץ די גאַסטגעבערס אַברהם סוצ־קעווער און זיין פרוי פרידאַ — אַלע רעדאַקציע־מיטגלידער פון „די גאָל־דענע קייט״: דער מיטרעדאַקטאָר אליעזר פּינעס און ביידע ברידער קאַר־פּינאָוויטש, די אַנדערע געסט זיינען געווען: דער עסייִסט מ. גראָס־צימער־מאַן (פאָרזיצער פון יידישן שרייבער־פאַראיין אין תל־אָביב), דער רעדאַק־טאָר פון די „לעצטע נייעס״, דער שרייבער און פּובליציסט מרדכי צאַנין, ואני הקטן, אַלע מיט זייערע פרויען. און, דאַכט זיך, נאָך עמעצער פון „שיינעם מין״.

אויף דעם דאָזיקן אָוונט האָט מיר סוצקעווער, אַגב, מגלה געווען אַ סוד, אַז ער איז מיינער כמעט אַ לאַנדסמאַן: ער ווייזט מיר אַן אַלטן ספר, וואָס ער האָט לעצטנס אויסגעפונען; אַ ספר, וואָס דער מחבר זיינער איז זיין זיידע פון דער מוטערס צד. און אין דער הקדמה פונעם ספר דערציילט דער מחבר בפירוש, אַז ער איז געבוירן אין אַמדור. שוואַרץ אויף ווייס.

בעת עס איז געגאַנגען די רייד וועגן אַמדור און וועגן גראָדנע, האָט פּינעס באַמערקט:

— איר האָט דאָך נאָך אַ לאַנדסמאַנקע: מאַלאָטאָווס יידישע פרוי — זשעמטשושינאַ — שטאַמט אויך פון גראָדנע.

---

זיך אַריינגעמישט און דער ענין איז צו פיל פאַרשלעפּט געוואָרן, טיילוויז מחמת דער מלחמה פון די „זעקס טעג״. איצט קומען גרוסן פון תל־אביב, אַז דער ענין ווערט שוין רעאַליזירט — הגם עס פעלן נאָך פינאַנציעלע מיטלען.

— דאָס איז פאַר מיר אויך אַ נייס, — ענטפער איך פינעסן. — ס'איז איר אָבער, מיין גראָדנער לאַנדסמאַנקע, נישטאָ איצט וואָס מקנא צו זיין... נאָר דאָס איז אַגב־אורחא.

די מסיבה איז פאַקטיש אַראַנזשירט געוואָרן לכבוד דעם מיטרעדאַק־טאָר פון „די גאָלדענע קייט" אליעזר פינעס, וואָס איז געוואָרן אַ בן־שמונים. נאָך דעם ווי אַברהם סוצקעווער האָט באַלד אין אָנהייב מיר געווידמעט אַ פּאָר חברישע ווערטער — ווי אַ גאַסט פון אַרגענטינע — האָבן שוין אַלע־מענס רייד זיך קאָנצענטרירט אַרום בעל־היובל — אַרום פינעסן.

עס האָבן אַלע גערעדט. יעדער האָט עפּעס אַנדערש דערציילט וועגן פינעסן דעם צאַרטן מענטש און וועגן פינעסעס פאַרדינסטן: איז ער דאָך סוצקעווערס רעכטע האַנט אין „די גאָלדענע קייט"; דער אויסבעסערער, דער סטיליזאַטאָר פון די פּראָזע־מאַנוסקריפּטן; איז אַ גרויסער יידיש־קע־נער (און נישט נאָר יידיש־קענער!). ער איז אויך אַ בקי אין ליטעראַטורן אין פרעמדע שפּראַכן און איז אין יידיש אַ בעל־מדקדק אויף אַ קוצו־של־יוד. נישט אומזיסט איז „די גאָלדענע קייט" דער אָפּגעהיטנסטער און צום בעסטן רעדאַגירטער ליטעראַרישער זשורנאַל ביי יידן.

די דיכטונג (און נישט תמיד בלויז די דיכטונג) רעדאַגירט, סטיליזירט און פילטרירט סוצקעווער אַליין. איין טאָג, בעת מיינעם אַ באַזוך אין רע־דאַקציע פונעם זשורנאַל, האָט מיר סוצקעווער געוויזן ווי עס זעט־אויס אַ ליד פון איינעם אַ מחבר (זיין נאָמען האָט ער דיסקרעט פאַרשטעלט) נאָכן רעדאַגירן עס: ס'איז ממש געווען נקודים וברודים; געמעקט און צוגעשריבן, געמעקט און צוגעשריבן כמעט אין יעדער שורה. ער האָט דעם כתב־יד געגעבן צום איבערשרייבן אויף דער מאַשין.

פרעג איך סוצקעווערן:

— אויב אַ ליד בייטיקט זיך אין אַזאַ תיקון, פאַר וואָס זשע דרוקט איר עס?

— מען מוז אַ מאָל. דאַן מוז איך, ווי איר זעט, מעקן און צושרייבן. אָבער לאָמיר זיך אומקערן צו פינעסן.

אין אַלעמענס רייד איז באַוווּנדערט געוואָרן פינעסעס אַרבעטזאַמקייט, זיין פאַרליבטקייט אין דער מלאכת־הקודש. דער עיקר איז געוואָרן אַרויס־געהויבן פינעס דער מענטש, זיין אינטערעסאַנטע פערזענלעכקייט.

אין מיין וואָרט האָב איך אויפגעמישט אַ בלעטל זכרונות. קען איך דאָך פינעסן פון די וואַרשעווער יאָרן. האָבן מיר דאָך אַמאָל געהערט צו

אײן פּאַרטײ — „ס. ס.", שפּעטער אונטערן נאָמען „פּאַראײיניקטע" און נאָך שפּעטער „אומאָפּהענגיקע". האָבן מיר דאָך געהאַט אײן פּאַרטײ־אַדרעס אין וואַרשע: לעשנאַ 49. (אַגב: די דאָזיקע פּאַרטײ איז געוואָרן אויפגעלײזט דורך דער פּוילישער האַלב־פֿאַשיסטישער מאַכט און דער הויפּט־לידער פֿון דער פּאַרטײ, דער פּאָפּולערער אַרבעטער־פירער ד״ר יוסף קרוק, האָט פֿאַרזוכט דעם טעם פֿונעם דעמאָלט באַרימטן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בעזערע. איצט וווינט ד״ר קרוק אין ירושלים און אַרבעט־מיט ווי אַ פּובליציסט אין „דבר" און „לעצטע נײעס").

דערמאָן איך אויך דער מסיבה יענע יאָרן: די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און העט ווײטער. פּינעס האָט אויף לעשנאַ 49 געשפּילט אַ באַדײטנדיקע ראָלע. צו זײנע אויפֿריכטיקע רײד אויף די פּאַרטײ־פֿאַרזאַמלונגען האָט מען זיך גוט צוגעהערט און ער איז בײ אַלעמען געווען באַליבט און געשעצט. אין יענעם אַרבעטער־קלוב האָט זיך פּינעס אָפּגעגעבן נישט נאָר מיט פּאָליטישער, נאָר אויך מיט קולטור־אַרבעט.

אליעזר פּינעס איז אין וואַרשע געווען פֿון פֿאַך אַ גימנאַזיע־לערער. אַ לערער פֿון העברעיִש אין קרינסקיס גימנאַזיע אויף מיאָדאָווע־גאַס. מ'האָט אויף פּינעסן געקוקט אין וואַרשע ווי אויף אַ פֿענאָמען: תמיד, אין די גרעסטע קעלטן, איז ער געגאַנגען לײכט אָנגעטאָן און אָן אַ קאַפּעליוש. טאָג־טעגלעך האָט ער על־פּי שטענדיקער רגילות געמוזט גײן זיך באָדן אין דער ווײסל. ער פֿלעגט זיך באָדן אַפֿילו ווינטערצײט. אין אײנעם אַ באָד־בײדל פֿלעגט מען ספּעציעל אויסהאַקן אַ גרויסע עפֿענונג אײנעם אײז צום באָדן זיך פֿאַר די געצײלטע „טשודאַקעס" אין וואַרשע... אײנער פֿון די דאָזיקע „טשודאַקעס" איז אויך געווען פּינעס. נישט אומזיסט, אַפּנים, איז ער פֿיזיש פֿאַרהאַרטעוועט און קען צו זײנע 80 יאָר (עד מאה ועשרים!) זײן טעטיק און אַרבעטזאַם אויפֿן ליטעראַרישן געביט. ער איז דער בעסטער מוסטער פֿון „מענס סאַנאַ אין קאָרפּאָרע סאַנאַ".

דערמאָן איך אויך אַ תפיסה־עפּיזאָד פֿון פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת די צאַרישע צײטן, בעת מיר איז צופֿעליק אויסגעקומען צו זיצן אין דער וואַרשעווער תפיסה אויף ספּאָקאָינע־גאַס צוזאַמען מיט פּינעסן. מיך האָט אַ געהײם־אַגענט אַרעסטירט אויף גזשיבאָווסקע־גאַס (סתם אַזוי, פֿאַר מײנע „פּאָעטישע" לאַנגע האָר און שוואַרצער בינדע...) און פּינעסן האָט מען אין דער תפיסה געבראַכט מיט אַ גאַנצער גרופּע „ס.ס.'אָווצעס", וואָס מ'האָט אַרעסטירט אויף אַן אומלעגאַלער פֿאַרזאַמלונג. צוזאַמען

מיט פּינעסן איז אין דער גרופּע אויך געוועזן דער דעמאָלטיקער „ס.ס.״־ישער לידער יעקב לעשטשינסקי. דאָרט אין תּפיסה זיינען מיר אַלע „געזעסן״ אין איין גרויסער קאָלעקטיווער קאַמער אין משך פון וואָכן, און איך, ווי אַ יוגנטלעכער (דעמאָלט איז דער אונטערשייד אין יאָרן געווען שאַרפער), האָב מיט אַ באַזונדערן אינטערעס זיך טאָגטעגלעך צוגעהערט צו די וואָגיקע שמועסן פון די עלטערע אויטאָריטעטן: פון לעשטשינסקין, פּינעסן און נאָך איינעם אַן אינזשעניער, וואָס זיין נאָמען געדענק איך נישט.

דערציילנדיק יענעם עפּיזאָד, האָב איך אויך דערמאָנט, ווי יעדן טאָג פלעגט מען פּינעסן אַריינשיקן „פון דער פריי״ אַ היימישן מיטאָג, בעת מיר פלעגן מוזן עסן פון טורמע־קעסל די זויערע זופּקע מיט פּאָרציעס פלייש, אָנגעטשעפּעט שטיקלעכווייז אויף אַ העלצל.

זיינען אַלע געוועזן טשעקאַווע:

— חבר פּינעס, ווער האָט עס אייך דעמאָלט אַריינגעשיקט די היימישע מיטאָגן? זאָגט אויס!

— איינע אַ מיידל... — ענטפערט פּינעס מיט אַ שמייכל.

— וואָס איז געוואָרן דער סוף פון דעם מיידל?

— דער סוף איז געווען, אַז זי איז שפּעטער געוואָרן מיין פרוי...

ווערט דער עולם הייטערער. פאַרשיט מען ווייטער פּינעסן מיט פראַגעס וועגן זיין פאַרביקער פאַרגאַנגענהייט; וועגן זיין באַקאַנטשאַפט מיט פּרצן אין די יאָרן פון דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט״. דערציילט פּינעס פאַמעלעך איין עפּיזאָד נאָכן אַנדערן.

פרעגט אים סוצקעווער:

— כ׳האָב געהערט, אַז איר האָט זיך אַמאָל באַטייליקט אין אַן עקספּראָפּריאַציע. איז עס אמת?

— יאָ, אַזוי איז עס טאַקע געווען.

און פּינעס דערציילט וועגן יענע פרילינגדיקע רעוואָלוציאָנערע צייטן, ווען ייִדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן נאָך געהאַלטן פון עקספּראָפּריאַציעס און אַז ער אַליין האָט זיך, אַלס יוגנטלעכער, באַטייליקט אין אַן אָנפאַל אויף אַ ייִדישן בורזשוי.

— וואָס האָט איר געפאָדערט פון דעם ייִדישן בורזשוי?

— געלט האָבן מיר געפאָדערט. די פּאַרטיי־קאַסע איז געווען פּוסט.

— נו, איז עס געווען מיט דערפאָלג? מיט וואָס האָט איר אים געצוווּנגען, דעם בורזשוי?

— מיט וואָס? מיט רעוואָלווערן. מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן.

— האָט ער גלייך קאַפּיטולירט?

— ער האָט זיך מיט אונדז געדונגען און עפּעס אָפּגעדונגען פון דער סומע, וואָס מיר האָבן געפאָדערט.

— ייִדישע גזלנים... — באַמערקט ווער.

און אַזוי פליסן די דערמאָנונגען, די זכרונות פון אַ פאַרגאַנגענער צייט. אַ סך זאַכן נעמט מען היינט אויף מיט אַ שמייכל.

צווישן די פראַגע־שטעלערס צו פּינעסן וועגן דער פאַרשווונדענער עפּאָכע איז אויך געווען דער דערציילער מ. קאַרפּינאָוויטש (דער איצטי־קער רעדאַקציע־סעקרעטאַר, נאָך מענדל מאַן). נאָך יעדער פראַגע — מען האָט פּינעסן פּשוט געדאַרפט „ציִען ביי דער צונג״... — האָט פּינעס גע־וועבט זיינע זכרונות אויפן קול. ער איז געזעסן במסבין אויף זיין פּלאַץ, זיך געריבן דעם שטערן, זיך דערמאָנט עפּעס אַנדערש און דערציילט; איז אַריין ווי אין אַ טראַנס. ער רופט־אָן אַ רייע נעמען פון רעוואָלוציאָנערע העלדן פון דער פּוילישער גאַס — און נישט נאָר פון דער פּוילישער גאַס. — ווען ער האָט פּערזענלעך געקענט און טייל האָבן שפּעטער אויך גע־שפּילט אַ ראָלע אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער איבערקערעניש פון 1917.

עס קומען פראַגעס:

— פאַר וואָס פאַרשרייבט איר נישט אייערע זכרונות? פאַר וואָס גיט איר זיי נישט אַרויס אין בוכפאָרעם?

פּינעס דריקט מיט די אַקסלען. מסתמא האָט ער יאָ שוין אַ ביסל פאַרצייכנט; אָבער ער האָט, אַפּנים, נישט דעם יצר־הרע צו פּרסום; אַרויס־צוקומען אין דער עפנטלעכקייט. מהאי טעמא האָט ער בשום אופן נישט מסכים געווען אויפן פאָרשלאָג פון קאָלעגן־שרייבערס מ׳זאָל אים מאַכן אַן עפנטלעכע יובל־פייערונג אין שרייבער־פאַראיין אָדער ערגעץ אַנדערש. ער האָט קאַטעגאָריש געענטפערט:

— אַז איר ווילט מיר דווקא מאַכן אַ יובל־פייערונג, מאַכט אייך גע־זונטערהייט; אָבער איך וועל נישט קומען...

פּינעס איז דער מענטש, וואָס לעבט שוין זינט יאָרן אין שאָטן. ער טראָגט זיין וועלט, זיין גייסטיקע וועלט אין זיך, פאַר זיך. און זיין וועלט איז אַ רייכע, אַ פאַרביקע. געהערט ער דאָך צו יענעם דור אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך דערצויגן אויף דער רייכער רוסישער ליטעראַטור — און נישט

נאָר רוסישער. וועגן טשעכאָוון רעדט ער נאָך איצטער אויך מיט התפּעלות. ער האָט תמיד געלעבט אין דער וועלט פון אידעען, מיט די ווערק פון די קאָריפייען פון דער וועלט־ליטעראַטור און ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך די גייסטיקע ווערטן און שיינקייטן פון קולטורן אין לשון רבים.

ביז גאָר פּאַטעטיש האָט גערעדט אויף דער מסיבה וועגן פּינעסן דער עסייִסט מ. גראָס־צימערמאַן. גראָס־צימערמאַן איז אַן אָריגינעלער וואָרט־פורעמער סיי אין שרייבן, סיי אין ריידן. ער האָט מיט זיין עלאָקווענץ פּי־נעסן אַרויסגעהויבן און אים מזכה געווען מיט פיל שבחים, מיט פיל שיינע עפּיטעטן.

בעת גראָס־צימערמאַן האָט גערעדט, האָב איך באַמערקט, אַז ערגעץ אין אַ זייט האָט מ. קאַרפּינאָוויטשעס ברודער — דער אַדמיניסטראַטאָר פון „די גאָלדענע קייט" און מיטאַרבעטער פון די „לעצטע נייעס" — מאַ־ניפּולירט מיט אַ גראַבאַדאָר. ד"ה, אַז גראָס־צימערמאַן האָט עס גערעדט אין אַזאַ יום־טובדיקן טאָן פאַר דער לענטע — פאַר דער „אייביקייט"... אַגב: שפּעטער האָט גראָס־צימערמאַן אָפּגעדרוקט אין די „לעצטע נייעס" אַן אַרטיקל וועגן פּינעסן. און זיין רעדע אויף דער מסיבה איז געווען דער תמצית פון זיין אַרטיקל).

— ווען איך וואָלט פריִער באַמערקט דעם גראַבאַדאָר, וואָלט איך זיך אויך באַמיט צו ריידן מער יום־טובדיק וועגן פּינעסן... — האָב איך צו־געגעבן אין שפּאַס.

אויך מרדכי צאַנין האָט אָנגעשלאָגן דעם ריכטיקן טאָן אין זיין וואָרט וועגן דעם הויפּטהעלד פון דער מסיבה — דעם אייגנאַרטיקן אליעזר פּינעס — דעם דינאַמישן בן־שמונים.

דער דאָזיקער פּרייטיק־צו־נאַכט אין תל־אביב האָט אין מיר אויפגע־וועקט אַ סך נאָסטאַלגיע. ס'איז געווען אַ שטימונגפולער אָוונט פון זכרונות.

## ב.

# ביי יידישע שרייבערס אין ישראל

די צייט אין ישראל שווינדט ביי מיר אין כסדרדיקער באַוועגונג: אין אַרומפאָרענישן איבער דער מדינה, איבער שטעט און קיבוצים. „פערפעטואום מאָבילי״. עס גלוסט זיך אַלץ מער צו זען, אויפצונעמען וואָס מער מערקווערדיקייטן, שיינקייטן. שלינגסטו די פּייזאַזשן פון גליל, די פּראַכט פון כנרת, די אויסטערלישקייט פון די הרי־יהודה, די מיסטישקייט פון ירושלים, דעם נס פון די אויפבלי־פּונקטן אינעם נגב, אין סדום און אילת.

און אַז מען באַזוכט שטעט — קומען אויפנאַמעס. אויפנאַמעס ביי היימישע, ביי פריינד, ביי לאַנדסלייט, ביי שרייבערס. מיט טייל שרייבערס אַדורכגעגאַנגען צוזאַמען די נע־ונד־יאָרן אין רוסלאַנד, צי שפּעטער — נאָך דער מלחמה — אויף די חורבות פון פּוילן.

צו ערשט אַ גאַסטפריינטלעכע אויפנאַמע — אייגנטלעך אַ פּרעסע־קאָנפערענץ — אין „בית סוקולוב״, אין ישראלדיקן זשורנאַליסטן־פאַרבאַנד, אַראַנזשירט און אָנגעפירט פון דינאַמישן גענ׳ סעקרעטאַר משה רון. עס זיינען געקומען פאַרטרעטערס פון אַלע צייטונגען און פון אַן אינפאָרמאַציע־אַגענטור אין תל־אָביב. נאָך משה רונס חברלעכער באַגריסונג (איז דאָך רון — דאַנציקערקראָן — אַ היימישער פון וואַרשעווער טלאָמאַצקע 13) איז געקומען מיין וואָרט, מיין גרוס פון ייִדישן אַרגענטינע, און צום סוף פראַגעס פון זשורנאַליסטן. דער עיקר האָט זיי אינטערעסירט די פראַגע וועגן אַנטיסעמיטיזם, וועגן דער „טאַקואַראַ״ אין אַרגענטינע... איך האָב זיך צו מאָרגנס געחידושט וואָס דער באַריכט וועגן דער מסיבה איז כמעט אין אַלע העברעיִשע צייטונגען געווען געדרוקט אין איין נוסח, אַפילו אונטער איין און דעם זעלביקן „קאַפּ״. און דערמאָנט איז געוואָרן נישט אַלץ, וואָס איך האָב גראָד געוואָלט ברענגען צו דער ישראלדיקער עפנטלעכקייט. האָב איך אויסגענוצט די גאַסטפריינטשאַפט פון דער ייִדישער צייטונג „לעצטע נייעס״ און דאָרט פאַרעפנטלעכט מיין גאַנצן גרוס פון ייִדישן אַרגענטינע אין אַלע אַספּעקטן — פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע — אין צוויי המשכים.

שפּעטער איז געקומען אַ קבלת־פּנים־אָוונט אין ייִדישן ליטעראַטן־פאַראיין אויף רחוב דוב הוז 25. דער „קעלער״ איז געווען איבערגעפּולט און די ווענט האָבן געשוויצט. געקומען אַ גרויסער עולם. עס האָט נישט געפעלט די אַרגענטינער קאָלאָניע, דער עיקר פון בת־ים, אָדער די „בת־

ימצעס", ווי זיי רופן זיך אין שפּאַס. אָנגעפירט מיטן אָוונט האָט דער שרייבער־פּליט יצחק טורקאָוו און די הויפּטרעדע, אַ גאַנצע עסיי וועגן מיר, האָט געהאַלטן דער שרייבער יעקב פּילאָווסקי (אַן עולה חדש), אַ היימישער, אַ טשילענער, וואָס פלעגט אָפּט באַזוכן בוענאָס־איירעס. זכרונות וועגן בשותפותדיקע נע־ונדן אין סאָוויעטישן מיטל־אַזיע האָט דערציילט דער שרייבער־פּליט ד. זאַקאַליק. אין קינסטלערישן טייל האָבן זיך באַטייליקט מיינע אַלטע גוטע פריינד פון די נאָך־מלחמה־יאָרן אין פּוילן און שפּעטער אין אַרגענטינע, די פּאָלקס־זינגערין רבקה קליניצקי און איר מאַן, דער קאָמפּאָזיטאָר לעאָן ווײַנער, וועלכע זיינען גראָד דעמאָלט אויך געווען מיט אַ באַזוך אין ישראל. האָבן זיי מהנה געווען דעם ישראלדיקן עולם מיט מתיקותדיקן ייִדישן געזאַנג. אויך זיי זיינען אויפגענומען געוואָרן ווי אָנגעלייגטע געסט. אַ ספּעציעלע אַטראַקציע איז אויך געווען דער אויפטריט פון מיין אַרגענטינער פריינד, דעם שוישפּילער און וואָרטמייסטער זלמן הירשפעלד (אויך אַן עולה חדש), וועלכער האָט מייסטערהאַפט אינטערפּרעטירט מיין הומאָרעסקע „צוויי גיבורים", וואָס האָט געבראַכט דעם עולם צו שטורמישע אויסברוכן פון געלעכטער. אַזוי אַז דער גאַנצער אָוונט איז באַשטאַנען כמעט פון בלויז שרייבערס און קינסטלערס — פּליטים, טוריסטן און עולים־חדשים, — ווי לויט עמעצנס רעזשי...

**
*

און אַז איך בין געווען מערערע מאָל אין ירושלים — ווי זשע באַזוכט מען נישט מיינע אַלטע וואַרשעווער פריינד און חברים (געוועזענע „ס.ס.־אָווצעס") ד"ר יוסף קרוק און זיין פרוי ד"ר אירענע קרוק? ד"ר אירענע קרוק (אָדער היימישער: ראַיאַ) ליידט פון איר עלטער; אָבער איר מחשבה איז קלאָר און ס'איז גוט צו הערן פון איר די זכרונות פונעם פאַרשווונדענעם נעכטן — פון די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות אין פּוילן *.

און ער אַליין, ד"ר יוסף קרוק, איז אַ מפא"י־טוער; איז נאָך אַקטיוו ווי אַ שרייבער, ווי אַ פּובליציסט. לעצטנס אַרבעט ער איבער אַ גרויס ווערק — זכרונות וועגן די שטורמישע רעוואָלוציאָנערע יאָרן. אַחוץ דעם, גרייט ער צו צום דרוק אַ בוך פּאָרטרעטן פון באַרימטע פיגורן, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין דער אינטעלעקטועלער וועלט: שרייבערס, פּאָליטי־

* ד"ר אירענע קרוק איז שוין איצט, אין 1968, נישטאָ צווישן די לעבעדיקע.



אויף דער אויפנאַמע אין בית־סוקולוב. **פון לינקס: פאַני זאַק, אַברהם זאַק, גענ׳ סעקרעטאַר פון „אַגודת העתונאים״ משה רון, די זשורנאַליסטן: מרים וואָלמאַן־סעראַטשעק און יצחק רימון ע״ה.**

קערס, פּירערס פון באַוועגונגען — סיי ייִדישע, סיי נישט־ייִדישע. הגם ד״ר קרוק איז צווישן ביידע וועלט־מלחמות געווען אין פּוילן אַ פּאָליטיקער, אַ מאַסן־רעדנער, אַ פּירער פון אַ פּאַרטיי, פון דעסט וועגן איז ער אין עצם וועזן געווען אַ ראָמאַנטיקער. און איבער פון זיינע שענסטע פּאָרטראַגן (אויף טלאָמאַצקע 13) איז געווען וועגן „אונדזער" היינריך היינע, דעם סענטימענטאַלן זינגער פון ליבע און שיינקייט; דעם פּאָעט וואָס האָט אין מאָמענטן פון רעבעלישקייט געחוזקט מיט זיין שאַרפער סאַטירע איבערן פּרייסישן יונקערטום און האָט לסוף געמוזט עוקר זיין פון זיין דיסעלדאָרף אין פּאַריזער גלות. און דאָרט טאַקע האָט ער אויך געפונען זיין אייביקע רו אויפן מאָנמאַרטער בית־עולם (און אַגב בשכנות פון דער קאָמעליען־דאַמע...).

און ווי זשע באַזוכט מען אויך נישט אין ירושלים די קאָלעגן שרייבער־פּליטים אַהרן צפנת, לייב ראָכמאַן, אפרים שעדלעצקי? אַלע אַרבעטן זיי אין ראַדיאָ „קול ישראל" ביי דער ייִדיש־אוידיציע *.

און אַז מ'איז אין ירושלים — ווי אַ גאַסט פון אַרגענטינע — קומט אויך די באַערונג פון די אָרטיקע שרייבערס און זשורנאַליסטן, די אָפּטיילונג פון „בית סוקולוב". באַרגעסט זיך טאַקע נישט יענע פריינטלעכע און האַרציקע אויפנאַמע ביי אַ מיטאָג־טיש אין דער דאָזיקער שרייבערישער סביבה, אונטערן פאָרזיץ פון אַקטיוון זשורנאַליסט אַריה צמוקי; די וואַרעמע באַגריסונגען פון קאָלעגן (צמוקי, קרוק, ראַכמאַן, פון אונדזער היימישן יצחק הרכבי א״אַ); דער מיינונג־אויסטויש וועגן ייִדיש לעבן דאָ און דאָרטן; וועגן תפוצות און ישראל וכדומה. אין „בית סוקולוב", דאַרפט איר וויסן, איז נישטאָ קיין חילוק צווישן ייִדיש־שרייבערס און עברית־שרייבערס. אַלע אַרבעטנדיקע זשורנאַליסטן, אין וואָסער שפּראַך עס זאָל נישט זיין, זיינען אונטערן פליגל פון „בית סוקולוב". אַזוי דאָ אין ירושלים, אַזוי אויך אין דער צענטראַלע, אין תל־אביב, ווו ייִדישע צייטונגס־מענטשן פון דער פרעמד ווערן אויפגענומען מיט דער זעלביקער אויפריכטיקער גאַסט־פריינדשאַפט. דער גייסט פון פאַרברידערונג פאַראייניקט אַלעמען. אַנדערש איז עס בשכנות פונעם „בית סוקולוב" — איך מיין אין „בית טשרניחובסקי", ביי דער „אגודת הסופרים", ווו עס פילט זיך: „ייִדיש־שרייבערס ניט

---

* אויך אַהרן צפנת איז שוין אויפן עולם־האמת.

זשעלאַיעם"... אָבער אפשר וועט די צייט אויך יענע פּען־מענטשן געבן אַ לעקציע און זיי וועלן ענדערן זייער קנאישע איינשטעלונג? ונראה, מיר וועלן זען. מעטאַמאָרפאָזעס זיינען תמיד און אומעטום נאַטירלעך אין אונדזער געשיכטע.

***

און זאָל אין דער דאָזיקער סעריע אויך דערמאָנט ווערן די מסיבה אין י. ל. פּרץ־פּאַרלאַג, אויף אַלנבי 31 אין תל־אָביב — די היים פון „אַחדות העבודה־פּועלי ציון". די דאָזיקע אַרבעטער־היים איז אַ זייער וויכטיקע פּאָזיציע פון ייִדיש אין ישראל: קודם־כל דער פּרץ־פּאַרלאַג, וואָס האָט שוין ביז איצט אַרויסגעגעבן אַ גאָר היפּשע צאָל ביכער פון ייִדישע שרייבערס פון ישראל און פון דער וועלט (אמת, פון שרייבערס, וואָס באַזאָרגן דעם ביודזשעט פון זייער בוך... אָבער וועלכער פאַרלאַג האַנדלט איצט אַנדערש?...) והשנית, די ביבליאָטעק — די גרעסטע ייִדישע ביבליאָטעק אין ישראל, וואָס פאַרמאָגט טויזנטער אַבאָנענטן, וועלכע לייענען ייִדישע ביכער.

די מסיבה אין פּרץ־פּאַרלאַג איז אַראַנזשירט געוואָרן פאַר מיר און פאַר דעם פּאָעט משה שולשטיין פון פּאַריז. די מסיבה — ביי געדעקטע טישן — איז געווען באַזוכט פון שרייבערס, קולטור־ עסקנים, פונעם אַקטיוו פון דער דערמאָנטער פּאַרטיי. אָנגעפירט מיט דער מסיבה האָט דער פּועלי־ציוניסטישער וועטעראַן יעקב זרובבל — דער שרייבער און טריבון *.

עס האָט מיך דעמאָלט געפרייט צו זען זרובבלען נאָך אַן אַקטיוון און דינאַמישן. האָב איך דאָך גוט געקענט זרובבלען נאָך פון וואַרשע, צווישן ביידע וועלט־מלחמות. אַ באַקאַנטע פיגור פון טלאָמאַצקע 13, ווו אויך זיין פרוי פרידאַ האָט ניט געפעלט אויף די ליטעראַרישע אָוונטן און פאַרוויילונגען, אַראַנזשירטע פון ליטעראַטן־פאַראיין. אַ חוץ שרייבער איז זרובבל געווען אין פּוילן דער מנהיג פון אַ פּאַרטיי, אַ שול־עסקן, אַ מיטבויער פון די „ציש״אָ"־שולן אין פּוילן. ווער האָט אין פּוילן נישט געקענט זרובבלען? איז ער דאָך געווען דער אָפטער גאַסט אויף אַלע טריבונעס פון די פּוילישע

* איצט שוין אַ שוכן־עפר.

שטעט און שטעטלעך, וועלכע זיינען אין די יאָרן פון חורבן און אומקום אַראָפּ פון דער ייִדישער מאַפּע...

און, פאַרשטייט זיך, אויך אין דער ייִדישער מדינה איז זרובבל געווען אַ פּאָפּולערע פּערזענלעכקייט און פאַרנומען אַן אָרט ביי דער מזרח־וואַנט פונעם אָרטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין 1960, בעת מיין צווייטן באַזוך אין ישראל, בין איך געווען ביי אים אין הויז אויף אַ היימישער מסיבה לכבוד זיין ווערן אַ בן שבעים וחמש; נו, און אין 1965 איז ער שוין גע־קומען צו גבורות. זרובבל אָבער האָט זיך נישט גערעכנט מיט יאָרן און ער איז נאָך געווען אַקטיוו אויף אַ ריי געביטן, סיי אין זיין פּאַרטיי, סיי אין ועד־הפועל, ווו ער האָט אָנגעפירט מיטן אַרכיוו. ער איז נאָך געווען רי־רעוודיק און געלאָפן פון איין אַסיפה צו דער אַנדערער.

אויף אונדזער מסיבה האָט זרובבל געהאַלטן די דערעפענונג־רעדע — מיט קלאָרקייט פון געדאַנק, מיט עספּרי. ער האָט נאָך אויסגעהערט מיינע און שולשטיינס ווערטער און איבערגעגעבן דעם פּאָרזיץ דעם פאַרוואַלטער פון פּרץ־פאַרלאַג, דעם שרייבער א. ליס, און אַליין האָט ער געמוזט אַוועק־איילן צו אַן אַנדער אַסיפה, וואָס האָט אויף אים ערגעץ געוואַרט... האָט א. ליס אַליין גערעדט און דאַן געגעבן ווערטער אַנדערע שרייבערס — צווישן זיי דעם ד״ר יחיאל האָפער — און אַלץ האָט זיך געדרייט אַרום איינס און דעם זעלבן: ייִדיש־גייסטיקער קיום אין די תפוצות און די ראָלע פון ישראל; די מערכה פון ייִדישן שרייבער און ייִדישן בוך אין דער וועלט און אין ישראל; ייִדיש אין די תפוצות און ייִדיש אין ישראל. פון אַלעמענס רייד האָט זיך געלאָזט מאַכן איין אויספיר: עס מוז צעמענטירט ווערן די בריק, די אָרגאַנישע פאַרבינדונג צווישן ישראל און די תפוצות, כדי די ייִדישע קולטור אין ביידע לשונות זאָל האָבן אַן אַחיזה, זאָל געשטאַרקט און גע־קרעפטיקט ווערן דורך די קעגנזייטיקע השפעות.

***

און ס׳גלוסט זיך אויך צו פאַרצייכענען אַ מסיבה פאַר מיר אינעם רחבותדיקן, געמיטלעכן הויז פון שרייבער מרדכי צאַנין (רעדאַקטאָר פון „לעצטע נייעס״). אַ מסיבה ערב אַחרון של פּסח. ס׳זיינען בייגעווען עטלעכע צענדליק פּערזאָנען: שרייבערס, זשורנאַליסטן, אַקטיאָרן, קינסטלערס. אין ערשטער ריי — אַחוץ די גאַסטגעבערס מרדכי צאַנין און זיין פרוי דאָראַ — דער גאַנצער רעדאַקציע־פּערסאָנאַל, — די מיטאַרבעטערס עובדיה פעלד,

די ברידער קאַרפּינאָוויטש, יצחק בראַט מיט זייערע פרויען; דער וואַנדערנ־
דיקער קינסטלער־רעציטאַטאָר הערץ גראָסבאַרט; די אַקטריסע עני ליטאַן,
וועלכע האָט, אַגב, געהאַט גרויס דערפאָלג מיט אירן אַ ספּעקטאַקל פון
ערנסטן רעפּערטואַר. געוועזן נאָך אַנדערע אַרטיקע פּערזענלעכקייטן. עס
איז געווען אַ יום־טובדיקער אָוונט, אָן רעדעס, אָבער געמיטלעך און היי־
מיש. נאָכן יום־טובדיקן אָוונטברויט איז מען געזעסן גרופּקעסווייז אין די
גערוימיקע חדרים און אויף דער אָפענער ווערענדע און ס׳האָבן זיך געוועבט
שמועסן וועגן אַקטועלע ישראלדיקע און וועלטלעך־ייִדישע ענינים. עס
האָט אָפּגעפרישט די דופּטיקע פרילינג־לופט, וואָס האָט אַריינגעדרונגען
דורך דער אָפענער ווערענדע און עס האָבן אויך אויפגעמונטערט די קאַלטע
משקאות, וואָס די גאַסטפריינטלעכע באַלעבאַטים האָבן סערווירט.

אין מיין שמועס מיט צאַנינען איז באַרירט געוואָרן דער עיקר די
מערכה פון ייִדיש אין ישראל. ווי קוקט ער אויף דעם ענין? ער האָט פאַר
מיר אייגנטלעך איבערגעחזרט דאָס, וואָס ער זאָגט מוטיק אַרויס פון צייט
צו צייט אין זיין צייטונג, אַז ייִדיש ווערט נאָר טאָלערירט, אָבער נישט
געשטיצט. און אַ מאָל, אַ מאָל איז עס ווייניקער ווי טאָלעראַנץ: עס כאַפּט
זיך נאָך אַרויס אויך אַ דיסקרימינאַציעלע לגבי ייִדיש מצד אַ פּאָליטיקער
אַ קנאַי.

דערציילט מיר, אַגב, צאַנין וועגן אַזאַ מין דערשיינונג: טייל וויסנ־
שאַפטלערס אין ישראל מוזן אַרויסגעבן זייערע ביכער אין ענגליש און
נישט אין עברית, ווייל אין עברית איז נאָך נישט באַשאַפן געוואָרן די גע־
העריקע טערמינאָלאָגיע פאַר געוויסע וויסנשאַפט־געביטן. דאָס מיינט צו
זאָגן, אַז די געפאַר פאַר עברית קומט נישט פון ייִדיש, נאָר דווקא פון ענג־
ליש. פון דעסט וועגן, וואָס שייך דעם לימוד פון ייִדיש, איז מען עקשנות־
דיק, עקסטרעם, — הגם די פאַרברידערונג מיט ייִדיש, מיט דער ייִדישער
טויזנט־יאָריקער קולטור, מיטן ייִדישן פאָלקלאָר קען נאָר באַרייכערן העב־
רעיִש. און פאַרקערט אויך דאָס זעלביקע. די פעולה איז אַ קעגנזייטיקע.
כל־זמן דאָס וועלן נישט פאַרשטיין אונדזערע מנהיגים פון דאָרטן און פון
דאָ, וועט אונדזער לעבן פאַרקריפּלט ווערן אַלץ מער און מער. און ווער
ווייסט צו וואָס מיר וועלן דערגיין דורך אָט די פאַלשע און שעדלעכע איינ־
שטעלונגען! און אין די תפוצות איז אָט די שעדלעכע פּאָליטיק פאַטאַל

פּאַר אונדזער לעבן. מיר בלייבן אַן אַ ייִדישער יוגנט! און דאָס מיינט: אַן ייִדישן המשך — — —

וועט ישראל דערפֿון געווינען?...

***

לאָמיר ווייטער אַריינקוקן אין די היימען פֿון די שרייבער־פּליטים, וואָס עס האָט מיך ספּעציעל אינטערעסירט. האָב איך גערן אָנגענומען די פּאַר־בעטונג פֿון בינם העלער, ישעיהו שפּיגעל, לייב אָליצקי, ד״ר יחיאל האָפּער, ד. זאַקאַליק. וואָס שייך זייערע דירות — אויף די שרייבער־פּליטים אין אַרגענטינע געזאָגט געוואָרן! און ווי אַזוי זיי לעבן? ווי ווער. טייל נעמען־אָן טעכניש־ליטעראַרישע אַרבעטן ביי פֿאַרלאַגן, ביי פּאַרטייִשע אויסגאַבעס; רעדאַגירן, קאָרעגירן וכדומה. דער עיקר, זיי זיינען שעפֿעריש און גיבן־אַרויס ביכער. אַגב, ביים אַרויסגעבן אַ בוך קומט אַנטקעגן דעם שריי־בער דער ליטעראַטן־פֿאַראיין מיט אַ געוויסן ביישטייער. דאָס רעשט מוז שאַפֿן דער שרייבער פֿון אַנדערע קוועלן (אויב ער האָט נישט קיין אייגענע). טייל שרייבערס (און דאָ מיין איך נישט נאָר די שרייבער־פּליטים) טראָגן זיך אַרום מיט פֿאַרדרוסן. ראובן אויף שמעונען און שמעון אויף לוין. זעט אויס, קיין צו־גרויסע „אידיליע" צווישן שרייבערס איז אין ערגעץ נישטאָ... עס טרעפֿן זיך אַפֿילו גאָר־גאָר פֿאַרביטערטע. עס נעמט זיך דערפֿון, וואָס געוויסע שרייבערס זיינען עגאָצענטריש און בלאָזן זיך. זיי מיינען, אַז זיי קומט די גאַנצע „אומשטאַרביקייט" און אַז פּלוני־אַלמוני איז מיט הונדערט קעפּ נידעריקער פֿון זיי... און אַז אַ סענסיבילער שרייבער שטויסט זיך אָן אויף אַזעלכע עגאָצענטריקערס, ווערט ער אַנטוישט, דעפּרימירט און ער אַנטלויפֿט פֿון דער שרייבערישער סביבה אין זיינע דלד־אמות. אָבער ווי געזאָגט: די דאָזיקע דערשיינונג טרעפֿט מען אומעטום, אין אַלע ליטעראַ־רישע סביבות, אין אַלע צעשפּרייטקייטן, און אַ שרייבער דאַרף פֿאַרמאָגן כאָטש אַ געוויסע דאָזע סטאָיִציזם און קוקן אויף אַזאַ בר־נש, אויף אַזאַ עגאָצענטריקער מיט גלייכגילט און אַ שמייכל.

צו די אָפּגעזונדערטע געהערט ישעיהו שפּיגעל. כ'האָב אים עטלעכע מאָל באַזוכט אין זיין שיינער דירה אין שכונת־בורוכוב אין גבעתיים, ווו איך האָב געוווינט. שפּיגעל האָט זיך לעצטנס פּענסיאָנירט פֿון זיין בוכהאַל־טערישער אַרבעט אין אַ משרד מחמת זיין שוואַכן געזונט. זיין פֿרוי אַרבעט אַלס לערערין אין אַ מיטלשול און העלפֿט־צו מיט פּרנסה. נו, האָט זיך

שפּיגעל אַראָפּגערעדט פון האַרצן. עוולות אַהער, עוולות אַהין... האָט ער זיך דערוויטערט פונעם ליטעראַרישן וועלטל און מ׳זעט אים מער נישט אין די שרייבערישע קיבעצאַרניעס, אויף שרייבערישע מסיבות און אַסיפות. ער האָט זיך פאַרשלאָסן אין זיין היים. און זיין היים — אַ באַרגיקע געגנט — איז אַרומגערינגלט מיט סאָסנע־ביימער. אַ פּרעכטיקע געגנט. די לופט איז דאָרט דופטיק און פריש. דורך איין פענצטער זעט מען פון דער וויטנס דעם ים. זיצט ער על התורה ועל העבודה און ער שאַפט. האָט ער לעצטנס אַרויסגעגעבן אַ ניי בוך נאָוועלעס א״נ „די בריק״. ישעיהו שפּיגעל האָט דורכגעמאַכט לאָדזשער געטאָ און זיינע געטאָ־דערציילונגען (אין זיינע ביכער „מלכות געטאָ״, „שטערן איבערן געטאָ״, „מענטשן אין תהום״, „ליכט פונעם אָפּגרונט״) האָבן געמאַכט אַ רושם. אויך אין טייל דערציילונגען פון זיין נייעם בוך „די בריק״ איז די טעמאַטיק — געטאָ.

בעת איינעם אַ באַזוך ביי ישעיהו שפּיגעל — צוזאַמען מיטן פּאָעט משה שולשטיין פון פּאַריז — איז שפּיגלען איינגעפאַלן צו גראַווירן אונדזערע רייד אויף זיין גראַבאַדאָר. ס׳איז געוועזן אין פאָרעם פון אַן אינטערוויו. כ׳האָב עס אָנגענומען ווי אַ מין ספּאָרט. סיי איך, סיי שולשטיין האָבן געענטפערט אויף שפּיגעלס פראַגעס. און די פראַגעס האָבן באַרירט שרייבערס און ליטעראַטור אין ישראל און אין די תפוצות. מ׳האָט געוויקלט די וועלטמאַפּע פון דער יידישער ליטעראַטור; זיך אָפּגעשטעלט אויף די אַלע געאָגראַפישע פונקטן, געמאַכט פאַראַלעלן. סיי די פונקטן, וואָס גיבן האָפענונג אויף אַ ליטעראַרישן המשך, סיי די פונקטן, פון וועלכע עס ווייעט מיט ירידה. ווי דור הולך ודור לא בא... ווי עס ווייזן זיך נישט קיין עפּיגאָנען. און — מערקווערדיק! — גראָד די יידישע ליטעראַטור אין ישראל פאַרמאָגט אַ „יונג־ישראל״. און נאָך מערקווערדיקער איז, וואָס דווקא אין רוסלאַנד, ווו די יידישע קולטור ווערט דערשטיקט אונטערן גראָבן סאָוויעטישן שטיוול, איז צוגעקומען אַ גרופּע נייע עכטע פּאָעטן! דעם ביטערן גורל אויף צו להכעיס...

אַזוי האָבן זיך דריי שרייבערס אַראָפּגערעדט פון האַרצן פאַרן גראַבאַדאָר — פאַר דער „אייביקייט״.

***

אַ באַגעגעניש מיט שרייבערס האָב איך אויך געהאַט אינעם אייגענעם צוויי־שטאָקיקן הויז, קיין עין־הרע, פון אַ וואַנדער־חבר — פון וואַרשעווער

שרייבער ד. זאַקאַליק, מיר האָבן, נישט היינט געדאַכט, צוזאַמען געגע־וגדע־וועט און געהונגערט מלחמה־צייט אין סאָוויעטישן מיטל־אַזיע. איצט לעבט זאַקאַליק תחת גפנו ותחת תאנתו; האָט אַ הויז מיט אַ שיין גערטנדל אויף רחוב ר. שטריקער אין תל־אביב. אין פּאַרטער האָט זיין פרוי אַ גן־ילדים, און ער אַליין איז אַ פּקיד אין שטייעראַמט. און נישט צו פאַרזינדיקן.

אויף דער מסיבה אין דאָזיקן הויז איז געווען אַ גרופּע שרייבערס מיט זייערע פרויען. צוו״אַנד: מ. גראָס־צימערמאַן, בינם העלער, מ. חלמיש. דאָ, ווידער, איז געווען אַן אָוונט פון דערמאָנונגען. די שרייבער־פּליטים (בינם העלער, זאַקאַליק און אַני הקטן) האָבן דערמאָנט און דערציילט. איז דאָך די בלוטיקע צייט טיף אַריין אין אונדזער וועזן און געדעכעניש, אין אונדזער לייב־און־לעבן. די היימישע „אוידיטאָריע״ האָט זיך צוגעהערט געשפּאַנט. די דאָזיקע מגילות זיינען לאַנגע און די, וואָס האָבן איבערגע־לעבט יענע טראַגישע יאָרן, וועלן אַ גאַנץ לעבן האָבן צו דערציילן.

**
*

איז מיר אויך געבליבן אין זכרון אַ שבת־צו־נאַכט־מסיבה ביים שריי־בער און שיין־רעדנער ד. ב. מאַלקין*. אַ היפּשע מסיבה געווען מאַנשי־שלומנו. שרייבערס, אַקטיאָרן. ד. ב. מאַלקין איז געווען אַ רעדנער בחסד עליון. כ׳געדענק אים נאָך גוט פון וואַרשע און נאָך דער מלחמה פון פּאַריז. מאַלקינס אַ רעפעראַט איז אויך געווען — אַ פאַרווייליונג. בעת מיין דריטן באַזוך אין ישראל איז מיר אויך אויסגעקומען צו הערן זיינעם אַ רעפעראַט וועגן מענדעלען אין יידישן ליטעראַטן־פאַראיין, אין „קעלער״. האָב איך געהאַט אַן אמתן נחת־רוח. מאַלקין האָט זיין רעפעראַט ממש אויסגעשפּילט. ער איז בעתן ריידן געווען סיי רעדנער, סיי אַקטיאָר. איז דער עולם גע־זעסן געשפּאַנט, ווי אויף אַ פיינער טעאַטער־פאָרשטעלונג. דער כוח פון אַ גוטן רעדנער!

אַגב: בעת מיר זיינען געווען אויף דער מסיבה ביי מאַלקינען אין הויז (אויף אַ פיינע דירה, פונקט אַנטקעגן האָטעל „שאַרענטאָן״ אויף רחוב בן־יהודה) איז פונקט אונטערגעקומען די שעה פון דער יידישער ראַדיאָ־אוי־דיציע אין „קול ישראל״. מאַלקין האָט געלאָזט הערן דעם ראַדיאָ און פונקט

* שוין אויך איצט אויפן עולם־האמת.

איז עס טאַקע געווען זיינע אַ רעדע וועגן די אַקטועלע פּאָרשטעלונגען אין די יידישע טעאַטערן פון ישראל.

זיינען אַלע אַנטשוויגן געוואָרן און מ׳האָט אויסגעהערט מיט אַ פאַר־כאַפּטן אָטעם.

**
*

נחת־רוח האָב איך אויך געהאַט פון די באַגעגענישן מיט מיין גוטן פריינד פון די וואַרשעווער יאָרן, מיטן שרייבער ד״ר יחיאל האָפער און זיין פרוי האַנקע. אָבער דער נחת־רוח איז געווען געמישט מיט עגמת־נפש. אמת, אַ דירה האָבן מיינע פריינד אַ פיינע, אין צענטער פון תל־אביב, אויף רחוב דיזנגוף; אָבער ער גופא, האָפער, איז נישט שווה־בשווה מיטן געזונט און פאַרברענגט צו פיל אין שפּיטאָל... דאָך, נישט געקוקט אויף זיין שוואַכן געזונט, איז האָפער זייער שעפעריש אַלס עסייִסט און דערציילער. אין משך פון זיינע נאָך־מלחמה־יאָרן (מלחמה־צייט האָט ער דורכגעמאַכט גלות־רוסלאַנד) האָט ער שוין פאַרעפנטלעכט אַכט ביכער, דערפון זיבן אין ישראל.

יחיאל האָפער האָט אין זיין סעריע ביכער „אַ הויף אויף מוראַנאָוו״, „ר׳ תנחום״, „ר׳ זלמן״, „אַמאָל״ פאַראייביקט אויף אַ קינסטלערישן אופן אַמאָליק יידיש וואַרשע מיט זיינע יידישע טיפּן, פּערסאָנאַזשן און שטייגער. ס׳איז אַ ווערטיקע מצבה נאָך אַ לעבן, וואָס איז פאַרשניטן געוואָרן לעולם ועד...

אַגב, דאָס „אָרגאַניזירן״ די אויסגאַבעס פון זיינע ביכער האָט האָפער היפּש צו פאַרדאַנקען זיין געטרייער עזר־כנגדו. אַ פרוי מיט אַ סך ענערגיע און איניציאַטיוו. איר, זיין פרוי, האָט ער אויך צו פאַרדאַנקען דעם נס פון זיין לעבן: מיט איר איבערגעגעבנקייט רייסט זי אים אַרויס פון זיינע צו־אָפּטע מחלות. און במילא איז עס אויך דער נס פון זיין שעפערישקייט.

**
*

אין איינעם אַ פרייטיק־צו־נאַכט האָבן מיר — איך און מיין פרוי, די באַגלייטערין אויף אַלע מיינע מסיבות — באַזוכט אין רמת־אביב די אַלמנה פון מיין פריצייטיק פאַרשטאָרבענעם אח לצרה אין סאָוויעטישן „גן־עדן״, משה גראָסמאַן ע״ה. אויף דער מסיבה איז אויך געווען דער פּאָעט יעקב פרידמאַן מיט זיין פרוי, וועלכע וווינען דאָרט בשכנות. משה גראָסמאַנס

טעכטערל איז פֿאַר דער צייט וואָס איך האָב זי נישט געזען אויסגעוואַקסן און זיך צעבליט ווי אַ רויז; אַ פּרעכטיק מיידעלע.

מיט פֿינף יאָר צוריק, אין 1960, בין איך דאָ געווען אין דער זעלביקער דירה. משה גראָסמאַן האָט נאָך דעמאָלט געלעבט און ער האָט געמאַכט פֿאַר מיר אַן אויפֿנאַמע אין זיין היים, אויך אין אַ פּרייטיק־צו־נאַכט. ער האָט דעמאָלט פֿאַרבעטן אַ פֿאַר מנינים שרייבערס; שרייבערס מיט באַקאַנטע נעמען אין דער ליטעראַטור, צווישן אַבאַ גאָרדין — פֿון דער אַנאַרכיסטישער גרופּע אין ישראל און דער רעדאַקטאָר פֿון איר אָרגאַן „פּראָבלעמען", — וועלכער איז שוין איצט אויך נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. אַלע האָבן זיך דעמאָלט אַרויסגעזאָגט אין זייערע באַגריסונג־ווערטער און אין אַנטוויקלטן מיינונג־אויסטויש, אַז איך מוז פֿאַרלאָזן דעם אַרגענטינער העק און זיך באַזעצן אין ישראל. ס'איז כמעט אָנגענומען געוואָרן אַ „רעזאָלוציע" פֿון אַלע פֿאַרזאַמלטע... פֿון אַלע — אַחוץ פֿון אבא גאָרדין, וועלכער האָט געטענהט, אַז אַ שרייבער איז נייטיק אומעטום; אַז אין אַרגענטינע קען אַ ייִדישער שרייבער ברענגען מער נוצן ווי אין ישראל; אַז דער שרייבער דאַרף זיך אַליין אָפּגעבן חשבון ווו ס'איז פֿאַר אים פֿאַראַן אַ מער גינסטיק שאַפֿונג־פֿעלד.

— אין פּרינציפּ — האָב איך דערקלערט אויף דער מסיבה — שטים איך אויך מיט בײדע הענט פֿאַר דער „רעזאָלוציע"; אָבער מיט דער „רעזאָלוציע" אַליין קאָן מען נאָך, צום באַדויערן, נישט באַזייטיקן די מניעות... און גראָד וואָלט זיך מיר זייער און זייער געוואָלט זיין מיט אייך, האַרציקע חברים. אין דער קליינער אָרעמער שרייבערישער סביבה פֿון אַרגענטינע פֿעלט אַזאַ אינטימע האַרציקייט בין שרייבער לשרייבער...

כ'דערמאָן זיך: ס'איז דעמאָלט אַוועק אַ שמועס מכח דער נישט פֿריינטלעכער באַציִונג מצד די העברעיִשע שרייבערס צו די ייִדישע. מען האָט דערציילט נישט־סימפּאַטישע ביישפּילן וועגן פּלוני און אלמוני. אין מיטן דעם שמועס האָט זיך אבאָ גאָרדין צעבייזערט:

— וואָס ווערט איר נתפּעל פֿון די העברעיִשע שרייבערס? פֿאַראַן שוין איצט אין ישראל גרעסערע ייִדישע שרייבערס, גרעסערע ייִדישע פּאָעטן ווי די העברעיִשע... ייִדישע שרייבערס דאַרפֿן האָבן מער מוט, דאַרפֿן זיין קעמפּעריש קעגן די אַלע עוולות, פֿאַר זייערע רעכט, פֿאַר זייערע פּאָזיציעס.

יאָ קעמפּעריש... וואָס שייך משה גראָסמאַנען, איז ער יאָ גראָד געווען

קעמפּעריש אין זיין זשורנאַל „היימיש״, וואָס ער האָט עקשנותדיק אַרויס־געגעבן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

דערמאָנען מיר טאַקע איצט, אויף דער מסיבה אין 1965, אינעם שמועס מיט יעקב פרידמאַנען דעם אונטערגעגאַנגענעם „היימיש״, וואָס איז געוואָרן פּאָפּולער אין ישראל — און נישט נאָר אין ישראל. משה גראָסמאַן האָט אינעם זשורנאַל איינגעשטעלט אַן אייגנאַרטיקן נוסח מיט זיינע אַריינזאָגענישן ווען מען דאַרף (און אַ מאָל אפשר אויך ווען מען דאַרף נישט...); מיט זיינע שטעכלקעס און שפּילקעס... האָט זיך טאַקע משה גראָסמאַן — אַחוץ אָנהענגערס פונעם זשורנאַל — אויך אָפּגע־שפּאָרט אַ ביסל קעגנערס, אַ ביסל אומצופרידענע.

און די אלמנה גראָסמאַן באַקלאָגט זיך:

— עס זיינען געבליבן נאָך משה גראָסמאַנען זיינע שריפטן. איין בוך האָט ער שוין כמעט אין גאַנצן צוגעגרייט צום דרוק. עס פעלט נאָך אַ ביסל אַרבעט ביים ענדיקן צוגרייטן די מאַנוסקריפּטן צום דרוק. און דאָס קאָן טאָן אַ באַרופענער, אַ שרייבער. פעלן אָבער אויך מאַטעריעלע מיטלען דערצו.

האָט זי פּאַראיבל אויף דער פאַרוואַלטונג פון ייִדישן שרייבער־פּאַר־איין, וועלכער העלפט יאָ מיט אַ געוויסער סומע די מיטגלידער וואָס גיבן אַרויס זייערע ביכער.

שמועסנדיק מיט יעקב פרידמאַנען האָב איך אין אים נישט געזען דעם מענטשן, וואָס קאָן איר דערין עפּעס העלפן: כ׳האָב באַלד אַרויסגעפילט, אַז יעקב פרידמאַן איז אַ מענטש אַ יחידותדיקער, וואָס קהלט זיך אין ערגעץ נישט; וואָס מישט זיך אין ערגעץ נישט; וואָס איז זיך נאָר מתיחד מיט דער מוזע...

און איך, ווי אַ פרעמדער, קאָן דאָ אַוודאי גאָר נישט אונטערנעמען, כדי דער אלמנה מיטצוהעלפן אין איר הייסן ווילן אַרויסצוגעבן משה גראָסמאַנס לעצט בוך, וואָס ער אַליין האָט עס נישט באַוויזן ביים לעבן, וואָס איז אין מיטן איבערגעריסן געוואָרן...

ס׳איז אייגנטלעך די טראַגעדיע פון אַ סך, אַ סך שריפטן, וואָס פאַר־בלייבן, ווי פאַרלאָזענע יתומים, נאָך זייערע פאַרשטאָרבענע מחברים. ביים לעבן ציטערט דער שרייבער איבער יעדן בלעטל זיינעם, איבער יעדער שורה; היט עס אָפּ ווי דאָס אויג פון קאָפּ, מיט ליבשאַפט און פּיעטעט. איז דאָך דאָס שרייבן ביי אים דער תוך, דער קווינט־עסענץ פון זיין

לעבן. און טאָמער טרעפט אַ מאָל, אַז עפּעס אַ כתב־יד ווערט דורך אַ צו־פאַל ביי אים פאַרלוירן — איז עס פאַר אים ממש אַ ווייטאָגלעכע איבער־לעבעניש. דאַרף אַ שרייבער האָבן אַ באַזונדערן מזל, אַז לאחר מותו זאָל זיין זאָרג איבער זיינע כתב־ידן איבערנעמען אַ נאָענטער מענטש מיט אַ סך פּיעטעט צום פאַרשטאָרבענעם; מיט פּיעטעט און מסירת נפש. ווען נישט, פאַלן אַריין די כתבים אין הפקר, אין בעסטן פאַל ערגעץ אין אַן אַרכיוו פאַר די מייז... סיידן דער פאַרשטאָרבענער איז אַ שעקספּיר. דעמאָלט צאַצקעט מען זיך אין מוזייען מיט יעדן אויסגעפונענעם בלעטל זיינעם, מיט יעדער שורה זיינער. און מכל־שכן איז קיין פּראָבלעם נישט וועגן דרוקן זיינע פאַרבליבענע כתבים. פאַראַן דערויף אַפילו מלוכה־פאָנדן. עס געפינען זיך שוין יורשים, וואָס פּרעטענדיקן אויף די האָנאָראַרן. עס דערגייט אָפט אַפילו צו משפטים אין די געריכטן...

אָבער לאו כל השרייבער זוכה. נישט אַלע שרייבערס זיינען דאָך שעקספּירן....

ביי אונדז ייִדן איז די טראַגעדיע נאָך אַ טיפערע: ביי וויפל לעבעדיקע שרייבערס ליגן מאַנוסקריפּטן אין די שופלאָדן אָן אויסזיכטן זיי אַרויס־צוגעבן מחמת דעם פעלן פון מיטלען!

***

גלוסט זיך אויך דערמאָנען די וואַרעמע מסיבה אין בת־ים — ביי די „בת־ימצעס", די עולים חדשים פון אַרגענטינע: אינעם גאַסטפריינדלעכן הויז פון דוד און רעגינע שער. דוד שער איז אַמאָל געווען אַ מיטאַרבעטער אין בוענאָס־איירעסער „די אידישע צייטונג" און האָט זיך געהאַלטן תמיד נאָענט מיט די זשורנאַליסטישע קרייזן. די לעצטע יאָרן פאַר זיין עולה־זיין קיין ישראל איז ער געווען פאַרוואַלטונג־מיטגליד פון דער ליטעראַ־טור־געזעלשאַפט ביים ייִוואָ אין בוענאָס־איירעס. איז ער טאַקע געקומען קיין ישראל מיט אַ מיסיע צו גרינדן אויך דאָרטן אַן אָפּטייל פון דער לי־טעראַטור־געזעלשאַפט מיטן צוועק צו פאַרשפּרייטן די „מוסטערווערק פון דער ייִדישער ליטעראַטור". זיינען צוגעשטאַנען צו דעם קרייז די שריי־בערס יעקב פּילאָווסקי (אַן עולה פון טשילע) און מאיר בעזאָוויק, די אַק־

טיאָרן זלמן הירשפעלד און זישע גאָלדוואַסער (פון בוענאָס־איירעס) און אַנדערע *.

זייַנען כמעט אַלע געוועזן אויף דער דערמאָנטער מסיבה פאַר מיר און מייַן פרוי — ווי פאַר מיטגלידער פון דער ליטעראַטור־געזעלשאַפט און ווי פאַר סתם היימישע פון בוענאָס־איירעס. צו דער מסיבה זייַנען אויך געקומען דער געוועזענער אַרגענטינער און איצט ישראלדיקער עסקן מיכאל גרייווער און דער געוועזענער טוער פון בוענאָס־איירעסער וועד־החינוך, דער פעדאַגאָג לייבל גאָלד, דער זשורנאַליסט לודען פון די „לעצ־טע נייעס" און די זשורנאַליסטין מרים שיר־סעראַטשעק (קאָרעספּאָנדענטין פון „די אידישע צייטונג") און נאָך אַנדערע קולטור־געסט. איז עס פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַן אמתדיקער ליטעראַריש־קינסטלערישער מסיבה מיט רעדעס, רעציטאַציעס, געזאַנג־נומערן — כדת וכדין.

איך האָב באַמערקט, אַז די אַרגענטינער אין ישראל קלעפּן זיך צו די אַנדערע, פילן אַ משפּחהדיקע צוגעבונדנקייט, אַ באַזונדערע התקרבות צווישן זיך — ווי אַ לאַנדסמאַנשאַפט.

* *
*

זאָל צום סוף נאָך דערמאָנט ווערן די אויפנאַמע פאַר מיר און רעדאַק־ציע־קאָלעגע ניעמאַי ביי דער קאָרעספּאָנדענטין פון „די אידישע צייטונג", דער שרייבערין מרים שיר — סעראַטשעק, וועלכע איך קען גוט נאָך פון אַמאָליקן וואַרשע. אויך מיט איר פאָטער, דעם שרייבער י. ל. וואָלמאַן ע"ה, בין איך געווען באַפריינדעט. ער פלעגט מיטאַרבעטן אין וואַרשעווער „מאָמענט", וווהין ער פלעגט אַריינקומען מיט זיינע מאמרים. י. ל. וואָלמאַן האָט אויך געשריבן פאַרן טעאַטער און טייל פון זיינע פּיעסן זיינען געוואָרן אויפגעפירט אויף פאַרשיידענע בינעס אין פוילן און אין דער וועלט.

אין הויז פון די שירס זייַנען דאָס מאָל געווען פאַרבעטן נאָך עטלעכע אַנדערע פּען־מענטשן, צווישן זיי אַן עלטערער העברעיִשער שרייבער־פּעדאַגאָג, וואָס שרייבט פאַך־ביכער פאַר די ישראלדיקע לער־אַנשטאַלטן — אַזוי אַז זיינע ספרים צעגייען זיך אין גרעסערע טיראַזשן. אַזאַ מזל האָט נישט די בעלעטריסטיק, — ווי אומעטום אין דער וועלט.

ס'איז געווען אַן עכטע ליטעראַרישע מסיבה. מרים שיר האָט רע־

---

* פון דאָזיקן ישראלדיקן אָפּטייל און זיין מיסיע האָט זיך לסוף אויסגעלאָזט אַ טייך...

ציטירט סיי אירע אייגענע העברעיִשע שאַפונגען, סיי מוסטערן פון אַנדערע מחברים. און ס׳איז אַוועק אַ מיינונגס־אויסטויש וועגן אַלטער און נייער ליטעראַטור; וועגן אַלטע און נייע פאָרמען אין דער דיכטונג, וועגן אַמאָליקע שרייבערס פון וואַרשע און וועגן די איצטיקע שרייבערס אין נייעם ישראל וכדומה.

ג.

## יידיש אין ישראל

פון מיין איצטיקן — דריטן — באַזוך אין ישראל האָב איך געהאַט אַ סך נחת. אַזוי פיל גרינקייט אין פיל פריִערדיקע מדבריותן! אַזוי פיל נייע ישובים, אַזוי פיל פאַנאַנדערגעוואָקסענע שטעט און שטעטלעך מיט די מאָדערנע הייזער, וואָס בלאַנקען מיט זייער ווייסקייט; מיט פענצטערס, פענצטערס, אין וועלכע עס פלאַטערן שוין גאַרדינען און דערציילן פון אַ ניי, יונג לעבן...

פון די נייע שטעט טיילט זיך אויס אשדוד — מיט איר גרויסן פאַר־נעם, מיט אירע ברייטע רחבותדיקע גאַסן און אַלייען, מיט די ריזיקע הייזער־בלאָקן, וואָס זיינען ממש ווי פון די שפּעדיקע זאַמדן אַרויסגעוואַקסן ביים ברעג פון בלויען ים. און דער עיקר — דער נייער גרויסער פאָרט, וואָס ווערט דאָרט פאַנאַנדערגעבויט אין אַ ראַשיקן טעמפּאָ, ווי אַ נייער טויער צו דער ברייטער וועלט.

און גרויס נחת האָב איך אויך געהאַט פונעם ייִדיש־סעקטאָר, וואָס ווערט דאָרט ביסלעכווייז אויסגעברייטערט; פון דער שוין היפּשער ייִדישער שרייבער־משפּחה מיט די באַדייטנדיקע פּאָעטן און פּראָזאַיִקער, וואָס נאָך זייערע נע־ונדן האָבן זיי געפונען אַ היים אין ישראל. דער שרייבער־פאַר־איין אין תל־אביב אויף רחוב דוב הוז 25 האָט שוין איצט ב״ה אויף דער רשימה קרוב צו 150 מיטגלידער — שרייבערס און זשורנאַליסטן, עלטע־רע, יונגע און יונגסטע, געקומענע מארבע פּינות עולם. אַ ייִדישער שרייבער פון דער וועלט האָט שוין איצט אַן אַדרעס. פאַראַן שוין צו וועמען צו קומען שעפּן נחת, זיך אָפּפרישן מיט אוירא דישראל.

גרויס אָנזען האָט דאָס ייִדישע פאַרלאַג־און פּרעסע־וועזן אין ישראל. ייִדישע פאַרלאַגן אַרבעטן דאָרט מיט דער גאַנצער פאַרע: דער י. ל. פּרץ־פאַרלאַג און „המנורה״. אין צענטער — דער י. ל. פּרץ־פאַרלאַג מיט זיינע

גרויסע פאַרמעסטן. עס דערשיינען אינעם פאַרלאַג ביכער סיי אין ייִדיש, סיי אין העברעיִש און סיי אויך איןביידע שפּראַכן צוזאַמען. דער פּרץ־פאַרלאַג איז געוואָרן אַ צענטראַלע קולטור־פּאָזיציע מיט גרויס אָנזען — אַזוי אַז אַפילו דער משרד החינוך והתרבות האָט באַשטימט פאַר אים אַ יערלעכע סובסידיע.

וואָס שייך דער ייִדישער פּרעסע, קומט דער פּרימאַט דער טעגלעכער צייטונג „די לעצטע נייעס“. זיאָס איז זייער פּאָפּולער אין ישראל און האָט אַ גאָר היפּשן טיראַזש. אַ פיל גרעסערן פון יעדער העברעיִשער מאָרגן־צייטונג. הגם די צייטונג האָט אַ שטילן שותּף — די מפּא״י — פון דעסט וועגן איז איר רעדאַקטאָר, דער שרייבער מרדכי צאַנין, סוווערען און זאָגט תּמיד וואָס ער האָט צו זאָגן אין זיינע לייטאַרטיקלען, אָדער אין זיינע פּרייטיקדיקע וועכנטלעכע פעליעטאָנען, בישט שוינענדיק קיין שאַרפע קריטיק קעגן נעגאַטיווע דערשיינונגען אין אָרטיקן ציבור־לעבן. צאַנין איז אַגב פאַררעכנט פאַרן מוטיקסטן קעמפער פאַר דער חשיבות פון ייִדישן לשון אין ישראל.

אַחוץ „די לעצטע נייעס“ דערשיינען אין ישראל אַ היפּשע צאָל וואָכנ־בלעטער, צוויי־וואָכנבלעטער, חודש־זשורנאַלן, אַלמאַנאַכן וכדומה — קורץ, דאָס ייִדישע געדרוקטע וואָרט איז ביז גאָר אָנזעעוודיק אין דער ייִדישער מדינה. יעדע פּאַרטיי — אַפילו די וואָס האָט אַ נעגאַטיווע באַציִונג צו ייִדיש — מוז אָנקומען צו אַ ייִדישער טריבונע. עס ווייסן ווויל אַלע פּאַר־טייער, אַז מאַסן ייִדן זיינען געטרייע קאָנסומענטן פון ייִדיש. און אויב מען וויל צו זיי ריידן, מוז מען עס טאָן אויף זייער לשון, וואָס זיי האָבן מיט־געבראַכט פון אַלע צעשפּרייטקייטן.

דאָס ליטעראַרישע שיינדל פון דער פּעריאָדיק אין ישראל איז די גוט באַקאַנטע אין דער ייִדישער וועלט פערטליאָרשריפט „די גאָלדענע קייט“, וואָס די „הסתדרות“ ווערט נישט מיד זי אַרויסצוגעבן, אונטער דער רעדאַקציע פון פּאָעט אַברהם סוצקעווער.

וואָס שייך ייִדיש־לייענערס אין ישראל, בין איך דאָרט אָנגענעם איבערגעראַשט געוואָרן פון אַן אינפאָרמאַציע: די גרויסע י. ל. פּרץ־ביבליאָ־טעק אויף אַלנבי 31 אין תּל־אָביב (פון אחדות העבודה — פּועלי־ציון) פאַרמאָגט לערך פינף טויזנט אַקטיווע אַבאָנענטן־לייענערס, וואָס טוישן סיסטעמאַטיש די ביכער. דערפון זיינען 65 פּראָצענט ייִדיש־לייענערס. אַזוי האָט מיך אינפאָרמירט דער פאַרוואַלטער, דער שרייבער אַברהם ליס.

אַז מיר וועלן מאַכן אַ פּאַראַלעל מיט בוענאָס איירעס, וועלן מיר זיך דאַרפן שעמען...

נעמט, למשל, די צענטראַלע ביבליאָטעק פון אונדזער „ייִוואָ", וואָס איז די גרעסטע ביבליאָטעק אין גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע און פאַרמאָגט ביי די זיבעציק טויזנט ביכער־איינסן. אָבער וויפל אַבאָנענטן־לייענערס האָט די ליי־ביבליאָטעק פון „ייִוואָ"? אַ חרפה אויסצוזאָגן: נישט טויזנטער, נאָר קוים הונדערטער. אמת, פאַראַן אויך אין בוענאָס־איירעס נאָך אַנדערע גע־ציילטע קלענערע ביבליאָטעקן אין פאַרשיידענע ייִדישע קלובן; אָבער די צאָל לייענערס אין זיי אַלע? אין טייל פון זיי דאַרף מען זיי ציילן אַפילו נישט אין די הונדערטער, נייערט אין די צענדליקער.

ווען איך וועל נאָך דערמאָנען די היפּשע ייִדישע קורסקי־ביבליאָטעק אויף רחוב קאַלישער 48, אין תל־אָביב (פון אַרבעטער־רינג), וועלכע פאַר־מאָגט אויך לייענערס אין די הונדערטער — וועט זיך באַקומען דער פּאַראַדאָקס, אַז אין העברעיִזירטן תל־אָביב זיינען נאָך אַלץ פאַראַן מער ייִדיש־לייענערס ווי אין גאַנץ אַרגענטינע. און וועט ווער וועלן אָפּפרעגן מיין חשבון מיט דעם אַרגומענט, אַז אין בוענאָס־איירעס קויפן זיך איין ייִדן ביכער אין „חודש פון ייִדישן בוך" אין דער קהילה און זיי דאַרפן דעריבער נישט אָנקומען צו ביבליאָטעקן — איז דער תירוץ, אַז אויך אין תל־אָביב ווערן פאַרקויפט ייִדישע ביכער אין משך פון אַ גאַנץ יאָר און באַזונדערס אין די ספּעציעלע ביכער־אויספאַרקויפן, ווי דאָס פּראַק־טיצירט טאַקע דער פּרץ־פאַרלאַג, אַ שטייגער. ביי ייִדן אין ישראל גילט מער דער שיינער מנהג פון איינשאַפן זיך אַ היימיש ביבליאָטעקל. איך האָב עס באַמערקט אין אַ סך פּריוואַטע הייזער אין תל־אָביב, אין ירושלים, צי אין חיפה. אַפילו אין די ווינונגען פון די קיבוצים איז אָנזעעוודיק אויבן־אָן דאָס ביבליאָטעקל — דער גייסטיקער קוואַל, מיט וועלכן עס קוויקט זיך דער מענטש פון אַרבעט אין די טעג און שעהען פון מנוחה. דער „עם הספר" פילט זיך אומעטום אין ישראל פיל שטאַרקער, פיל ממשות־דיקער ווי ערגעץ אַנדערש־ווו.

אַ פאַקט איז אויך, אַז אין ישראל הערט איר אין גאַס ריידן ייִדיש פיל מער ווי אין דער גאַנצער וועלט צווישן ייִדן. און אַ גוט באַקאַנטער פאַקט איז אויך, אַז אין ישראל שפּילן 5—6 ייִדישע טעאַטערן ביי גע־פאַקטע זאַלן און אין בוענאָס־איירעס קאָן קיין איין ייִדישער פּראָפעסיאָנע־לער טעאַטער זיך אַליין נישט אויסהאַלטן און מוז אָנקומען צו דער מאַטע־

ריעלער הילף פון דער קהילה. און כאַראַקטעריסטיש: אין דזשיגאַנס רעווי־טעאַטער גייט חדשים־לאַנג איין פּראָגראַם ביי פּולע „סבאָרן". דאָס אַליין זאָגט אַ סך וועגן גרויסן דראַנג פון יידישע מאַסן נאָך אַ יידיש וואָרט! נישט אומזיסט ציט יידישע אַקטיאָרן קיין ישראל — דאָרט האָבן זיי עולם, אַ יידישן עולם, וואָס לעכצט נאָך יידיש טעאַטער.

איך וואָלט גרייט געווען צו ווערן אַ פאַלנער אָפּטימיסט בנוגע דער מערכה פון יידיש אין ישראל — ווען די דאָרטיקע שולן (כאָטש אין די מיטל־שולן) וואָלט מען אויך איינגעפירט דעם לימוד פון יידיש און יידישער ליטעראַטור, אַזוי ווי מען לערנט דאָרט די קינדער ענגליש און פראַנצויזיש. אַזוי ווי מ'האָט איינגעפירט דעם לימוד פון יידיש אין אַ ריי אַמעריקאַנער קאַלעדזשעס. אָבער נאָך ווייט, ווייט דערצו אין ישראל...

אין לעבן האָט זיך די באַציִונג צו יידיש אין ישראל געענדערט צום גוטן. מ'טרעפט זיך נישט אָן אין דער עפנטלעכקייט אויף קנאַישער שנאה צו יידיש ווי אין די אַמאָליקע צייטן. אָבער אַ פאַקט איז אויך, אַז יידיש האָט נאָך אַלץ נישט באַקומען דאָרט קיין סטאַטוס און די אָפיציעלע אינסטאַנצן באַציִען זיך צו יידיש ווי צו אַ פרעמדער שפּראַך, ווי צו אַ „לשון עם זר". דערפאַר האָט עס געקאָנט געשען, וואָס דער ראַדיאָ „קול ישראל לגולה" האָט פון דער אָרעמער האַלבער שעה יידיש אָפּגעשניטן 5 מינוט. די אַלע פּראָטעסטן אין לאַנד און אַפילו אין אויסלאַנד האָבן נישט געהאָלפן. עס האָט אויך גאָר נישט געפועלט אַ שרייבער־דעלעגאַציע פון יידישן ליטעראַטן־פאַראיין ביי אבאַ איבן. דער מיניסטער האָט גאַנץ העפ־לעך אָפּגעזאָגט. און דאָס איז שוין אַ שרייִקע עוולה לגבי לכל הפחות אַ פערטל מיליאָן יידן, ישראל־בירגער, וואָס וואַרטן טאָג־טעגלעך אויף דער יידישער ראַדיאָ־אוידיציע, אויסגעבענקטע נאָך אַ יידיש וואָרט, נאָך אַ יידיש ליד *.

פּראַקטיש וואָלט מען דער יידיש־אוידיציע געדאַרפט שענקען אַ ספּע־ציעלע אויפמערקזאַמקייט און זי באַדייטנדיק פאַרגרעסערן אויך מחמת אַן אַנדער גאָר וויכטיקן טעם: ווערט דאָך מיט דער גרעסטער געשפּאַנט־קייט די ישראל־אוידיציע געהערט פון יידן אין סאָוויעט־רוסלאַנד. קיין אַנדער קוועלע געוואָר צו ווערן וועגן יידן און יידיש לעבן אין דער פרייער

* לויט לעצטע ידיעות איז די דאָזיקע 5־מינוטיקע רעדוקציע צוריקגעצויגן געוואָרן.

וועלט האָבן זיי דאָך נישט אין רוסלאַנד. איז דאָך די גרעסטע מצווה אַנט־קעגנצוקומען זייער לעכצעניש.

איך אַליין, למשל, בין אַ לעבעדיקער עדות: בעת מיין זיין אין ירושלים בין איך פאַרבעטן געוואָרן צו אַ שמועס דורך „קול ציון לגולה". אין אַ גע־וויסער צייט אַרום האָט מיין פּרוי באַקומען אַ בריוו פון אירער אַ חברטע אין גראָדנע (איצט סאָוויעטיש מערב־ווייסרוסלאַנד), אַז זייער קרייזל האָט מיך געהערט ריידן פון ישראלדיקן ראַדיאָ; אַז ס'איז פאַר זיי געוועזן אַן אָנ־גענעמע איבעררעשונג צו הערן די שטים פון אַ היימישן, פון אַ לאַנדסמאַן, וועמען זיי געדענקען גוט פון די אַמאָליקע צייטן.

צו די באַקאַנטע עוולות געהערט אויך דער פאַקט, וואָס ביים פאַר־טיילן די פּיל, פּיל צענדליקער יערלעכע ליטעראַרישע פּרעמיעס ווערן בכוונה אויסגעמיטן די ייִדיש־שרייבערס — הגם אין ישראל לעבן און שאַפן איצט אַ גאָר היפּשע צאָל פּראָמינענטע פּראָזאַיִקער און פּאָעטן. אמת, פערזענלעך באַציט מען זיך נישט שלעכט צו די ייִדישע שרייבערס: גע־ציילטע פון זיי — קראַנקע און אַלטע — באַקומען אַפילו אַ סיסטעמאַטישע אונטערשטיצונג פון אָפיציעלע פאָנדן. אויך דער ייִדישער ליטעראַטן־פאַר־איין האָט לעצטנס, צום ערשטן מאָל, אויסגעפועלט אַ געוויסע סובסידיע פון דער סוכנות און דעריבער טאָקע איז דער פאַראיין ביכולת מיטצוהעלפן שרייבערס ביים אַרויסגעבן זייערע ביכער.

מען דאַרף געדענקען, אַז ישראל איז איצט געוואָרן דער צווייטער גרויסער ייִדיש־ליטעראַרישער צענטער נאָך ניו־יאָרק. דער ייִדישער ליטע־ראַטן־פאַראיין אין תּל־אָביב זיצט נישט, אמת, אין אַזאַ פּאַלאַץ ווי דער „בית טשערניחובסקי", נאָר אין אַ „קעלער" אויף רחוב דוב הוז; אַ ביסל גלות מוז דאָך ייִדיש פּילן... אָבער פון דעסט וועגן, נישט צו פאַרזינדיקן, ממעמקים קראתיך... אויך פון „קעלער" לאָזט זיך הערן דער ייִדישער שרייבער מיט זיינע ליטעראַריש־קינסטלערישע מאַניפעסטאַציעס. ווער עס איז באַקאַנט מיט די לאָקאַלע באַדינגונגען, ווייס, אַז די ייִדישע ליטעראַ־רישע אָונטן אין „קעלער" ציִען צו על־פּי־רוב אַ גרעסערן עולם ווי די העברעיִשע ליטעראַרישע אימפּרעזעס. די ייִדישע שרייבערס אין ישראל זיינען אַקטיווער און דינאַמישער.

אויף אַ באַגעגעניש מיט אַ גרופּע ייִדישע שרייבערס אין חיפה (אין דער דירה פון דער שרייבערין רבקה קוויאַטקאָווסקי־פּנחסיק — אַגב אַ געוועזענע קאַצעטלערין, מיט אַן אָשוויענטשימער נומער אויפן אָרעם...)

בין איך אינפאָרמירט געוואָרן, אַז אויך זייערע ליטעראַרישע אָוונטן אין חיפה און אין דער פּעריפעריע ציִען תמיד צו אַ דריי־פיר הונדערט צוהע־רערס. דער אינטענדענט פון דער עיריה, אבא חושי, גיט זיי גערן אָפּ די שטאָטישע זאַלן, ווען נאָר זיי ווענדן זיך צו אים. און גראָד אויך דאָרט טרעפט, אַז אויף אַן אָוונט פון אַ באַקאַנטן העברעיִשן שרייבער זאַלן קומען געציילטע מנינים באַזוכערס. מען טייטשט עס דאָרט אויס דערמיט, וואָס דער עברית־לייענער איז בטבע אַ יושב־אוהלניק און לויפט נישט צו עפנט־לעכע אימפּרעזעס.

כדאי דאָ אויך צו פאַרצייכענען, אַז די דינאַמישע חיפהער אַנטוויקלונג פון ייִדישן שרייבער־פאַראיין האָט זיך פאַרמאָסטן אַרויסצוגעבן פּעריאָדישע זאַמלביכער א״ב „חיפה״, אונטער דער רעדאַקציע פון מרדכי קראַשניץ און דוד ראָדין. אין ערשטן זאַמלבוך קומען אַריין אַרבעטן פון לייב חיין־שמעוני, מרדכי קראַשניץ, רבקה קוויאַטקאָווסקי־פּנחסיק, דוד ראָדין, לוי פּאַפּיער־ניקאָוו, וואָלף גאַמערמאַן, חיים וואַטשין, שמחה האַמבורג, נאַטאַן מאַרק, מרדכי שטיינבערג, משה ביק און אַנדערע. איך רעכן דאָ אויס די נעמען, וואָס נישט אַלע זיינען באַקאַנט אין דער ייִדישער וועלט, כדי צו אונטער־שטרייכן, אַז אין ישראל באַקומען פליגל אויך נייע, אומבאַקאַנטע שעפע־רישע פּען־מענטשן.

אַ פאַקט איז אַז די ייִדישע שרייבערס, ווי די ייִדישע מאַסע אין ישר־אל, זיינען געזעלשאַפטלעך אָנזעעוודיק. און דערפאַר טאַקע טוט באַנג יע־דער שמץ פון דיסקרימינאַציע לגבי ייִדיש — דער ייִנגערער שוועסטער פון עברית. אַ דיסקרימינאַציע לחלוטין נישט קיין נייטיקע לטובת העב־רעיִש, ווייל עברית איז שוין אַזוי איינגעוואָרצלט אין דער ישראל־ווירק־לעכקייט, אַז די מורא פאַר קאָנקורענץ איז לחלוטין אומזיניק.

אָפּנים, עס מוזן נאָך אַ ביסל וואַסערן אָפּפליסן ביז די מאַסגעביקע קרייזן אין ישראל וועלן פאַרשטיין די עוולה וואָס זיי באַגייען לגבי דער פרעכ־טיקער שאַפונג פון גלות — דער ייִדישער שפּראַך און דער ייִדישער לי־טעראַטור. עס ווייסן וויל אַ סך אין ישראל, אַז די מאָדערנע ייִדישע לי־טעראַטור מיט אירע אַלע קאָריפייען שטייט לחלוטין נישט אָפּ אין איר מדרגה פון דער מאָדערנער העברעיִשער ליטעראַטור. אפשר גראָד פאַר־קערט... ייִדיש און העברעיִש האָבן זיך תמיד קעגנזייטיק משפיע געווען. אַפילו דער היינטיקער עברית שעפּט נאָך אַ סך פונעם ייִדישן פאָלקלאָר־אוצר. מיר איז אין ישראל אויסגעקומען אויסצוהערן רעדעס פון פראָמי־

נענטע פּערזענלעכקייטן אין עברית, וועלכע האָבן זייערע רייד אָפּט דורכ־געפלאָכטן מיט אַ ייִדיש ווערטל, מיט אַ ייִדישן אידיאָם. אַזוי, למשל, בין איך פאַרבעטן געוואָרן דורך דער אַלמנה נאָך דעם ציוניסטישן מנהיג און פּאָעט לייב יפה (אַ „זעמליאַק" דאָך פון גראָדנע) צו דער יערלעכער פאַר־טיילונג פון דעם „פּרס יפה" אין קרן־היסוד אין ירושלים. דער לאַורעאַט איז געווען דער אַלטיטשקער פּראָפעסאָר דינור. האָט אויך פּראָפעסאָר דינור אין זיין העברעיִשער דאַנק־רעדע זיך כסדר געהנדלט מיט ייִדישע ווערטלעך, ווי: „אַ באָבע־מעשה", „נישט געשטויגן — נישט געפלויגן"... א"אַגב — הגם דער לאַורעאַט איז מסתמא נישט קיין צו גרויסער חסיד פון ייִדיש... אָבער נישט קיין חידוש: העברעיִש איז אין משך פון לאַנגע דורות געווען די שפּראַך פון תפילות, פון בית־מדרש און איז אָרעם אין פאָלקלאָר. ייִדיש אָבער האָט געלעבט מיטן פאָלק, אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן, אין שטוב און אין גאַס, אין זיינע וואָכעדיקע טעג און אין זיינע שמחות. מיט ייִדישע לידער האָבן מאַמעס פאַרוויגט זייערע קינדער און מיט ייִדיש האָט דער רבי אין חדר פאַרטייטשט פאַר די קינדער דעם חומש און די גמרא. און ביים „צאינה וראינה" און ביי די תחינות האָבן די ייִדישע מאַמעס און באָבעס זייערע הערצער אויסגעגאָסן און מיט „גאָט פון אַברהם" האָבן זיי דעם הייליקן שבת אַרויסבאַגלייט... איז טאַקע ייִדיש געוואָרן אַזוי זאַפטיק, אַזוי פאָלקסטימלעך, אַזוי אידיאָמאַטיש־רייך.

טייל מנהיגים אין ישראל האָבן שוין לעצטנס יאָ געביטן די אָריענ־טאַציע און באַציִונג צום ייִדישן לשון. די ענדערונג צום בעסערן איז צו באַמערקן אַפילו ביי געוויסע העברעיִשע שרייבער־יחידים, וואָס זוכן אַ התקרבות מיטן ייִדיש־קינסטלערישן שאַפן.

אָט האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק די עיריה פון חולון געמאַכט דעם ערשטן פּרווו אַרויסצוגעבן אַ יאָרבוך אין עברית און ייִדיש א"נ „חול ורוח", אין וועלכן עס באַטייליקן זיך העברעיִשע און ייִדישע שרייבערס, וואָס וווינען אין חולון. דער אינטענדענט פון חולונער עיריה, פּ. אילון, איז טאַקע ווערט באַגריסט צו ווערן פאַר אַזאַ געוואַגטן פּרווו, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר ממש אַ רעוואָלוציע לגבי די ישראלדיקע פאַרהעלטענישן. רעדאַקטאָר פון דער העברעיִשער אָפּטיילונג איז ג. קרעסל און פון דער ייִדישער — לייב אָליצקי. אמת, גלאַטיק איז דער פּרעצעדענס נישט אָפּגע־גאַנגען. ס'האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ שאַרפע אַטאַקע קעגן אינטענדענט פון חולון אין „חרות" (צבי צירלין) און אין „ידיעות אַחרונות" (אָשר נהור),

גלייך ווי דער דאָזיקער העברעיִש־יִידישער זאַמלבוך וואָלט, רחמנא ליצלן, געווען אַן אַטענטאַט קעגן מדינת ישראל...

ס׳איז אָבער, צום גליק, אויך אמת, אַז קעגן דער דאָזיקער אַטאַקע איז נאָך דעם געקומען אַ קאָנטראַטאַקע אין „דבר״ און אין „אומר״. הערן מיר אין „דבר״ אַזעלכע פאַרנונפטיקע דיבורים וועגן יידיש פונעם עברית־שרייבער ק. מנחם: „יעדער ייִד — שרייבט ער — וואָס קלעפּט צו זיין פאָלק און רעספּעקטירט די גייסטיקע ווערטן, וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן פאַר די גאַנצע יאָרן פון זיין קיום, דאַרף זיך באַציִען צו דער יִדישער שפּראַך, צו ייִדיש, ווי צו אַ באַגלייט־דערשיינונג פון ס׳רוב פון אונדזער פאָלק אין משך פון טויזנט יאָר. ייִדיש האָט זיך אַנטוויקלט פאַר די לעצטע עטלעכע הונדערט יאָר צו אַ רייכער און עלאַסטישער שפּראַך, וואָס יעדע אומה קען זיך גרויסן מיט איר״.

דאָס איז דאָך אונדזער טענה. די טענה פון ייִדישן שרייבער, פון ייִדישן קולטור־טוער, פון ייִדישן מענטש...

דער חולונער ליטעראַרישער פּרוּוו און די שטימען אין „דבר״ און אין „אומר״ זיינען אַ גוטע ראיה, אַז דער אייז האָט פאָרט גערירט און ס׳איז צו האָפן, אַז אין אַ סך מוחות פון קנאים אין ישראל וועט אַריינדרינגען אַ ביסל ליכט און זיי וועלן דערזען די אמתע, די אויטענטישע ווערטן, וואָס ייִדיש האָט אַריינגעבראַכט אין די אוצרות פון פאָלק. און דעמאָלט, דעמאָלט וועלן יִדישע שרייבערס פאַרשפּאָרן צו גיין מיט אינטערווענצן צו אַ ישראל־מיניסטער מכוח צוריקשטעלן די רעדוצירטע פינף מינוט אין ראַדיאָ „קול ישראל״... און דעמאָלט וואָלטן אויך באַזייטיקט געוואָרן די שעדלעכע השפּעות פון פּאָליטיקאַנער בנוגע דעם לימוד פון יִדיש אין די תפוצות. השפּעות, וואָס קומען דורך געוויסע שליחים, וואָס מיסברויכן מיט זייער אייגנטלעכער מיסיע. און דעמאָלט וואָלט מען אויך אויפגעהערט אין די תפוצות די שעדלעכע און שענדלעכע אַקציע פון טרייבן יִדיש פון די שולן, וואָס פירט אין רעזולטאַט צו אויסיִדישונג און אַסימילאַציע.

די צייט, וואָס פאַרהיילט ווונדן, וועט אפשר — לאָמיר האָפן — אויך דעם דאָזיקן ריס פאַרהיילן און עס וועט לסוף קומען צו אַ פאַרברידערונג פון אונדזערע בײדע לשונות. עס וואָלט געווען אַ ברכה פאַר ביידן. דער רוף פון 26סטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ירושלים: „מיטן פּנים צו די תפוצות!״ וואָלט געדאַרפט פאַראַפראַזירט ווערן: „מיטן פּנים צו דער יִדישער שפּראַך און קולטור אין די תפוצות״. דעמאָלט וואָלטן אונדזערע שולן

אַנדערש אויסגעזען און די רעזולטאַטן וואָלטן געווען גאַנץ אַנדערע. די שולן וואָלטן אונדז געליפערט נייע לייענערס, נייע יונגע קאַדרען אינטע־ליגענץ, וואָס וואָלט געקאָנט פאַרנעמען אין אונדזערע אינסטיטוציעס די ליידיק־געוואָרענע שטולן פון די וואָס גייען אַוועק. און אַ ייִד אין די תפוצות וואָלט אויפגעהערט צו קוקן אין דער נאַטער צוקונפט פון ייִדיש און ייִדיש לעבן מיט רעזיגנאַציע, מיט יאוש.

און דעמאָלט וואָלט אויך אין ישראל געקומען צו אַ דערנעענטערונג צווישן „קעלער" און „בית טשרניחובסקי"; צווישן ייִדישן און העברעיִשן שרייבער. דען אויב דער „בית סוקולוב" — דער פּראָפעסיאָנעלער זשור־נאַליסטן־פאַרבאַנד אין ישראל — נעמט אונטער זיין פּראָפעסיאָנעלער שוץ אויך דעם ייִדישן זשורנאַליסט, — האָט דער „אַגודת הסופרים" געשאַפן אַ מחיצה און נעמט נישט אַריין אין זיין מיט קיין ייִדיש־שרייבער. דער העברעיִשער שרייבער וויל זיך נישט טיילן מיט זיין פּריווילעגירטקייט...

שוין די זעכסטע צייט די דאָזיקע מחיצה אָפּצושאַפן. דער ייִדישער שרייבער אין ישראל איז נישט קיין פרעמדער. מיט זיין יצירה באַהעפט ער זיך אָרגאַניש צו דער פאָרמירונג פון גייסטיקן פּנים פונעם לאַנד, וואָס איז דאָך אין תוך אויך זיין לאַנד...

ב. איירעס, 1965

## ביכער פון אַברהם זאַק:

אַקאָרדן (לידער); גראָדנע, 1918.

„ (צווייטע אויפלאַגע); פאַרלאַג מ. י. פריַיד, וואַרשע, 1921.

רגעס פון טרוים (טאַנקעס); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1919.

צווישן פיר ווענט (לידער); פאַרלאַג מ. י. פריַיד, וואַרשע, 1920.

אונטער די פליגל פון טויט (צווייַ אויפלאַגעס); פאַרלאַג „די צייט", וואַר־שע, 3־1921.

אונטער די פליגל פון טויט (דריטע אויפלאַגע); בנימין הארץ־פאַרלאַג, בערלין־ווין, 1929.

אונטער די פליגל פון טויט (רוסישע איבערזעצונג; „גאָסאיזדאַט", מאָס־קווע, 1930.

אין שאָטן (נאָוועלן); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1922.

די חורבה און דער פּאַלאַץ (קינדער־מעשהלע); פאַרלאַג „אַלט־יונג", וואַר־שע, 1923.

אַ זומער־חלום (נאָוועלן); פאַרלאַג א. י. שאַפּירא, וואַרשע, 1923.

אונטער היימישע הימלען (פּיעסע אין 3 אַקטן); פאַרלאַג ה. בזשאָזאַ, וואַר־שע, 1926.

שטאָט־קאַשמאַרן (לידער); פאַרלאַג ה. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1926.

פּאַניע גנב (אַ כראָניק); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1929.

די פּרוי פון שטאָט (נאָוועלן); קאָאָפּ' „ביכער", וואַרשע, 1931.

מיט אַש אויפן קאָפּ (לידער); פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן", לאָדזש, 1947.

יאָרן אין וואַנדער (לידער און פּאָעמעס); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום", בוענאָס־איירעס, 1949.

צווישן שאָטנס (דערציילונגען); פון דער סעריע „ביכער פון ייִדישן פּען־קלוב", פּאַריז, 1950.

אין אומרו פון יאָרן („וואַרשע 1939" א"אַנד); פאַרלאַג „ייִדבוך", בוענאָס־איירעס, 1954.

(פּרעמירט מיט דער סטאָלאַר־פּרעמיע ביי „די אידישע צייטונג", ב"אַ, 1955).

פון אַלע נע־וְנדן (לידער); הויפּטפּאַרקויף קולטור־קאָנגרעס, ב״אַ, 1955.
קנעכט זיינען מיר געווען (באַנד איינס); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום״, בוענאָס־איירעס, 1956.
קנעכט זיינען מיר געווען (באַנד צוויי); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום״, בוענאָס־איירעס, 1956.
(פּרעמירט מיט דער סוראָוויטש־פּרעמיע פון קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק, 1957).
אויף שליאַכן פון הפקר (באַנד איינס); פאַרלאַג „ייִדבוך״, ב״אַ, 1958).
אויף שליאַכן פון הפקר (באַנד צוויי); פאַרלאַג „ייִדבוך״, ב״אַ, 1958.
(פּרעמירט מיט דער לוויס לאַמעד־פּרעמיע אין ניו־יאָרק, 1959).
אויף פרעמדער ערד (לידער און פּאָעמעס); הויפּטפּאַרקויף קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס־איירעס, 1962.
אין אָנהייב פון אַ פרילינג (זכרונות); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום״, בוענאָס־איירעס, 1962.
אויף וועגן פון גוֹהָ (דערציילונגען); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום״, בוענאָס־איירעס, 1964.
אין קיניגרייך פון ייִדישן וואָרט (עסייען און דערמאָנונגען); הויפּטפּאַרקויף: „ייִוואָ״, ב״אַ, 1966.
פון הייסן אַש (לידער און פּאָעמעס); הויפּטפּאַרקויף: „ייִוואָ״, ב״אַ, 1967.
געווען אַ ייִדיש פּוילן (עסייען און דערמאָנונגען); אַרויסגעגעבן פון פאַרבאַנד פון שארית־הפליטה, בוענאָס־איירעס, 1968.

## איבערזעצונגען:

פּאַר שטוב און עסטראַדע; פאַרלאַג נ. שאַפּיראָ, וואַרשע, 1938.
מצירי (פּאָעמע פון מ. יו. לערמאָנטאָוו); „נייער פאַרלאַג״, וואַרשע, 1921.
דער פּאָטער (פּיעסע פון א. סטרינדבערג); פאַרלאַג „די צייט״, וואַרשע.
די חתנים (קאָמעדיע פון נ. וו. גאָגאָל); פאַרלאַג „די צייט״, וואַרשע.
דאָס רעכט אויף ליבע (פּיעסע פון מאַקס נאָרדוי); פאַרלאַג „אונדזער בוך״, וואַרשע.
רודין (ראָמאַן פון א. ס. טורגעניעוו); פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע.
די ערשטע ליבע און קלאַראַ מיליטש (ראָמאַנען פון א. ס. טורגעניעוו); פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1923.
מאָצאַרט און סאַליערי (דראַמאַטישע פּאָעמע פון א. ס. פּושקין); „צוקונפט״, ניו־יאָרק, יולי 1937.
דריי פּאָר זיידענע זאָקן (ראָמאַן פון פּאַנטעליימאָן ראָמאַנאָוו); חודש־זשורנאַל „הויזפריינד״ביים „מאָמענט״, וואַרשע.

# אָפּרופֿן וועגן ערשטן באַנד עסייען „אין קיניגרייך פֿון יידישן וואָרט״ פֿון אַברהם זאַק

## יעקב גלאַטשטיין (אין „דער טאָג־מאָרגן זשורנאַל״ פֿון 6טן נאָוועמבער 1966) שרייבט:

דער פּאָעט און עסייִסט אַברהם זאַק איז זייער יונג אַריין מיט ביידע פֿיס אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ער איז געווען אַן אָפּטער אַריינגייער אין פּרצעס שטוב ווען ער איז נאָך נישט אַלט געווען קיין צוואַנציק יאָר. ער האָט זיי אַלעמען געזען פֿון דער נאָענט און אַלעמען געקענט אין זייער אויפֿשטייג. דער „זיי״ מיינט — די גרויסע בויערס וואָס זיינען פֿרי געוואָרן קלאַסיקערס און האָבן די ערשטע אָנגעזאַמלט דעם גרונט־קאַפּיטאַל פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור.

אַברהם זאַק האָט אַ סך מיטגעמאַכט און דורכגעמאַכט. ער אַליין האָט געשריבן זיינע זכרונות — און ער קאָן זייער גוט דערציילן — אָבער זיין פֿולע ביאָגראַפֿיע איז אַ סך אינטערעסאַנטער און קאָלירפֿולער, ווי ער האָט עס אונדז ביז איצט איבערגעגעבן. זאַק האָט אָנגעהויבן שרייבן לידער מיט אַ קנאַפּע זעכציק יאָר צוריק און ער אַליין איז אַ שיינער, לעבעדיקער איבערבלייב פֿון יענער בלי־עפּאָכע אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. זישע לאַנדוי האָט אַ מאָל געוואָלט באַליידיקן י. ל. פּרצן, האָט ער אים גערופֿן — דער טויטער וואַרשעווער ליטעראַט. אָבער איך געדענק אַקוראַט וואָס עס האָט פֿאַר אונדז יונגע ייִדיש־לייענערס און פּאָעטן אין די וויקעלעך געמיינט אַ וואַרשעווער ליטעראַט; ס׳האָט געמיינט אַ פּרינץ פֿון אַ גרויס קיניגרייך. דערביי זיינען מיר נישט געווען געאָגראַפֿיש־פּעדאַנטיש, ס׳האָט אַרומגענומען דעם אויפֿשיין אויך אין ליטע, אין אוקראַיִנע און אין אַנדערע ייִדישע ווינקעלעך. אַ וואַרשעווער ליטעראַט איז געווען דער וואָס האָט געצויגן יניקה פֿון רבינס שטוב און דעם רבינס שטוב האָט געמיינט י. ל. פּרצעס גרויסע אָנוואַרעמענדיקע השפּעה, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער דעם שטח פֿון דער גאַנצער ייִדישער שעפֿערישקייט...

אַברהם זאַק האָט אויף מיר, ביי די עטלעכע פּערזענלעכע באַגעגענישן, תּמיד געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ פּאָעט, וואָס טראָגט אויף זיך די צייכנס פֿון יענער ייִדיש־שעפֿערישער אַריסטאָקראַטיע; אַ פּאָעט וואָס איז גאַנצע שעהען אין מעת־לעת באַוווּסטזיניק, אַז ער איז אַ פּאָעט און דערפֿאַר איז עס אים מחייב צו טראָגן אויף די פּלייצעס אַ קינסטלערישע אַחריות. שטאַמען שטאַמט עס פֿון דער קולטיווירטער סלאַווישער באַציִונג צווישן פֿאָלק און זיינע שעפֿערס. דער אַנגלאָ־זאַקסישער קינסטלער פֿון וואָרט האָט אין די ענגליש־ריידנדיקע לענדער אָנגעווירן דעם אָרעאָל, טיילווייז ווייל ער אַליין האָט עס געוואָלט, ווייל אים איז ענג געוואָרן צו טראָגן דעם קאָלנער פֿון ווערדע; אָבער אויך דערפֿאַר ווייל דאָס פֿאָלק האָט פֿאַרפּראָסטעוועט די באַציִונג צום געשריבענעם וואָרט און געזוכט בלויז לייען־פֿאַרוויילונג. אָבער אין רוסלאַנד און אין פּוילן האָבן פּאָעטן, דראַמאַטורגן און נאָוועליסטן געשפּירט, ווי עס שטראָמט צו זיי די אָנערקענונג פֿון פֿאָלק, צוזאַמען מיט דער פֿאָדערונג אָפּצוהיטן די דאָזיקע אָנערקענונג און זי נישט נעמען צו לייכט, נאָר ווי אַ גרויסן עול.

מען דאַרף בלויז פֿאַרברענגען אַ האַלבע שעה מיט אַברהם זאַקן — צו זען אַז ער באַלאַנגט צו דער אַמאָליקער טראַדיציע. ער האָט די קינסטלערישע ווערדע אָפּגע־

היט אין פּאַריז, אין הקדש־גלות פון גי־פּאַטעץ און ער האָט די דאָזיקע האַלטונג מיט־געבראַכט קיין אַרגענטינע. שווער אַרויסצוברענגען אין וואָס עס דריקט זיך אויס די דאָזיקע אויסגעשטאַלטיקטע האַלטונג — זי דערקענט זיך אין מאַנער פון ריידן מיט מענטשן, אין גאַנג, אַפילו אין זיצן און שווייגן, אין פּאַזעס און צווישנפּאַזעס, אין שפּאַציר און אין אַריינזאַפּן איינדרוקן, מיט אַ ליריש געמיט, ווי מען כאַפּט קאָלירפולע זומער־פלאַטערלעך מיט אַ נעץ און זיי ווערן אָקאָרשט אונטערוועגנס פאַרוואַנדלט אין לידער.

איבער אַ יאָר, אין 1968, ווערט פונקט אַ האַלבער יאָרהונדערט, זינט ס׳איז דער־שינען אין גראָדנע אַברהם זאַקס ערשט בוך לידער — „אַקאָרדן״, און יאָר נאָך יאָר, 1919, 1920, 1921, זיינען דערשינען אַברהם זאַקס ווייטערדיקע לידער־ביכער. דאָס זיינען געווען זאַקס איבערראַשנדיק־פּרוכטיקע יאָרן, ווען דאָס ליד האָט אים געגעבן דעם פולסטן אויסדרוק. שפּעטער האָט ער זיך גענומען צו די ברייטע וועגן פון פּראָזע און פון דעמאָלט אָן האָט אַברהם זאַק זיך געשפּירט זייער היימיש מיטביידע אויס־דרוק־פאָרמען. ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז אין דעם יאָרצענדליק פון די 1920ער האָט דער יונגער פּאָעט־נאָוועליסט אָנגעזאַמלט אַ פאַרמעגן פון צען ביכער.

ס׳איז דערפאַר נישט קיין אָנשטעל וואָס אַברהם זאַק האָט זיין נייסטן בוך אָנ־גערופן „אין קיניגרייך פון יידישן וואָרט״, ווייל אין דעם קיניגרייך האָט אַברהם זאַק פאַרנומען אַן אָנגעזעענע פּרינציפּאַליטעט. דאָס איז אַ בוך — ווי אַברהם זאַק זאָגט אונדז אונטער — פון „עסייען און דערמאָנונגען״, אי באַזונדער, אי צוזאַמענגעפלאָכטן פון ביידע זשאַנערן. בכלל זיינען זאַקס דערמאָנונגען נישט קיין עגאָצענטרישע, נאָר זיי ברענגען עפּעס מער ווי בלויז אַ צוריקרוף פון געשעענישן, וואָס אין זיי האָט אַברהם זאַק געהאַט זיין באַזונדערע ראָלע. אַז זאַק קאָן שרייבן נוצלעכע הערמאָנונ־גען, כ׳מיין נוצלעך אין זין פון נישט אַרויסשטעלן אייגענע אויפטוען, נאָר פון אי־בערגעבן די קאָלעקטיווע דורכלעבענישן פון אַ גאַנץ געזעמל מענטשן אין אַן ענלעכן קלעם — האָט אַברהם זאַק באַוויזן מיט די מעמואַרן פון זיינע נע־ונדן, אָנהייבנדיק פון זיין בוך „יאָרן אין וואַנדער״ און שפּעטער מיט „קנעכט זיינען מיר געווען״ און „אויף שליאַכן פון הפקר״. אין די זייער נאָענטע (צום אייגענעם געליטענעם לייב) זכרונות, האָט אַברהם זאַק תמיד אָפּגעהיט אין זכרון, אַז ער שרייבט פון צוזאַמענ־דיקן ליידן, דורך שווערע, ביטערע יאָרן.

ס׳וואָלט נישט געווען קיין עוולה ווען אַברהם זאַק וואָלט אין זיין בוך „אין קי־ניגרייך פון יידישן וואָרט״ געווען אַ ביסל ווייניקער באַשיידן וועגן זיך, אָבער באַ־שיידנקייט איז זאַקס שרייבערישער סימן. ער שענקט די פולע ברייטהאַרציקייט צו די חברים, מיט וועמען אים איז אויסגעקומען צו גיין די וועגן צוזאַמען.

מ׳קאָן זאָגן, אַז ער איז שוין אַ ביסל צו ברייטהאַרציק, ווען ער צערעדט זיך וועגן אַ נאָענטן חבר. די דערמאָנונגען וועגן שרייבערס אין נייעם בוך זיינען מייסטנס קורצע פאַרצייכענונגען. אָבער די זכרונות וועגן זיין וואַרשעווער חבר א. אַלמי פאַר־נעמען עטלעכע און צוואַנציק זייטן. וועגן זיין גרויסן גראָדנער חבר לייב ניידוס, דערציילט אַברהם זאַק אויך אויף עטלעכע און צוואַנציק זייטן.

אָבער ביידע לענגערע דערמאָנונגען זיינען זייער וויכטיק. די דאָזיקע קורצ

מאָנאָגראַפּיעס זײַנען אָריגינעלע בײַטראָגן און דער פּאָעט און בעלעטריסט זאַק האָט זײער גוט געטאָן וואָס ער האָט וועגן אַלמין און ניידוסן דערציילט באַריכות. ס'איז נישט אין גאַנצן ריכטיק צו זאָגן, אַז ער האָט וועגן זיי בלויז דערציילט; ער האָט די דאָזיקע צוויי פֿאַרשיידענע געשטאַלטן גוט באַלויכטן און אויפֿגעקלערט. אונדז, אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, איז א. אַלמי פֿאַרבײַגעגאַנגען מיט לײַכטע קוריאָזע טריט. מיר האָבן אין אים געזען אַ גרינגן אויף דער וואָג אַמאַטאָרישן שרײַבער, וואָס האָט זיך „געוואָרפֿן" אויף פֿאַרשיידענע ליטעראַרישע געביטן; און אויב ער האָט זיך געהאַלטן שטאָלץ מן הצד, איז עס, אַזוי האָט זיך אונדז געדאַכט, געווען דערפֿאַר, ווײַל ער איז נישט אַרײַן אין קרענצל. זײַן אַזוי גערופֿענער שטאָלץ איז געווען אַ רעאַקציע — איר נעמט מיך נישט אַרײַן, גיי איך אַוועק נאָך ווײַטער, כּדי ס'זאָל מיך נישט אָנגיין און נישט אַרן.

אַלמיס לעבן איז אונדז אויך אויסגעקומען זייער אָפּט משונהדיק. זײַן וואַרפֿן זיך אויף וויסנשאַפֿט און הינטער און איבער וויסנשאַפֿט, האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אויבנאויפֿיקער קאָמפּילאַציע און זייער לײַכטער קאַוואַלעריע. אויפֿן געביט פֿון ליד האָט מען געקענט דאָ און דאָרט געפֿינען בײַ אים אַ דורכגעערלעכט ליד, ווײַל צום ליד האָט ער זיך באַצויגן מיט דעם טיפֿסטן וואָס ער האָט פֿון זיך אויסגעגראָבן. אָבער די לידער זײַנע האָבן געליטן פֿון זײַן געניטער לײַכט־פֿערזיקייט, וואָס אין איר האָט ער גאַנץ געראָטן הומאָריסטעוועט און פּאַראָדיעוועט.

דאָס זײַנען אַלץ מיינונגען וואָס א. אַלמי־עליאַש האָט אונדז סוגערירט מיט זײַנע ווערק און פֿילאָסאָפֿיש־פּסיכאָלאָגיש־מעטאַפֿיזיש־ספּיריטואַליסטישע ביכער, אַרײַנוואַרפֿנדיק שוין אויך זײַנע „אויסגעפֿאָרשטע" אַנטדעקונגען וועגן ספּינאָזאַס טויט.

דערפֿאַר קומט אַ דאַנק אַברהם זאַקן, וואָס האָט זײַן חבר א. אַלמיס וועג אין דער ליטעראַטור באַלויכטן מיט ביאָגראַפֿישע שטריכן, וואָס זאַק האָט גוט געקענט און ער האָט פֿון אַלמי־געשטאַלט געשאַפֿן — אויב נישט קיין וויכטיקן שרײַבער — איז לכל־הפּחות אַ קאָמפּליצירטן שרײַבערישן מענטש, וואָס האָט זיך מיט אייגענע כּוחות אַרויסגעריסן פֿון גרויס אָרעמקייט, פֿון סאַמע נאַ־דנייע אין אַמאָליקן ייִדישן וואַרשע. די דערמאָנונגען און כאַראַקטער־שילדערונגען פֿון א. אַלמי לייענען זיך מיט אַ שטאַרקן אינטערעס און זיי גיבן אַ תּיקון דער אַלמי־געשטאַלט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. זײַן זייטיקער וועג אין ניו־יאָרק ווערט אונדז קלאָרער און פֿאַרשטענדלעכער, מיט אַלמיס גאַנצן אינערלעכן פּלאָנטער און פּסיכאָ־פּאַטאַלאָגישן פֿאַרפּלאָנטער.

אַ וויכטיקער בײַטראָג איז אויך די לענגערע עסיי וועגן אונדזער אייגענעם יונג־פֿאַרשטאָרבענעם „לערמאָנטאָוו" — לייב ניידוס. ווען נישט אַברהם זאַק, וואָס איז געווען ניידוסעס נאָענטער חבר, וואָלט מען זייער ווייניק געוווּסט וועגן דעם קורצן לעבנס־וועג פֿון דעם מוזיצירנדיקן פּאָעט לייב ניידוס. ס'איז אָקאָרשט דערשינען אַן ענגלישע אַנטאָלאָגיע פֿון איבערגעזעצטע ייִדישע לידער. די איבערזעצערין און אָפּקלײַבערין איז שוין אַן אַמעריקאַנער ייִדישע פֿרוי פֿון דריטן דור אין לאַנד. איר אַנטאָלאָגיע איז אַ ריין פּערזענלעכע. זי האָט אין איר זאַמלונג געבראַכט בלויז פּערצן ייִדישע פּאָעטן — האָט גראָד זי געטראָפֿן, צווישן די אָפּגעקליבענע פּערצן, צו לייב ניידוסן. די אַנטאָלאָגיסטין הייסט — רוט וויטמאַן.

ווי אַזוי און פאַר וואָס זי האָט אויסגעפונען ניידוסן פאַר אַן אינדיווידואַליסטיש־באַגרענעצטער אַנטאָלאָגיע, איז מיר נישט קלאָר, אָבער אַזוי זיינען די געהיימע וועגן פון תיקון, וואָס שרייבערס קריגן אַ מאָל, ווען ס׳דאַכט זיך אַז זייער אומשטאַרבלעכ־קייט איז פאַרגעסן געוואָרן אויף אייביק.

אָבער אמתן אויפלעב קריגט דער יונג־פאַרשניטענער לייב ניידוס אין אַברהם זאַקס עסיי — דערמאָנונג. זאַק לעבט פאַר אונדז אויף אין די עטלעכע און צוואַנציק זייטן דאָס געשטאַלט פון דעם יונגן און ראַפינירטן ליריקער, צוזאַמען מיט דעם גאַנצן קלימאַט, וואָס אין אים האָט ניידוס געלעבט ווי אַן אויסגעחלומטער פּאָעט, פון בריי־טערע ליטעראַטורן. ניידוס האָט פאַרמאָגט אַן אינערלעכע נאַטירלעכע און קולטיווירטע שייכות מיט די דאָזיקע פּאָעזיעס און זייערע גרויסע פּאָעטישע פּערזענלעכקייטן.

אַברהם זאַק דערציילט וועגן ניידוסן און שאַפט אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכ־קייט, וואָס געזאַנג איז געווען זיין הויפּט־מתנה, וואָס ער האָט געשענקט דעם יידישן ליד. אַפילו די ציטאַטן פון ניידוסעס לידער, וואָס זאַק ברענגט, רופן־אַרויס נייגער צו ניידוסן. אַזאַ פערז ווי:

עס גייען פון צפון לאַנגזאַמע קעלטן.
ליג רויק, ערד, אין די אָרעמס ביי מיר;
אַזוי ליגן אַרומגענומען צווי מידע וועלטן,
צווי פאַרלאָשענע חלומות פאַרן ווינטערס טיר.

רופט־אַרויס אַ פרישן אינטערעס צום פערזמייסטער לייב ניידוס און צו זיין שאַרפער אָריגינעלער בילדלעכקייט.

ווען ס׳קומט צו געבן אַ חבר וואָס אים קומט — שענקט אים זאַק פולע זשמע־ניעס אָנערקענונג און גוטסקייט. אָבער צוזאַמען מיט פריינדשאַפטלעכע און פאַרגעב־לעכע איבערטרייבונגען רייסן זיך אַרויס ביי זאַקן אינטימע אַריינבליקן אין אַזעלכע ווינקעלעך, וואָס מען פאַרשווייגט געוויינטלעך און מען פאַרגיסט עס מיט לויב. לויבנ־דיק שטאַרק שלום אַשן באַהאַלט נישט זאַק אַשס גאַווהדיקייט, זיין נישט וועלן דער־קענען אַ יינגערן שרייבער — „וויפל מאָל מ׳זאָל זיך נישט האָבן מיט אים באַקענט״.

די זכרונות־פּאָרטרעטן פון רייזענען, נאָמבערגן, אַשן, סעגאַלאָוויטשן, זיינען פון די געדענקלעכסטע אין בוך. די מאַנגער־עסיי וואָלט געווען אַ סך פולער, ווען זאַק וואָלט אַ ביסל באַשאָטנט דעם פּאָרטרעט מיט די פּערזענלעכע שטריכן פון דעם פּאָעט וואָס איז געקומען פון רומעניע קיין וואַרשע און גענומען לערנען בלק מיט אַלעמען און ווייזן ווי „באָהעמיש״ אַ פּאָעט דאַרף זיך באַציען צו חברים.

דאָס בוך „אין קיניגרייך פון יידישן וואָרט״ איז בלי ספק אַ בייטראָג צו אונ־דזער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז אַזוי אָרעם אין שרייבער־מאָנאָגראַפיעס. זאַקס בוך וועט זיכער דינען אַ לאַנגע צייט ווי אַ דערמאָנונג, אַז די רייכע געשטאַלטן־גאַ־לעריע פון דער יידישער ליטעראַטור וואַרט אויף אַ גרויסער אַרומנעמענדיקער געשיכ־טע פון פאַרגאַנגענע און פאַרגייענדיקע תקופות.

ABRAHAM ZAK



# HUBO UNA POLONIA JUDIA

(ENSAYOS Y RECUERDOS)

Editado por la
ASOCIACION ISRAELITA DE SOBREVIVIENTES
Buenos Aires - 1968